ו. ווינישענקאָ

# ערליך צו זיך אליין

ЧЕСТНОСТЬ СЪ СОБОЙ

איבערזעצט פון רוסיש
פון
צ. סארין



פ א ר ל א ג
מאַקס יאנקאָוויץ, 179 איסט בראָדוויי
ניו־יארק.

# I.

ווערא האט שטארק פארביסן די הינטערשטע ליפ און איז גלייך אנטשוויגן געווארן. מיט די צוזאמענגערוקטע ברעמען, מיט וועלכע עס האבן זיך צוזאמענגעגאסן די שווארצע בייזע שווארצאפלען פון איהרע אויגען, האט זי אויסגעזעהן אזוי ווי זי וואלט עפעס איבערווארטען אין זיך.

מיראן האט געגריבלט. פון רויך האט ער פארשנורעוועט דאס לינקע אויג; דערביי האט ער מיט ביידע הענט געדרעהט די וואנצען ארויף צו די אויגען. נאר די זשאווער קאלירטע וואנצען, ווי געמאכט פון א פערדישען עק האבן זיך ניט אונטערגעגעבן זיין מיה און עקשנות'דיג געשטעקט לויט זייער אייגענעם אויסוואל.

זענט איהר, הייסט עס, מסכים? — האט זיך ווערא, פלוצלינג מיט גרייס אימפעט געווענדעט צו איהם.

מיראן האט פארכאפט עטליכע הערעלאך פון די וואנצען, האט זיי א ציה געטאן ארויף צו די אויגען, האט אנגעבלאזען די באקען און געענטפערט:

— איך בין מ־ס־כ־י־ם...

ער האט לויט זיין געוואוינהייט צוצויגען די לעצטע זילבען, ווי ער וואלט זיי ארויס זינגען.

— איהר זענט מסכים?! מיט דעם אלעמען און... אפילו דערמיט, וואס ער האט זיך אנגעשטעקט? יא?

— יא־א, אפילו דערמיט אוי־אויך.

ווערא האט פון איהם קיין אויג ניט אראפגענומען.

— אויב דער שנעק וועט איינגאנצען איבערגעפיהרט ווערען. וועט דאס אייך זיין זעהר אנגענעם? יא?

מיראן האט פלינק א בליק געטאן אויף ווערא. איבער איהר געזיכט איז שוין אומגעלאפען יענע באקאנטע, נערוועזע שטראמעלע

וואס האט זיך געטראגען פון די שלייפען צו די ליפען. ווערא האט יעדעס מאל פארביסען איהרע שעהנע דינע ליפען. ווי זי וואלט וועלען פארהאלטען אט דעם נערוועזען שטראמעל וואס האט איהר דער־עסען ווי א בייזע פליג.

— וואס־זשע שווייגט איהר? יא?

מיראן האט אויפגעהערט דרעהען די וואנצען, וועלכע האבען זיך צוריק אויסגעגלייכט ווי שפרונשינעס און זענען צופאלען אין אלע זייטען. ער האט ארויסגענומען דעם פאפיראס פון מויל און מיט גיינעריגקייט א קוק געטאן אויף וועראן. ווערא האט אנגעשטרענגט געווארט.

— נו, לאמי־ר זאגען, יא־א... נאר, אייגענטליך, איז מיר גיט קלאר, וואס פארדריסט אייך. איהר האט א ברודער׳ל. אייער ברוד־דער׳ל איז געגאנגען אין א שאנד־הויז, אבער אזוי ווי די שאנד־הייזער זענען פול מיט קראנקהייטען האט ער זיך אנגעשטעקט. וואס־זשע, אייגענטליך, פארדריסט אייך; דאס וואס עס זענען דא הייזער, צי דאס וואס זיי זענען פול מיט קראנקהייטען? אבער גאר דאס, וואס אייער ברודער׳ל האט זיך אנגעשטעקט?

אין אפענעם פענסטער האבען זיך צוזאמען מיט׳ן פייכטען הערבסט־ווינט איילענדיג און אין אומארדנונג ארייגעריסען כוואליעס פון שטאטישען געטומעל; אקוראט ווי זיי וואלטען זיך ראטעווען פון אימיצען, וואס יאגט זיך נאך זיי בייז, דארטען, אין דרויסען.

פון ווערא׳ס שלייף האט זיך אפגעטיילט א מאט־שווארצער לאק, וועלכער האט זיך מאכטלאז און פויל געריסען ערגעץ אן א זייט. ווערא האט מיט איהר בלאסער און דינער, שוין אביסעל צו דינער האנט, צושטרייט פארשארט דעם לאק הינטערן אויער, אבער די האר זענען אלץ צוריקגעפאלען.

מיראן האט געווארט.

ווערא האט זיך האסטיג אויפגעהויבען. דאס נערוועזע שטרא־מעלע איז זעהר שנעל און קענטיג אומגעלאפען איבער׳ן פנים, אזוי ווי אימיצער וואלט אונטער דער הויט געצופט פעדימלאך.

— איך וויל מיט אייך מעהר ניט ריידען! ווירקליך מיט אזא סוביעקט ווי איהר, דארף מען גאר אנדערש ריידען. איצט זעה איך

דאס קלאר... קלאר! אויב איך האב אמאל אנדערש געדענקט וועגען אייך, דענק איך איצט ניט אזוי... אלע אייערע אידעען, אדער „פרע־דיגט" איז ניט מעהר ווי א באוואוסטזיניגער ליגען אום רעכטצו־פערטיגען אייער אייגענע נידערטרעכטיגקייט און מיאוס'קייט... יא מיאוסקייט.

מיראן האט א קוק געטאן אויפ'ן זייגער. האלב נאך פיער.

— איך געה באלד אוועק, איהר קענט באהאלטען אייער זייגער. בלויז נאך איין ווארט. הערט זיך איין. לאזט דאראן צורוה. איהר הערט? זוכט עמיצען פאר אייער הארעם אין אן אנדער פלאץ. זי באמערקט אייך ניט. און אויב זי באמערקט אייערע פארלאנגען, לאכט זי זיך בלויז אויס פון זיי...

— פאר וואס זשע רע־ע־עגט איהר זיך אזוי אויף? — האט זיך מיראן צולאכט.

איך הויב זיך אפילו ניט אן אויפצורעגען! אייער געלעכטער איז גאר ניט אם פלאץ. דארא — איז סערגעים פרוי. פארשטעהט איהר, זיין פרוי און ניט קיין געליעבטע.

— געזעצליכע... — האט צוגעגעבען מיראן.

— יא, א געזעצליכע. סערגעי — איז מיין ברודער און פאר א ברודער קען איך טאן א סך. דאס באאומרוהיגט איהם און צווינגט איהם עטוואס צו איבערדענקען, און דאס איז שוין א באליידיגונג... דער געדאנק בלויז באליידיגט אי איהם, אי דאראן. פארשטעהט איהר? אויב איהר האט ניט, ניט קיין עהרליכקייט און ניט קיין פאמיליע, האבען דאס אבער אנדערע יא, און וועלען ניט ערלויבען יעדען איינעם צו קריכען... מיט שמוציגע לאפעס... אויסער דעם... איך בעט אייך צו הערען אויפמערקזאם!

— איך הע־ער...

— יא, אויב איהר וועט ווען עס איז נאר וואגען מיר אדער אימיצען אנדערש צו דערצעהלען וועגען אונזערע באציהונגען אין דער שטאט א..., ווען איך בין נאך געוועזען אזוי נאריש, אז איך האב אייך געגלויבט, אויב איהר וועט נאר אפילו וואגען צו טראכטען פאר זיך... יא, יא, אפילו בלויז טראכטען! און דערפאר זאג איך אייך, אז אויב איהר וועט נאר וואגען ווענען עס איז צו דערצעהלען, אדער

אפילו בלויז טראכטען, אז צווישען אונז זענען פאראן וואסערע ניט איז באציהונגען, אז איך האב אייך האפנונגסלאז ליעב, וועל איך אייך פאר אלעמען אין די אויגען דערלאנגען אזא פאטש אין פנים, אז איך וועט ווירקליך, ווערען אומאנגענעם. איהר הערט?

זי איז געווארען אליץ בלאסער און בלאסער. מיראן האט אנ־געשטעלט אויף איהר זיינע גרינלאכע, קליינע אויגען און זי אנגע־קוקט מיט גרויס נייגעריגקייט. איינע פון זיינע וואנצען איז אראפגע־האנגען, די צווייטע איז געווען פאררייסען. דאס לאנג ניט געגא־לענע, גרוי־טונקעל געזיכט האט אויסגעדריקט עמוואס ענליכעס צו א לייכטען שפאס אדער מיטגעפיהל.

— איצט האב איך אייך דערקענט אינגאנצען, ביז׳ן סוף פאר־שטאנען! פריהער האב איך ניט איינגעשטימט, נאר איצט זעה איך, אז איהר זענט בלויז א פארדארבענער מענש, א געשלעכטס־העלד, און אויסגעלאסענער מענש. דערפאר ציהט דאס אזוי די פרויען צו אייך. איהר דענקט, אז עס ציהט זיי צו אייער אומגעלומפערטע פיזיאנאמיע אדער צו די קעצעשע אויגען? חא! דאס איז אייך אומ־אנגענעם? יא, איהר זענט ניט שעהן, גנעדיגער הער! סיי פיזיש און נאך מעהר מאראליש. און טאקע אט די מאראלישע אומגעלומ־פערטקייט, אט די העסליכקייט אייערע זענען עס אזוי אנציהענד פאר די נארישע פרויען. נארישע אידיאטקעס... דאס איז אימער אזוי געווען און...

עס האט זיך דערהערט א קלונג. מיראן איז לאנגזאם אויפגע־שטאנען און געזאגט:

— אונזער אינטערעסאנטער געשפרעך רייסט זיך איבער. אויב איהר ווילט...

— איך וויל גארניט! איך וויל אייך בלויז זאגען...

מען האט ווידער אנגעקלונגען. מיראן איז פלינק ארויס אין פארצימער.

עס איז געקומען דארא מיט עפעס א יונגענמאן. ער איז געווען נידעריגער פון מיראנען, ניט אזוי פעסט געבויט און אביסעל איינ־געהויקערט. אנגעטאן איז ער געווען אין אלטינקע הויזען, וועלכע ער האט, ווי עס ווייזט אויס, געטראגען אויף די שטיוועל, דערפאר הא־

בען זיינע פיס אויסגעזעהן פון הינטען דיקער ווי פון אויבען. א קור־צינק רעקעל איבערן שווארצען העמדעל מיט א מאָדנער היטעל אהן א מאַנטעל — האָבען פארענדיגט זיין קאסטיום.

— מיר, זענען בלויז אויף א ווייליגקע. — האָט געזאָגט דאָרא, אריינקומענדיג אין צימער. און דו ביזט אויך דאָ! — האָט זי א זאָג געטאָן צו וועראָן. — אָט דער חבר וויל זיך באַקאַנען מיט אייך און אייך עפּעס בעטען. באקענט זיך... חבר טאראס... און חבר מיראָן...

זי האָט גערעדט טרוקען, ניט קוקענדיג אויף מיראָנען.

— דאָס זענט איהר, טאראס? — האָט מיראָן מיט אינטערעס א קוק געטאָן אויפ'ן יונגענמאַן און דערלאַנגט איהם די האַנט. יענער האָט עפּעס ארויסגעברומט און אומגעשיקט געדריקט די האַנט.

זיין געזיכט האָט, איבעריגענס, ניט געהאַט קיין באַזונדערען אויסדרוק: — פארשעמט, געלבליך־בלאַס, באדעקט מיט פעטס און מיט קליינע שווארצע פּריסטשעס; אויגען האָט ער געהאַט פארגאָ־סענע, אומרוהיגע, אָט ווי זיי וואלטען זיך פיהלען ניט זיכער אין די טיפע אויגען־גריבער. דער איין און איינציגער אינטערעסאַנטער שטריך אין זיין געזיכט, איז געווען דאָס מויל מיט דער מאָרדע. דאָס מויל א גלייכס און טרוקענס, אזוי ווי עס וואָלט אהן חכמות, נאָר מיט זיכערהייט אויסגעגעבערט געוואָרען אויפ'ן פּנים, האָט אויס־געדריקט עטוואָס ניט גאָר קיין געוועהנליכעס. דערויף האָט אויך עדות געזאָגט די מאָרדע, וועלכע איז געווען, ווי מיט א האַק, אָפּגע־האַקט, עקשנות'דיג און באַוועגלאָז.

ווען טאראס האָט אראָפּגענומען פון קאָפּ זיין געקעסטעלטע הי־טעל מיט איהר אויסערגעוועהנליך לאַנגען לאַקירטען קאַזיראָק, איז זיין געזיכט אזוי ווי לענגער געוואָרען, און האָט אויסגעזעהען ווי ווייניגער פארצאָרענט.

גאָרניט זאָגענדיג מיראָנען האָט ער זיך גלייך אָפּגעקערעוועט און איז צוגעגאַנגען צום וואַנט, וואו ער האָט זיך גענומען באַטראַכ־טען די צייכנונגען און עטיודען, וועלכע זענען דאָרטען געהאַנגען, אזוי ווי בלויז צוליב דעם וואָלט ער אהער געקומען. לעבען בעט איז

געשטאַנען אַ מאַל־ברעט פאַרדעקט מיט אַ לײלאַך. מיראַן האָט גע־
קוקט אויף טאַראַסען און אויפ׳ן מאַל־ברעט.

איהר זענט אַ קינסטלער? — האָט טאַראַס ניט אויסקערעווענ־
דיג זיך, שאַרף אַ פרעג געטאָן, מיט׳ן טאָן פון אַ מענשען, וואָס
פילט זיך אין אַ פאַרלעגענהייט און איז בייז אויף זיך דערפאַר, און וויל
דאָס ניט אַרויסווייזען.

— ניין ניט קיין קינסט־לער — האָט אויסגעצויגען מיראַן.

דראָ מיט וועראַן האָבען זיך וועגען עפּעס געשושקעט.

טאַראַס האָט זיך מיט אַמאָל אָפּגעקערעוועט, ער איז צוגעגאַנגען
צום דיוואַן, האָט זיך אַוועקגעזעצט און האָט ניט קוקענדיג אויף קיי־
נעם גענומען רעדען:

— איך... דאָס... איך בין געקומען צו אייך צוליב אַן עניין...
איך מיין אפילו ניט קיין עניין, נאָר פּשוט... נו, מיט איין וואָרט...
איך וויל, אַז איהר זאָלט מיך באַקאַנען מיט די אַנאַרכיסטען... דאַריאַ
מיכאַילאָוונאַ... חבר דאַראָ (ער האָט פאַרשעמט אַ שמייכעל געטאָן און
זיך גלייך אַנגעכמורעט) האָט מיר געזאָגט, אַז איהר מוזט האָבען פאַר־
בינדונגען... וואָלט איך וועלען... אויב איהר קאָנט...

ער האָט נערוועז אַ פּיהר געטאָן מיט׳ן קאָפּ און האָט אומרוהיג
ניט קוקענדיג אויף קײנעם זיך פאַרקוקט אויפ׳ן צימער. דערנאָך
האָט ער אויפגעהויבען די האַנט און האָט אויסגעווישט דעם שטערען...
אין צימער איז געווען גאַנץ קיהל.

מיראַן האָט מיט דעם זעלבען פוילען אָדער שפּאַטישען שמייכעל
געקוקט אויף טאַראַס׳ן און געצויגען איין וואַנץ אַרויף. עס האָט
זיך גערוכט, אַז זיינע אויגען האָבען, ווי אימער, אויפגעכאַפּט יעדע
באַוועגונג און יעדען קלאַנג, האָבען זיי אַריינגענומען אין זיך און
גלייך דאָ אויפ׳ן פּלאַץ זיי צושניטען און באַטראַכט. זיינע לעבעדיגע
קלאָרע און שטאַרקע אויגען האָבען וואונדערבאַר האַרמאָנירט מיט
זיין פוילען נאָכלעסיגען שמייכעל און מיט זיינע לאַנגזאַמע באַווע־
גונגען.

מיט אַנאַר־כי־סטען! האָט ער אַ ציה געטאָן אַרויף די צווייטע
וואַנץ. איך קען...

וועלכע ווילט איהר: די איבערמאכער, די רעגירונגסלאַזע, די קאמוניסטען אדער אינדיווידואליסטען?

טאראס האט פלינק אפגעשטעלט אויף איהם זיין בליק און ווי־דער גענומען אומלויפען מיט די אויגען.

— זעהט איהר... — ער האט אנגעשטרענגט גענומען קנייטשען זיין היטעל, אט ווי ער וואלט זיך פיהלען אין אלץ א גרעסערער און גרעסערער פארלעגענהייט. — מיר וואלט זיך וועלען באקאנגען מיט אזוינע, וואס לייקענען... דאס גייסטיגע, דאס הייסט...די נשמה... כ׳מיין, פארשטעהט איהר ,מיט די מאטעריאליסטען...

ווערא האט זיך איינגעבויגען צו דאראן און האט איהר עפעס אריינגערוימט אין אויער, שמייכלענדיג. דארא האט גארניט געענט־פערט. אויפמערקזאם און שטרענג האט זי א קוק געטאן מיט איהרע ריינע טונקעל־קארע אויגען אויף טאראס׳ן.

— זיי זענען אלע גרויסע מאטעריאליסטען, — האט געזאגט מיראן.

טאראס האט זיך א צאפעל געטאן.

— נו, ניין! א, ניין! איך ווייס. ביי אונז אין טורמע זענען געווען אזוינע, וואס לייקענען טאקע... דאס מאטעריעלע... פאלשטענ־דיג לייקענען זיי דאס... די נשמה בלויז...

פלוצלינג האט ער א שפאטיש־בייזען שמייכעל געטאן און פלינק א קוק געטאן אין ווערא׳ס זייט.

מיראן האט באמערקט אט דעם בליק.

— גו־וט... איך ק־ע־ן.... איהר דארפט דאס שנעל?

— יא, איך וואלט וועלען וואס גיכער. איך זוך שוין די באַ־קאנטשאפט פון ערשטען טאג וואס איך בין ארויס פון טיורמע. און עפעס אזוי א גאנצע וואך... ווילט זיך מיר שליכטען א פראגע... מען האט מיר געזאגט, אז איהר האט אלערליי באקאנטשאפטען...

— יא־א, כ׳האב אביסעל... איך אליין בין דא אין שטאדט ערשט א פאר מאנאטען, אבער, עס וועלען זיך געפינען ביי מיר וועלכע ניט אין פארבינדונגען מיט די אנארכיסטען...

— זיכער! ! — האט ווערא פלוצלינג געזאגט אין דער הויך.

— טאראס, אויב איהר וועט דארפען פארבינדונגען מיט גנבים, שאר־

לאטאנעס און פראסטומוטקעס, טא, ווענדט זיך גלייך... און מיט אמאל איז זי שטארק רויט געווארען און איז אנטשוויגען געווארען.

דארא האט זיך האסטיג אויסגעדרעהט צו איהר, נאך דערזעענדיג איהר פארלעגענהייט, איז זי אויפגעשטאנען און איז צוגעגאנגען צום פענסטער און גענומען קלאפען מיט די פינגער אין טיש.

אפילו, טאראס, וועלכער האט צו ערשט גארניט פארשטאנען, האט זיך פלוצלונג פארשעמט און איז אויך, אליין ניט וויסענדיג פאר וואס, אויפגעשטאנען.

איין מיראן איז געבליבען רוהיג. און געדוכט האט זיך, אז דאס וואס עס האט ארויסגערופען די אלגעמיינע פארלעגענהייט איז געזאגט געווארען ניט וועגען איהם, נאר וועגען אימיצען אנדערש, וועמען מיראן קען אינגאנצען ניט. נאר דאס געזאגטע איז פאר איהם פארשטענדליך.

— ענטשולדיגט! — האט זיך ווערא א ריס געטאן פון ארט. זי איז צוגעלאפען צו איהם און האט מיט געבעט אנגעכאפט זיין האנט—איך פארזיכער אייך כ'האב גאר ניט געוואלט, איך האב גאר ניט געדענקט... איך...

מיראן האט זיך צולאכט.

— נו, וואס־אס נאך! איהר האט דאך גאר קיין שלעכטס ניט געזאגט... גאנץ געווים: גנבים און שארלאטאנעס... זענען זעהר געעהרטע פערזאנען... און מיין אייגענע שוועסטער איז א פראסטיטוטקע...

— אבער איהר דענקט ניט, אז איך האב דאס געזאגט אומיסטען, מיט א צוועק? איהר דענקט עס ניט?

— אויף מיין ווארט, איך דענק ניט... באליידיגען, האט איהר זיכער געוואלט, אבער ניט אזוי... און דאס איז ניט וויכטיג...

ווי נאר ווערא האט זיך א ריס געטאן פון ביינקעל, אזוי האט זיך דארא אויסגעדרעהט, און זיך אנשפארענדיג אן טיש מיט איהר גרויסען שלאנקען קערפער האט זי גענומען דורכדרינגענד קוקען מיראנען אין פנים אריין: זי האט געקוקט אויף איהם שארף, אויספרואווענדיג און שטרענג.

— אבער איך זאג זיך ניט אפ פון מיינע ווערטער! — האט

זיך ווערא ווידער ביין א צאפּעל געטאן. — איך ווידערהאָל, אז איהר האט באקאנטע, און אפילו גוטע ברידער צווישען גנבים...

— יא־א, אפילו גוטע ברידער, — האט צוגעשטימט מיראן און האט זיך אויסגעדרעהט צו טאראסען; — אויב איהר דארפט, קען איך אייך באקאנען... האט איהר דען פון טיורמע ניט געקענט נעהמען קיין אדרעס צו די אנארכיסטען?

— ניין, איך האב זיך געקריגט מיט זיי, זיי וואלטען מיר ניט געבען. — האט פארצארענט ארויסגעברומט טאראס, וועלכער האט פון אונטערן שטערן און אהן צוטרויען געקוקט אויף מיראנען, די גאנצע צייט וואס יענער האט געשמועסט מיט וועראן.

— איך בין דאך ניט קיין אינטעליגענט. — האט ער ערקלערט; איבעריגענס, ווייסט איהר דאס, דאכט זיך... איהר זענט באקאנט מיט מיין שוועסטער... אליא, א זאקענמאכערין.

— איך וויים, זי האט מיר א סך דערצעהלט וועגען אייך...

טאראס האט מאדנע אנגעשטעלט אויף איהם די אויגען און האט ווידער אויסגעווישט דעם שטערן.

— צום ווידערזעהען, איך געה אוועק! האט זיך ווערא פלוצלינג א ריס געטאן צום טיר.

מיראן האט גאר ניט געזאגט, נאר בלויז א קוק געטאן אויף איהר.

—ווארט צו, וועלען מיר געהן צוזאמען, האט דארא א זאג גע־טאן, אבער אהן א באזונדערער לעבעדיגקייט.

— ניין איך קען ניט... צום ווידערזעהן!

זי איז איילענדיג ארוים פון צימער, נערוועז פלאנטערענדיג זיך אין איהרע אייגענע פיס. מיראן האט מיט א קוים באמערקבארען שמייכעל באגלייט מיט די אויגען איהר קליין געשטאלט מיט דער לאנגער טאליע און שווערען בינטעל שווארצע האר אויף דער פּאַ־טילניצע. דערנאך האט ער זיך געווענדט צו טאראס'ן.

— ג־ו־ט... איך וועל דאס איינארדנען פאר אייך. אבער זעצט זיך, וואס שטעהט איהר... זעצט זיך, חבר ד־א־ר־א...

דארא איז אביסעל אפּגעטראָטען פון טיש.

— ניין מיר וועלן אויך באלד געהן. איך דארף אייך בלויז זאגען עטליכע ווערטער.

— איך ה־ע־ר...

פון אונטערן ברודיג בלייענעם וואלקען וואס האט זיך אזוי שווער אנגעהאנגען איבערן הארייזאנט האבען זיך פלוצלינג באפרייט עטליכע זונען שטראהלען, וועלכע האבען מיט גרויס אימפעט א קלאפ געטאן אין פענסטער, און האבען פארגאסען די וואנט, מאראס'ן און דארא'ס טונקעל־גאלדענע האר מיט א געלען־פאמעראנצען קאליר. דארא האט זיך האסטיג אויסגעקערעוועט און קוים־קוים א שמייכעל געטאן. און איהר געזיכט מיט זיין צאדטער קינדערשער אפגעקיילעכדיגקייט איז גלייך אן אנדער געווארען; צי פון שמייכעל, צי פון די שטראלען איז איהר פנים געווארען אזוי צארט און ליכטיג. געוועהנליך, האבען איהרע אויגען מיט דעם פארוואונדערטען אויסבויג פון איהרע ברעמען געהאט א צו קלוגען און אויפמערקזאמען בליק. איהר צארטקייט פלעגט זיך געוועהנליך באהאלטען אין דעם שטיפערישען אויסבויג פון די ליפען, וועלכע זענען געווען אזוי פריש און אומשולדיג ווי ביי א קינד. אבער איצט האט זיך צוזאמען מיט'ן שמייכעל די צארטקייט איהרע צוגאסען איבער'ן גאנצען געזיכט, וואס האט זיך אינגאנצען באלויכטען מיט א צערטליכער ווארעמקייט.

— איך הער דא־א־רא.

זי האט זיך אויסגעדרעהט צו מיראנען.

— ווי עס שטיפט דער שטראל, האט זי א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ אויף צוריק... און פלוצלינג זיך אנכמורענדיג האט זי געזאגט:

— יא איז אט וואס איך האב אייך געוואלט זאגען...

— ענטשולדיגט, איך בעט אייך... — האט מאראס איהר איבער־געשלאגען די רייד, זיך אויפהויבענדיג און ווענדענדיג זיך צו מיראנען: — איהר וועט גארנים האבען דאגעגען אויב איך וועל פאר־מאכען דעם פענסטער, דארטען אין גאס איז א טומעל... עס איז מיר שווער, איך טראג דאס ניט אריבער, עס שלאגט מיר זעהר אין די אוי־ערען און איך רעג זיך אויף... צי איהר דארפט דאס פאר לופט?

— ניין, פארמאכט, איך בעט אייך...

— זיצט, איך וועל פארמאכען, — האט געזאגט דארא. זי האט זיך איבערגעבויגען איבערן טיש און האט פארהאקט דעם פענס־טער.

— א דאנק... — האט, ווי א שולדיגער געזאגט טאראס, און האט פארטגעזעצט זיך ווענדענדיג צו מיראנען: — דאס איז לעכער־ליך. אמת? א פריצה'שע קראנקהייט... אבער איך קען ניט... דער טומעל מעהר פון אלעס... דאס באומרוהיגט מיך אימער זעהר...

— די נערווען?

— יא, יא! — האט מיט א דאנקבארער לעבעדיגקייט אונטער־געכאפט טאראס... דאס איז זעהר... די נערווען... דערפאר פיל איך זיך אימער אין אזא פארלעגענהייט, ווייל די נערווען... ווארשיינליך, באמערקט איהר ווי איך שעהם זיך און האלט זיך נאריש?

מיראן האט זיך צולאכט.

— איהר דענקט אליין, אז איהר האלט זיך נאריש אדער עס דוכט זיך אייך, אז מיר דענקען אזוי וועגען אייך.

טאראס האט, ווי עס זעהט אויס, ניט געקענט גלייך ענטפערען.

— איך?... זיכער וואלט איך זיך וועלען האלטען ניט אזוי, נאר גאר אנדערש, אבער... איך דענק, אז איהר געפינט מיין האלטונג נאריש, דערפאר דענק איך אויך אזוי...

— נו, דאס איז ניט וויכטיג. זעצט זיך און דענקט אז מיר געפינען אייער האלטונג אלס זעהר און זעהר א קלוגע, אזוי, ווי איהר וועט אליין דענקען אזוי וועט זיין... איך הער אייך, דארא.

טאראס האט א קורצע ווייל פארטגעזעצט צו שמייכלען אין פארלעגענהייט, דערנאך האט ער ווי מיט אמאל איינגעשלונגען דעם שמייכעל, זיך אנגעכמורעט און איינגעבויגען דעם קאפ.

דארא האט אפגעריסען די אויגען פון טאראס'ן.

— איך וויל זאגען... ווערא האט אייך גארניט דערצעהלט וועגען קאליען?

— יא, זי האט דער־צעה־עלט.

— אויך דאס, אז ער איז קראנק?

— דאס אויך...

— הייסט עס, אז איהר ווייסט, אז מען וויל פון אייך פאדערען אן ערקלערונג?

מיראן האט שווייגענדיג מיט א פריילי‌כער פארוואונדערונג אויפ־געהויבען די ברעמען. זיינע הארטע צושויבערטע האר, האבען זיך, ווי עס זעהט אויס, אויך פארוואונדערט, און זייער ארדנונגסלאזיג־קייט איז געווארען באזונדערס באמערקבאר.

—עס זעהט אויס, אז איהר ווייסט ניט.

— דאס איז אינטערעסאנט! — האט אויסגעשריען מיראן. — ערקלערונגען. אבער וועגען וואס, שויז־זשע וועגען קאליען?

דארא האט געקוקט אויף איהם מיט א שטרענגען באאבאכטענ־דען בליק.

— אין אלגעמיין, וועגען אלעס... וועגען אלע אייערע אידעען און אויך וועגען אייער פראפאגאנדע...

טאראס האט אויפגעהויבען דעם קאפ און האט זיך געווענדעט צו מיראנען:

— דאס איז אמת! עס קען זיין... דאס איז א מין ארט זעלבסט איינבילדונג... המ!... דערין זענט איהר טיילוויז גערעכט.

אי מיראן אי דארא האבען מיט פארוואונדערונג א קוק געטאן אויף איהם.

— וועגען וואס רעדט איהר? — האט געפרעגט מיראן.

— וועגען דעם וואס איהר האט געזאגט... אבער, ניט אימער גיט עס זיך איין... ניט אימער... א! ווען מען זאל זיך קענען איינ־בילדען וואס מען וויל!... פלוצלונג באמערקענדיג זייערע פארוואונ־דערטע, דורכדרינגענדיגע בליקען, האט ער זיך פארשעמט, האט ווי שולדיג עפעס ארויסגעברומט און גענומען זוכען די היטעל, וועלכע ער האט די גאנצע צייט געהאלטען אין די הענט און ווילד געקנייטשט. ווען ער האט דאס אויך באמערקט, האט ער זיך אויפגעהויבען או[illegible] גענומען זיך זעגענען.

דאן האט דארא באפוילענדיג און רוהיג איהם אנגענומען פאר'ן האנט העכער פון עלענבויגען, האט איהם צוריק אוועקגעזעצט אויפ'ן דיוואן און געזאגט:

— זעצט זיך און זיצט. איהר פילט הײנט ניט גוט. מיר װעלען באלד געהן צוזאמען.

ער האט זיך געהארכזאם אװעקגעזעצט, האט אויסגעװישט דעם שװײס פון שטערען און אומעטיג צוגעשטימט:

— יא, הײנט פיל איך שלעכט... אט די װאלקענס... װען דער הימעל איז באדעקט מיט אזױנע שװערע װאלקענס איז מיר שרעקליך ניט גוט... שװער, הײס און אט דא — ער האט אנגעװיזען אויף דער הינטערשטער טײל פון ברוסט — דריקט... אבער דאס איז גאר ניט... איהר רעדט, — עס געהט שױן איבער...

דארא האט נאך א װײלע שװײגענדיג געקוקט אויף איהם און האט זיך אויסגעדרעהט צו מיראנען.

— יא... װעגען אלעס...

מיראן, װעלכער האט דורכדרינגענד געקוקט אויף טאראס'ן, האט זיך אויך אפגעקערט. ער האט א שמײכעל געטאן און האט מיט בײדע הענט אויפגעהויבען די װאנצען ארויף.

— דאס איז אינטערעסאנט... אבער װארום עפעס גראד איצט? זײ האבען דאך פריהער אויך געװאוסט אט די אי־דע־ען.

ער האט אנגעבלאזען די באקען און אויפמערקזאם א קוק געטאן אויף דארא'ן.

— זײ זאגען, אז איצט איז דאס דערפאר, װאס אײערע אידעען... װאס איהר הויבט אן פארשפרײטען אײערע אידעען צװישען די אר־בײטער און דער יוגענד... און עס באװײזען זיך רעזולטאטען. אט, למשל, מיט קאליען און... און אויך מיט אנדערע... אין אלגעמײן װיל מען קלאר מאכען די פראגע װעגען דער ארגאניזירונג פון די פראס־טיטוטקעס, דעם פרײען געהן אין די שאנד־הײזער און דאס גלײכען... װען אט דאס אלעס זאל האבען צו טאן בלויז מיט אײך אלײן, װאלט דאס זײ ניט ארען, אבער איהר אגיטירט צװישען די ארבײטער...

— איך באשטעטיג דאס! האט זיך הויך ארויסגעריסען בײ טאראס'ן.

מיראן האט א קוק געטאן אויף איהם, האט גאר ניט געזאגט, און האט זיך אויסגעדרעהט צו דארא'ן.

— דאס איז אינטערעסאנט... און אט דער קא־א־ליא... ער איז

דאס גלאט אזוי זיך געגאנגען אין א שאנד־הויז, אדער מיט פראָ־פּאַגאנדע צוועקען?

— ער זאגט, אז צוליב פארפאגאנדע...

מיראַן האט זיך פרעהליך צולאכט.

— דאס איז ג״ר״ט... איך בין צו־פרי־י־דען...

— און דערמיט וואס ער האט זיך אנגעשטעקט, זענט איהר אויך צופרידען? — האט אומערווארטעט און ניט אויפהויבענדיג דעם קאפ ווידער א ברום געטאן טאראס.

מיראַן האט נאך אמאל אויפמערקזאם א קוק געטאן אויף איהם.

— נו, דאס איז אומאנגענעם... אבער דאס איז ניט אזוי וויכ־טיג... און אזוי, וועט זיין א מש־פ־ט... איך בין צו־פרי־י־דען... דאס איז אינטערעסאנט.

דאראַ האט ניט אראפגענומען פון איהם איהרע שטרענגע, פאר־שענדרע אויגען.

עס האט אויסגעזעהן אז מיראַן איז אויפריכטיג צופרידען. ער האט געשמייכעלט מיט׳ן גאנצען פנים און אין זיינע אויגען האט געשוועבט א פרעהליך שפאטישער אויסדרוק. און ווען ער האט אזוי געשמייכעלט איז זיין געזיכט אינגאנצען איבערגעביטען געווארען — ווייך און פשוט האט עס געצויגען צו זיך מיט א מאדנער קראפט.

און פלוצלינג האט ער אויפגעהויבען די וואנצען אויף ארויף און געזאגט:

— ג״ר״ט... זענט איהר, הייסט עס, געקומען אום מיך צו וואר־נען?

דאראַ האט זיך עמוואס פאררויטעלט.

—יא, אויב איהר ווילט... עס האט זיך מיר געדוכט אז עס איז ניט גוט אנצופאלען אויף א מענשען, ווען ער איז ניט צוגעגרייט דערצו. פאר זיך אליין איז דאס ניט גוט, אט ווי דו זאלסט גנב׳נען... און זיי ווילען מאכען די אטאקע אומערווארטעט... דערפאר דוכט מיר האט ווערא אייך אויך ניט געזאגט. איך האב דערמיט ניט איינגע־שטימט און האב זיי געזאגט אז איך נעהם אויף זיך אייך איבערצוגע־בען די איינלאדונג צו דער זיצונג און שויז דערביי אייך אויך באקאנען מיט דעם צוועק פון דער זיצונג... דאס אלעס.

די זיצונג וועט זיין מארגען. ביי אונז.

— ג־ו־ט... און ווי פילט זיך ק־א־ל־י־א? כ'האב דאך שוין א פאר וואכען קיינעם פון אייך ניט געזעהן.

— קאליא פיהלט ניט שלעכט... ער האט פאריסען די נאז און האט פאר קיין זאך קיין מורא ניט...

— און אייך, ווי עס זעהט אויס, געפעלט דאס ניט?

דארא האט זיך געמאכט ניט הערענדיג, — זי האט זיך אויסגע־דרעהט צו טאראסען און געזאגט:

— מיר געהען? יא?

מיראן האט א לאך געטאן, און טאראס האט זיך גענומען ארומ־זוכען די זאכען; ער האט געפונען די היטעל ביי זיך אין די הענט און איז אויפגעשטאנען.

אבער ארויסגעהן פון צימער האט זיך זיי ניט איינגעגעבען.

עס האט זיך דערהערט א טומעל, ווי מען וואלט אויפשליסען די טיר. עס האבען זיך געהערט אימיצענס טריט אין פארצימער, און די טיר צו מיראנען האט זיך אהן א קלאפּ ברייט צועפענט. אויפ'ן שוועל האט זיך באוויזען מארוסיא, מיראן'ס שוועסטער. דארא האט זי א פאר מאל געזעהן פון וויטענס. טאראס האט זי קיינמאל פריהער ניט געזעהן. אבער יעדער איינער, אפילו ניט וויסענדיג, האט לייכט גע־קענט דערקענען, אז דאס איז מיראן'ס שוועסטער, אזוי עהנליך האבען זיי אויסגעזעהען. דיזעלבע טעמפע געזיכטס־שטריכען, בלויז אביסעל ווייכער ביי מארוסיאן, דיזעלבע ברייטע און הארטע ליפען, דיזעלבע טונקעלע הויט און אויגען, וועלכע זענען ביי מארוסיאן געווען שעהנער און אפענער.

זי האט זיך אפּגעשטעלט אויפן שוועל, האט אלעמען באטראכט מיט א מאדנעם פלינקען בליק. פלוצלינג האט זי מיט א פארשייטען זשעסט אראפּגעווארפען די הוט אויף צוריק און האט אריינגעשפאנט אין צימער. אנגעטאן איז זי געווען באשיידען און אפילו מיט גע־שמאק. איהר שעהן, פעסט געבויט, קוים פלאטשיג געשטאלט האט זיך געוויגט, די אויגען האבען שטארק געפינקעלט און דאס גע־זיכט איז געווען פאררויטעלט.

דארא, וועלכע איז שוין אוועקגעגאנגען פון טיש, האט זיך אומ־

געקערט צוריק און האט ווי פריהער זיך אנגעשפארט אין איהם. ווי זי וואלט זיך צוגעגרייט עפעס בייצואוואוינען.

דער שטראל אויפ'ן וואנט איז שוין פון לאנג אויסגעגאנגען, און די דעמערונג איז ארויסגעקראכען פון אלע ווינקעלאך.

טאראס האט זיך אויך אומגעקערט צום דיוואן.

— א! מארוסיא! — האט פרעהליך געזאגט מיראן — און איך ווארט שוין אויף דיר פון נעכטען אוועגד... אבער די טיר דארף מען פארמאכען...

מארוסיא האט געהארכזאם פארמאכט די טיר און האט זיך א לאז געטאן גלייך צו דאראן. זי האט זיך אפגעשטעלט ניט ווייט פון איהר, האט א לאך געטאן, האט א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ צו מי־ראנען און האט אנגעהויבען.

— ער ווארט... — און שוין.

— וואס מאכט איהר? דאס איז אייער פריינד? — האט זי אנגעוויזען מיט א נייג פון קאפ אויף טאראסען, — נו, און וואס מאכט איהר? וואס האט איהר זיך פארשעמט? איך האב זיך פאר־הוליעט. ראנקא... און בין ניט געקומען אהיים נעכטיגען.

— איך ז־ע־ה־ע... — האט א שמייכעל געטאן מיראן.

אי דארא, אי טאראס האבען איהם אויפמערקזאם באאבאכטעט פון דעם מאמענט אן, וואס מארוסיא איז אריינגעקומען.

— דו זעהסט? און אויב דו זעהסט, טא פרעה זיך... ווארום זעצען זיך ניט דיינע געסט? שיק נאך א פלעשעל בראנפען און פאר־בייסען... איהר וועט אויסטרינקען, — האט זי זיך אויסגעדרעהט צו דארא'ן.

— ניין, איך טרינק ניט, — האט דארא רוהיג א שמייכעל גע־טאן.

— אמת, די לייטישע טרינקען ניט, — האט מארוסיא שפאטיש צוגעשטימט, און האט זיך ברייטליך אוועקגעזעצט אויפ'ן דיוואן און האט אויסגעצויגען די פיס, אויף וועלכע זי האט געטראגען שיך מיט לאקירטע נעזן.

— איך האב זיך שרעקליך אויסגעמאטערט... זעצט זיך, וואס שטעהט איהר? — האט זי א ציה געטאן טאראסען פארן ארבעל

און איהם געצוואונגען זיך אוועקצוזעצען אויפן דיוואן לעבען איהר. טאראס האט אין פארלעגענהייט געשמייכעלט.

— ווייסטו מיט וועמען איך האב פארבראכט? — האט זי זיך פלוצלינג נאכלעסיג געווענדעט צו מיראנען.

— ניין, איך ווייס ניט...

ער האט ביידע וואנצען געשלעפט אויף אראפ און האט פאר־גלייכט, וועלכע פון די צוויי איז לענגער.

מארוסיא האט אויף איין אויגענבליק אנגעשטעלט אויף איהם די אויגען און האט מאָדנע לאכענדיג פארטגעזעצט:

— מיט דיין גוטען ברודער... יערמאלקינען. צוויי און צוואנציג רובעל פארהוליעט ביי פעטרושענקא'ן, דערנאך האבען מיר זיך נאך געשיפט אויף א שיפעל... שפעטער בין איך אוועק צו איהם שלא־פען... און טאקע פארדינט ביי איהם 10 רובעל...

מיראן איז פלינק דורכגעלאפען מיט די אויגען איבער דאראן מיט טאראסען. טאראס איז געווען אין א פארלעגענהייט, און דארא האט קיין אויג ניט אראפגענומען פון מיראנען.

— אפשר גלויבסטו ניט? — ווילסט, וועל איך דיר ווייזען?

— ניין, איך גלויב...

— דו גלויבסט? הא! נו, גוט... יערמאלקינען קענט איהר? — האט זי זיך פלוצלינג אויסגעקערעוועט צו דאראן.

דארא האט א קוק געטאן אויף איהר און שטיל געענטפערט:

— ניין, איך קען איהם ניט.

— וואס, יערמאלקינען קענט איהר ניט? — ער איז דאך פון אייערע! א סיציליסט!

מיראן האט מיט א שמייכעל א קוק געטאן אויף דער שוועסטער. זי האט געקענט ריכטיג ארויסרעדען דאסווארט. אין אלגעמיין האט זי גערעדט גוט סיי רוסיש, סיי אוקראאיניש, און אויב זי האט באַ־נוצט א זשארגאן, איז דאס געווען אין שפאס. אבער איצט האט זי ניט געשמייכעלט און עס האט אויסגעזעהען, אז זי האט געוואלט, אז איהרע ווערטער זאלען גענומען ווערען ערנסט.

— איך האב ניט געהערט פון איהם, — האט דארא אראפגע־לאזען דעם קאפ.

— אט האסטו דיר, איהר האט גאר ניט געהערט, — האט זיך מארוסיא זאגאר באליידיגט, — מען זאגט, אז ער איז ביי אייך פון די ערשטע. ער קען אייער מאן. ס'א שרעק, ווי ער האט איהם אויס־געלאכט... עפעס האט ער איהם אזוי אנגערופען... כ'קען זיך ניט דערמאנען... א זיידענער אדער הייליגער, צי וואס... ווארום האט ער איהם אזוי אנגערופען? א. מיראן?

— איך ווייס ניט...

— דו ווייסט ניט? הא! דו ווייסט ניט... ער ווייסט ביי מיר אלעס, — האט זי זיך פלוצלינג אויסגעדרעהט צו דיראן; דארא האט אויפגעהויבען דעם קאפ און האט א קוק געטאן אויף איהר. — אלעס און אלעס. אפילו זאכען וואס זיינען ניטא אויף דער וועלט ווייסט ער אויך. און ער וויל מיך אויך אויסלערנען; ער וויל מיך לערנען גע־אגראפיע, וואס דען, ער גרייט דאך מיך פאר א פעלדשעריצע. אט זענען אלע ביכלאך...

זי האט אנגעוויזען אויפן ביכער־שראנק און האט א קוק געטאן אויף מיראנען.

— אפשר זאג איך ניט דעם אמת? וואס לאכסטו?

אין איהר שטים האט זיך דערהערט א בייזער כעס.

— א־מ־ת, א־מ־ת... אבער דו וואלסט זיך באדארפט אויסטאן.

— כ'וועל זיך אויסטאן אהן דיר! און אפשר וועל איך זיך ניט אויסטאן און גאר ווידער אוועקגעהן. וואס וועסטו מיר טאן?

— גארניט...

— דו ערלויבסט?

— איך ערלויב...

מארוסיא האט אנגעשטעלט אויף איהם א בייזען בליק, דערנאך האט זי זיך האסטיג אויסגעקערעוועט צו דאראן.

— איהר האט געהערט? — אלץ ערלויבט ער... ס'ארא גוטער... און איהר דענקט, אז דאס איז אן אמת? ! איהר דענקט, אז ער לאכט מיט'ן גאנצען הארצען? ער ליגט, ער ליגט אן א שיעור, פון אנ־פאנג ביז'ן סוף ליגט ער! איך קען דאך איהם... נו, וואס קוקסטו אזוי אויף מיר? צום ערשטען מאל זעהסטו מיך אזוי? ניט צום ערשטען מאל, מאך זיך ניט, ברודער, וועסט קיינעם ניט אפנארען.

מיר קענען אייך. אויך מארגען און איבערמארגען וועל איך געהן און וועל זיך פארקויפען. און דו זיץ זיך אט דארטען און מאל. גאנצע נעכט זיצט ער, ווי א פארשאלטענער, און מאלט אזוינע צייכנונגען; ער קריגט פאר זיי אפשר א קאפיקע א בויגען, און זעהט נאר דעם אנשטעל וואס ער מאכט. לייגסט, ברודער, ווערסט קיינעם ניט אפנא־רען, מיר ווייסען שוין! „דו, זאגט ער, ביזט ביי מיר די זעלבע שוועס־טער, וואס פריהער, ביי מיר איז דיין ארבייט אלצאיינס ווי יעדער אנדער פראפעסיע: ווי א דאקטאר, סטאליאר אדער טרעגער. דו דינסט אויך דער מענשהייט, בלויז נאראנים פארשטעהען דאס ניט.“ אט ער, ער איז דאס קליגער פון אלעמען, און ער פארשטעהט. פונ־דעסטוועגען האט ער מיך אפגעגעבען צו א גייטארין. ניין, נאריש־קייטען: איז דען ניט אלץ איינס צי אן אויסגעלאסענע פרוי, צי א גייטארין? נו, ווייל איך ניט זיין קיין גייטארין, איך וויל זיך בעסער פארקויפען. בין איך ווידער אמאל אין א הויז. נו, נעהם דיר, נאטאשא, דיין גליק, אויב עס איז שוין יא אזוי. דאס איז איהם ניט געפעלען געווארען: האט ער מיך ווידער ארויסגענומען פון דארטען און איי־בערגעפיהרט אין אן אנדער שטאדט. ער האט גענומען א וואוינונג פון צוויי צימערן, געקויפט מעבעל. אט וועלען מיר דא לעבען ביידע צוזאמען, מיר וועלען ארבייטען און לעבען...

— גענוג, מארוסיא... — האט מיעד און דאס מאל שוין גאר אהן א שמייכעל געזאגט מיראן — מיר דארפען זיך דורכריידען.

מארוסיא האט זיך שנעל אויסגעקערעוועט צו איהם, פונקט ווי זיין טאן וואלט איהר צוגעגעבען מוט.

— גענוג? אבער פארוואס? איך וויל זיך אויך דורכריידען; דו ווערסט נאך האבען צייט צו ריידען, ביזט ביי מיר א רעדנער, קיין עין הרע, ווערסט זיך נאך אנריידען. צו וואס איז די איילעניש? דיינע געסט וועלען צוזווארטען און איך וועל זיי נאך עפעס זאגען... אייך קלייב איך זיך שוין פון לאנג צו טרעפען. — האט זי זיך ווידער געווענדעט צו דארא'ן. — שוין צו אפט דערפרעגט ער זיך, צי איהר זענט ניט געוועזן... אט גלאט אזוי זיך.

מיראן האט א בליק געטאן אויף דער שוועסטער, און פלוצלינג

האט ער אזוי הארט און שארף, אט ווי ער וואלט אפגעריסען די ווער־מער, געזאגט:

— גענוג, מארוסיא! דו הויבסט שוין אן אויסטראכטען. דארפסט זיך אויסשלאפען, דאס איז אינגאנצען איבעריג. גענוג!

— אהא! — האט מארוסיא אויסגעשריען מיט א בייזער צו־פרידענהייט. אט, ווי זי וואלט בלויז דערויף געווארט — „גענוג?" עס האט איהם טאקע אנגערירט? קיין אויסגעלאסענע, הייסט עס, טאר ניט באריהרען אזוינע זאכען!...

— דו רעדסט נארישקייטען. עס איז לאנגווייליג. וואלסט בעסער געגאנגען שלאפען.

— ניין, דרעה זיך ניט! איך וועל ניט געהן שלאפען, דו הערסט? איך וועל געהן הוליען, צו יערמאלקינען, צו איוואנטשינקען... זיי זענען בעסער פאר דיר... יא, זיי זענען בעסער, דו מעגסט דאס וויסען! זיי רופען מיך טאקע מיט מיאוסע נעמען, אבער זיי טהוען עס גלייך מיר אין די אויגען, צאהלען מיר געלט, און דו... דארטען טיעף אין דער נשמה באציהסטו זיך צו מיר ווי זיי... און אויסערליך שמייכעלסטו, פארגלייכסט מיך מיט א דאקטאר און לערנסט מיך פארשי־דענע געגענשטאנדען. דיין שמאלץ פארשמירסטו. וואס, אפשר ניט? זיכער שעמסטו זיך איצט טיעף אין הארצען פאר זיי. (זי האט מיט די פינגער אנגעוויזען אויף דאראן) פאר מיין געשפרעך, פאר מיר אינגאנצען, און מאכסט זיך צום נאר. דו דענקסט, אבי דו לאכסט נאר, איז שוין אלעס גוט? אבער דיין גאנצע מיה איז אומזיסט. איך זעה אלעס! דו דענקסט, אז איך זעה ניט? דענקסט איך וויים ניט ווי עס דרעהט זיך דארטען אינעווייניג אינגאנצען צוזאמען? איך וויים, כאטש דו ביזט א פארשלאסענער אין זיך, אבער קוק ניט אויף מיר אזוי רחמנות'דיג פאר'יתום'ט! שעמסט זיך? טא פארטרייב מיך, שלאג, גיב מיך א שליידער מיט'ן פוס, וואס שטעהסטו?

— זאל זיין גענוג, מארוסיא, מען דארף ניט. דאס אלעס איז איבעריג, — האט שטיל און ערנסט געזאגט מיראן.

— וואס איז איבעריג? — האט גראב א געשריי געטאן מא־רוסיא.

— דאס אלעס, אי דיינע ווערטער, אי... דיינע ליידען. צו וואס?

מען דארף ניט, און נאך איז דער אנוועזענהייט פון פרעמדע מענשען...

— א־הא! — האט זי זיך צולאכט מיט גאל. — וואלסט שוין לאנג אזוי געזאגט!... אט דאס איז דער עיקר... אט דאס...

— קומט, טאראס, — האט זיך דארא פלוצלינג א רוק געטאן צו דער טיר, — און איהר, ענטשולדיגט, מיראן.

טאראס איז לאנגזאם אויפגעשטאנען, ער האט מיט'ן האנט אפּגעווישט דעם שטערען און האט אנגעטאן די היטעל. מארוסיא האט זיך אויך אויפגעהויבען.

— ניין,ווארט! ווארט א ווײלע. ער האט טאקע געזאגט זיין ווארט! און איך האב בלויז דערויף געווארט, איך האב שוין דאס פון לאנג געוואלט. אט דעם צארן. ווייל כעס'נדיג זיך, איז שווער צו שפּילען א קאמעדיע... שטעה, איצט זאג, נאך וואס האסטו מיך ארויסגענומען פון דארטען?... נאך וואס? האב איך דיך געבעטען? געבעטען? זאג! ניין, דו, זאג נאר, צי האב איך דיך געבעטען?!

זי האט זיך אלץ שטארקער און שטארקער אויפגערעגט; די באקען האבען ביי איהר פיבעריש געברענט און די אויגען האבען געשיינט מיט א מורא'דיגען, אומנאטירליכען פלאם.

מיראן האט מיט א מאדנע טיעפען בליק געקוקט אויף איהר, און געווען איז אין דעם בליק אי אומעט, אי וועהטאג, אי אנגסט. ער האט געשוויגען.

— ענטפער שוין, נאכוואס?

— עס איז דיר דען געווען גוט דארטען? — האט ער שטיל געזאגט.

— און דא, דענקסטו, איז מיר גוט?

— שוין זשע ערגער?

מארוסיא איז געווארען נאך בייזער.

— אבער דו דרעה ניט, איך פרעג דיך ניט וואו מיר איז בעסער אדער וואו מיר איז ערגער. איך פרעג דיך בלויז, נאך וואס האסט ד י ר מיך ארויסגענומען פון דארטען?

— כדי עס זאל ד י ר זיין בעסער.

— און דיר איז אלץ איינס צו דיין שוועסטער איז אן אויסגעלאסענע אדער א דאקטאר?

— אלץ איינס.

— און דו וועסט פאר יעדען איינעם, צו יעדער צייט, מיך אנ־רופען שוועסטער, אזוינע ווי איך בין?

— איך וועל.

מארוסיא האט באוועגלאז געקוקט אין זיין שטילען געזיכט. זי איז אויפגעשפרונגען, האט זיך פלינק אויסגעדרעהט צו דאראן און שטילערהייט געפרעגט:

— איהר האט געהערט?

און דאן האט זי זיך גלייך מיט׳ן גאנצען קער־פער ווידער אויס־געקערעוועט צו מיראנען און האט מיט פארפרעסטע פויסטען און מיט גרויס האס ארויסגערעדט:

— נו? און דו ביסט נאך אלץ ניט קיין נידערטרעכטיגער מענש? ניין? ביסטו ניט ערגער פון יערמאלקינען און נאך אזוינע? ביסטו ניט ווערטה, אז מען זאל דיר דא אנשפייען א פולען פנים פאר אלע־מען אין די אויגען פאר דיין אונגעהייערער נידערטרעכטיגער פאלש־קייט... „אלץ איינס ווי א דאקטאר...״ וואו איז דאס געהערט געוואָ־רען? וועמען ווילסטו דאס דערצעהלען? וועמען ווילסטו אפנארען?!... האב רחמנות אויף מיר, האב רחמנות, אויב דו ביסט מיר א ברודער, אבער ניט אזוי געמיין. זאג מיר כאטש איין מאל אין די אויגען, וואס דו טראכסט וועגען מיר... זאג שוין! מאטער מיך ניט, זאג, אניט וויים איך ניט, וואס איך וועל טאן...

מיראן האט ווידער אמאל שווייגענדיג מאדנע א קוק געטאן אויף דער שוועסטער. דערנאך האט ער לאנגזאם גענומען א ביינקעל, זיך אוועקגעזעצט, קוקענדיג אין פענסטער מיט א פארטראכטען, קוים שמייכלענדיגען בליק.

— ווילסט אפילו ניט ענטפערען?! — האט שוין מארוסיא גע־ציטערט מיט׳ן גאנצען קערפער. — יא? דו ווילסט ניט? טא, נא זשע דיר! איצט וועסטו ענטפערען!

זי האט פלינק א שפאן געטאן צו איהם, האט זיך איינגעבויגען און האט איהם אנגעשפיגען גלייך אין פנים.

דארא האט אויפגעציטערט, זי איז רויט געווארען, האט זיך א לאז געטאן צו זיי און געבליבען שטעהן. טאראס איז אינגאנצען בלאס

געוואָרען, גענומען אָפּאָטעמען און האָט, אַהן יעדער אורזאַכע גאַר אראָפּגענומען די היטעל.

מאַרוסיא איז באַלד דערנאָך אָפּגעשפּרונגען צוריק, איז געוואָרען פלאַם־רויט, און האָט מיט אַ גרויל אין איהר פּנים און מיט אַ מין אומגעדולדיגקייט געקוקט מיראַנען אין פּנים אריין מיט ברייט־צו־עפענטע און אנגעשטרענגטע אויגען.

מיראַן האָט זיך אין ערשטען אויגענבליק אַ טרייסעל געטאָן. דערנאָך האָט ער פלינק צוגעטראָגען די האַנט צום באַק, דאַן האָט ער לאַנגזאַם אראָפּגעלאָזען די האַנט אין קעשענע, ארויסגעשלעפּט פון דאָרטען אַ טיכעלע און האָט אָפּגעווישט דעם פּנים. ער האָט אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ און האָט שווער געאָטעמט. דאַן האָט ער אריינגעלייגט דאָס טיכעלע צוריק אין קעשענע, און אַ קוק טוענדיג אויף מאַרוסיאַן, וועלכע איז ווי פאַרגליווערט געוואָרען אין ערוואַרטונג, האָט ער שטיל געזאָגט:

— אומזיסט האָסטו דאָס געטאָן... נאַר גאַר גיט. דאָס אַלעס איז פאַרשטענדליך... דו דאַרפסט זיך צולייגען...

— ראַ־אַ־ניא! — האָט זיך מאַרוסיא פּלוצלינג אַ ריס געטאָן צו איהם. — ראַנעטשקאַ! — און פאַלענדיג פאַר איהם אויף די קני, האָט זי ארומגעכאַפּט זיינע פיס און איז מיט אַ ציטער צוגעפאַלען צו זיי, געקושט און זיך געשלאָגען אין זיי מיט׳ן פּנים. די הוט האָט געשטערט, האָט זיך פאַרטשעפּעט אין זיינע הענט און האָט געפלאַטערט מיט איהר גרויסען שוואַרצען פעדער.

— נו, מאַרוסיא, זאָל זיין גענוג... עס איז אַ קלייניגקייט, וואָס איז דאָרטען... הער אויף... מען דאַרף ניט....

— ראַניא! טייערינקער! דער׳הרג׳ע מיך, צוטרעט, צורייס מיך! פאַרוואָס בין איך אַנגעפאַלען אויף דיר? ! פאַרוואָס קומט דאָס דיר, מיין אָרימער? דו, איין און איינציגער, גליק מיינער, ברודער מיינער! מען דאַרף מיר ניט פאַרגעבען, טרייב מיך ארויס! ראַניא! מיין ראַניא!...

דאָרא האָט זיך אומגעקוקט איבערן צימער, זי האָט געפונען אויף אַ טישעל ארום דעם מאַל־ברעט אַ גראַפין מיט וואַסער און אַ גלאָז. דאָרא האָט אנגעגאָסען אַ גלאָז וואַסער און זי דערלאַנגט מי־

ראַנען. איהרע אויגען האָבען געקוקט שטרענג, די ליפּען זענען בלאַס געוואָרען פון אויפרעגונג, די האַנט מיט׳ן גלאָז האָט לייכט געציטערט.

— גיט איהר...

מיראָן האָט גענומען די גלאָז, אָבער ער האָט זי גלייך אוועקגעגעבען צוריק. ער האָט זיך איבערגעבויגען איבער דער וויינענדיגער מאַריוסען, און האָט גענומען רעדען צו איהר צאַרט ווי צו א באַליידיגט קינד:

— זאָל זיין גענוג מאַרוסיעטשקא, גענוג... נו, וואָס איז דאַרטען... קום צו דיר אין צימער. נו, קום, מיין גוטע, קום, גענוג שוין... מען דאַרף זיך באַרוהיגען, איינשלאָפען, דאָס איז אַלץ קליינינקייטען און ניט וויכטיג... קום, וואוילע מיינע, קום...

מאַרוסיא איז שטיל געבליבען און האָט זיך גענומען שווער אויפהויבען. ער האָט איהר געהאָלפען, און דריקענדיג זי צו זיך, האָט ער זי, ווי א קראַנקע, לאַנגזאַם אַרויסגעפיהרט פון צימער. אויפ׳ן שוועל האָט ער זיך אויסגעדרעהט צו דאַראַן:

— וואַרט צו א ווייל׳ע, איך וועל באַלד...

דאַרא האָט א שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ און איז צוגעגאַנגען צום פענסטער... פון הינטען זענען געבוירען געוואָרען די שטאָטישע פייערלאַך, און פון אויבען האָבען זיך ווי שיכור׳ע שווער געדריקט די וואָלקענס.

דאָס הויז איז געווען א פינף שטאָקיגס, און איז געשטאַנען אויף א באַרג אַזוי, אַז פון פענסטער האָט מען געקענט זעהען די ווייטע אייזענבאַן ליניע, וועלכע איז שוין געווען באַדעקט מיט די סיגנאַלפייערן פון אַלערליי קאָלירען.

טאַראַס איז אַרומגעגאַנגען איבער׳ן צימער, רייבענדיג דעם שטערען; ער האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבען די צייכנונגען און זיך גלייך אָפּגעריסען פון זיי, אַזוי ווי ער וואָלט ביים ערשטען בליק זיך איבערצייגט, אַז זיי זענען ניט פון די עכטע. די אָפּצאַסען פון זיינע שטיוועל האָבען נאַריש, איינזאַם און אָרדנונגסלאָז געקלונגען אין דער שטילקייט. וואָס האָט מיט אַמאָל אַנגעפילט דעם צימער.

פון׳ם נעקסטען צימער האָט זיך קוים דערטראָגען מיראָן׳ס ווייכער באַריטאָן. מען האָט זיך געקענט פאָרשטעלען זיין טונקעל גע־

זיכט, מיט דער מאדנער שטילקייט וואס רוהט דארויף, מיט די הארטע צושויבערטע וואנצען איבערגעבויגען איבער א צווייטען, פונקט אזא, טונקעל געזיכט, וועלכעס איז נאך טונקעלער געווארען פון אויפרעגונג און טרערען.

דארא האט טיעף און שווער אפגעקרעכצט. די דעמערונג איז געוואנטער און געוואגטער ארויסגעקראכען פון אלע ווינקעלאך.

אינגיכען זענען די שטימען אינגאנצען שטיל געווארען, און מיראן איז אריינגעקומען אין צימער. ער איז גלייך צוגעגאנגען צו טאראס'ן און האט מיט זיין געוועהנליכער אויסגעצויגענער שטים געזאגט:

— מיר וועלען דאס איינארדנען... קומט אריין אין א פאר טאג ארום. דאס וועט מען קענען טאן.

דארא האט זיך פלינק אויסגעקערעוועט ווי נאר זי האט דערהערט דעם קלאנג פון זיין שטים, און טאראס האט איילענדיג און שולדיג ארויסגעמורמעלט:

— יא, יא... א דאנק... איך וועל קומען...

— און וואס אנבאלאנגט דעם געריכט, — האט זיך מיראן אויסגעדרעהט צו דאראן, וועל איך מיט פארגעניגען. מעהר פאר אלעמען געוועהנליך קאכט זיך יאנא? א ווערטער יונגערמאן... ער ענטפערט אביסעל ניט צו דער זאך... אבער דאס איז ניט וויכטיג... און די קיסעלסקעס קאכען זיך זיכער פאר קאליאן?

— דארא האט שווייגענדיג און דורכדרינגענדיג געקוקט אויף איהם.

— גוט... עס איז אינ־טער־רע־סאנט... מארגען? מארגען איז אויך די זיצונג וועגען סטרייק, וועל איך קומען. מעגליך איך וועל אביסעל פארשפעטיגען, אבער דאס איז ניט וויכטיג...

דארא האט פון איהם קיין אויג ניט אראפגענומען.

— צו אפט באנוצט איהר זיך, מיט אט דעם ווארט „עס איז ניט וויכטיג" — האט זי אומערוואַרטעט באמערקט.

— יא? איך האב דאס ניט באמערקט... אפ־שר...

דארא האט זיך פלוצלינג א צאפעל געטאן, זי האט מאדנע א לאך געטאן און געזאגט הויך:

— און ווייסט איהר, אז אלס שארלאטאן זענט איהר א גוטער אקטיאר, מיראן!

מיראן האט זיך הארט מיט'ן גאנצען קערפער אויסגעקערעוועט צו איהר און האט איהר שווייגענדיג ארייגעקוקט אין געזיכט אזוי שווייגענדיג טיעף און שטיל, ווי ער האט נאר וואס געקוקט אויף מא־רוסען. און זיינע אויגען מיט'ן זעלבען אויסדרוק פון אומעט, אדער וועהטאג, האבען קוים, קוים א שמייכעל געטאן. ער איז צוגעגאנגען צום פענסטער. ער האט ארייגעקוקט אין איהם און הויך באמערקט.

— עס קלייבען זיך די וואלקענס. ס'וועט זיין א רעגען... איך האב ליעב א הערבסט־רעגען.

— צום ווידערזעהען! — האט בייז געזאגט דארא. — קומט, טאראס.

טאראס האט לאנגזאם אנגעטאן די היטעל, האט נאכאמאל פון אונטערן שטערן א קוק געטאן אויף מיראנען און א ברום טוענדיג „צום ווידערזעהען", איז ער אוועק נאך איהר. מיראן האט זיי העפליך באגלייט און פארמאכט הינטער זיי די טיר.



# II.

אין גאס האט זיי גלייך באגעגנט דער ווינט, וועלכער האט זיי, ווי אפגעוואָרט ביים ארייגאנג און א פארביינקטער, ווי א טרייער הונט, האט ער זיך אין ווילדער פרייד ארויפגעוואָרפען אויף זיי.

אויפ'ן ברודיג־גרויען הימעל איבער'ן שטאָדט זענען אומגעקראָכען אומגעלומפערטע וואָלקענס, וועלכע האבען ווי ריזען־קעץ זיך בייז געריבען מיט די ברוסטען אין די דעכער פון די הייזער און אין די שפיצען פון די ביימער.

עס האבען זיך אנגעצונדען די לאמטערנעס.

עס איז געווען יענע צייט, ווען אלע איילען זיך זעהר שטאַרק אהיים צו די לאמפען, און אין די גאסען שוועבט אום דער אומעט, ווי אן אומבאמערקבארע לייכטע שפינוועבס און קלעפט זיך צום הארצען ארויסרופענדיג דאָרטען עטוואס, וואס איז שוין לאנג פארגעסען, צוזאמען מיט א באדויערונג וועגען עטוואס ווייטעס.

די פורלייט זענען געזעסען איינגעהויקערט, אט ווי פארזונקען אין אנגסטליכע געדאנקען; האפנונגסלאז און באוועגלאז האבען זייערע מאגערע פערדלאך געקוקט צו דער ערד.

בלויז דער ווינט האט זיך ווילד געפרעהט מיט עפעס און האט זיך מיט אלעמען פארטשעפעט.

זיי זענען לאנג געגאנגען שווייגענדיג. דארא האט אונטערגעהאלטען די הוט און פארטראכט געקוקט גלייך פאר זיך. טאראס האט זיך אנגעכמורעט, א צערשטרייטער האט ער זיך איינגעהויקערט פון ווינט און האט פארלייגט די הענט אין די ארבעל.

— יא! אן אקטיאר... האט ער פלוצלינג געזאגט ענטשלאסען.

דארא האט אויסגעדרעהט צו איהם דאס געזיכט, וואס איז נאך

אלץ געווען פארטראכט, זיך איינגעהערט אין די דורכגעקלינגענדיגע ווערטער און האט א שמייכעל געטאן.

אהן צווייפעל אן אקטיאר! האט ווידערהאלט טאראס מיט א בייזער און טיפער איבערצייגונג. — אן אהן צווייפעלהאפטער.

— און אויב ניט? — האט פלוצלינג געפרעגט דארא, מיט א מאדנעם שמייכעל.

— ווי הייסט ניט?

— נו, גאר פשוט, אויב ער איז ניט קיין אקטיאר, און אלעם וואס ער טוט, טוט ער אויפריכטיג? א? און מיר אלע האבען איהם באליידיגט, אי איך, אי די שוועסטער זיינע, אי ווערא, און אפילו איהר? אט אן ארימינקער, אמת?

טאראס האט פארשטאנען דעם שפאס און האט געזאגט:

— יא, א רחמנות, ליידט נעבאך זיכער אומשולדיגערהייט... אבער איך וואלט איהם איינגענטליך... ניט אזוי... ווי אט די וואלקענס שטיקען מיך!... אבער גאר ניט, עס מאכט ניט. אבער דאס וויכ־טיגסטע דערביי, ס'ארא נאיווע חוצפה:

עס איז דאך יעדערן קלאר, דיין שוועסטער איז א פראסטיטוטקע. עס איז זיכער אן אומגליק, וואס איז דא צו רעדען?

ניין: איך שפיי דערויף. מיך, בלומערשט, ארט עס ניט... מען דערצעהלט, אז ער געהט מיט איהר איבעראל, און, אז מען פרעגט איהם, מיט וואס באשעפטיגט זיך אייער שוועסטער, ענטפערט ער: „איצט מיט גארניט, אבער פריהער האט זי זיך באשעפטיגט מיט פראסטיטוציע". און דערביי לאכט ער חוצפה'דיג... ווייסט איהר, פאר דעם קען מען ווירקליך אנשפייען אין פנים, דאס איז עפעס שוין א צו ציניסשער שטאלץ. איך פארשטעה דאס ניט! נו, זאג אליין, וואס ווילסטו דערמיט באווייזען? נו, וואס? „מיין שוועסטער — איז א פראסטיטוטקע". צו וואס אט די בארימעריי?

דארא האט זיך צולאכט:

— נו, און אויב דאס איז ניט קיין בארימעריי און ניט קיין שטאלץ? וואס דאן?

טאראס האט א קוק געטאן אויף איהר, אום צו זעהן צי זי פרעגט דאס ערנסט, צי זי שפאסט.

— ווי הייסט ניט קיין באַרימעריי? וואָס־זשע דען איז דאָס?

— און אויב ער דענקט באמת, אז פּראָסטיטוציע איז פּונקט אזא פאַך ווי יעדער אנדערער? נו שטעלט אייך פאָר, אז ער דענקט ווירקליך אזוי. אויב דאָס איז אזוי זענען מיר דען ניט אזוינע נאַרישע און לעבערליכע? אמת? שטעלט אייך פאָר, אז א מענש איז אויף אזוי פיל אויסגעוואקסען, אז איהם זענען איינגאַנצען פרעמד אונזערע באַ־גריפען וועגען שאַנד! א מענש פון גאָר אַן אַנדער פּלאַנעט? א?

טאַראָס האָט נאָך אַלץ ניט געקענט פאַרשטעהן צי זי שפּאַסט, צי זי רעדט ערענסט. און דאַראַ צוהאַלטענדיג מיט דער רעכטער האַנט די הוט און קוקענדיג אויף טאַראָס'ן פון אונטערען האַנט, ווי מען קוקט אויף דער זון, האָט אַלץ אזוי שפּאַטיש געשמייכעלט און פאַרטגעזעצט:

— יאָ, איהר זענט דאָך באַקאַנט מיט זיין „ערליך צו זיך“? ניין? פע, וואָס־זשע פאַר א מענש זענט איהר דאָס! הייסט עס, אז איהר פאַרשטעהט ווירקליך גאָר ניט? ערליך צו זיך, דאָס איז די נייע מאָראַל. פאַרשטעהט איהר שוין? דאָס אַלטע דאַרף מען אָפּ־וואַרפען פון זיך. אָט האָסטו דיר דאָס לעבען, קיק, לעב און מאַך דיינע אייגענע שליסע. פאַרשטעהט איהר? אייגענע! אָט אַ די שליסע, אָט די געדאַנקען פיהר צו ביז'ן געפיהל. ווען דו וועסט ברייינגען דעם געדאַנק צום געפיהל דאַן מוז זיך צופלאַקערען א פייער...

דער ווינט איז אזוי ווי אין כעס געוואָרען פאַר דאַראַ'ס אַלץ מעהר און מעהר שפּאַטישען טאָן, ער איז בייז אַנגעפלויגען אויף איהר און האָט זי א שטאַרקען שטויס געטאָן מיט זיין ווייכער ברוסט. טאַראָס האָט זיך איינגעהויקערט.

— פע ס'אַראַ ווינט! פאַרשטעהט איהר: פייער. אָט דער פייער — איז אייער ווילען, וואָס ווירקט און טוט. וואָס פולער איהר וועט ברייינגען אייער געדאַנק צום געפיהל אַלץ ברענענדיגער, הייסער וועט זיין דער פייער. אָט דער פייער וועט פאַרברענען אַלע שטערונ־גען, אַלע קליינינקע, אַלטינקע געדאַנקען און געפיהלען. אָט ווי צוויי מינים עלעקטריציטעט; אז און פאַר זיך זענען זיי גאָרניט, אבער פאַראייניגענדיג זיי באַקומען מיר א קראַפט. אָט אזוי! האָט איהר פאַרשטאַנען.

— ממ, נים אזוי גום, — האם א לאך געטאן טאראס. דארא האם זיך אויך צולאכט.

— אך ס׳ארא מאדנער איהר זענט? דאס איז דאך אזוי פשוט. נו, אט לאמיר אננעהמען. זעהט: זיין שוועסטער, איז געווארען א פראסטיטוטקע. גוט. דא הויבט ער אן טראכטען וואס איז אזוינס פראסטיטוציע. מערקט אייך, ער ווארפט אפ אלץ, וואס די מאראל זאגט, און קומט צו זיין אייגענעם שלום: פראסטיטוציע איז א געוועהנליכע פראפעסיע. איהר הערט?

— יא, יא! — האט איילענדיג געזאגט טאראס.

— נו, גוט. א געוועהנליכע פראפעסיע. דאס איז בלויז א געדאנק. און אום צו זיין ערליך צו זיך, דארף מען ברייננען דעם געדאנק צום געפיהל. טוט ער דאס. קומט ארויס א פייער. דער פייער פארברענט אלע פאראורטיילען און דער מענש קוקט שוין גאר אויף זאכען אנדערש און האנדעלט שוין אנדערש. פארשטעהט איהר? און, זעלבסטפארשטענדליך, אז דאן פארשטעהט ער שוין נים ווארום מען דארף זיך שעמען צו אנרופען זיין שוועסטער פראסטיטוטקע. און מיר — נארישע און לעכערליכע מענשען פארשטעהען דאס נים, און לאכען פון איהם! אט זעהט איהר שוין מיט וואס פאר א מענשען איהר האט זיך באקאנט.

— מע! — האט א בורטשע געטאן טאראס, אויף אזא אופן קען מען רעכטפערטיגען יעדער שפיאן.

— געוועהנליך. — האט אונטערגעכאפט דארא. — אט צום ביישפיעל, קומט איהר צום שלום אז צו זיין א שפיאן איז נים שענדליך און נים אוממאראליש, פיהרט צו אט דעם געדאנק ביז צו געפיהל, און געהט ווערט א שפיאן — ער וועט אייך אפילו געבען קרעדיט דערפאר נים קוקענדיג דערויף וועט ער, אויב מעגליך, אייך דערשטיקען דערפאר אין א פינסטער געסעל.

— מען זאגט אז ער האט גע׳סמ׳ט זיין מוטער. אויך מסתמה אוים ערליכקייט צו זיך? — האט בייז מיט כעס אריינגעווארפען טאראס.

— געוויס! אט, צום ביישפיעל, מיט דער מוטער. זי איז געווען איננאנצען עובר בטל. אן אלטע און קראנקע און עובר בטל פאר־

שטעהט איהר... מיט איין ווארט זי האט אין ערגעץ ניט געטויגט. זי האט שוין קיינעם ניט דערקענט און האט זיך בלויז געמאטערט. האט ער גענומען און האט גע'סמ'ט. איך, אדער איהר וואלטען דאס ניט געטאן!

וואלט איהר דאס געטאן אדער ניט? זאגט?

טאראס האט א בייזען שמייכעל געטאן.

— אזא סוביעקט ווי ער וואלט איך ווירקליך גע'סמ'ט.

— פארוואס? — האט זיך דארא צולאכט. איהר געלעכטער איז געווען אזא מאדנער, טיעפער, און האט ארויסגעציטערט פון די טיעפסטע טיעפענישען פון איהר הארצען. — אט טראכט זיך נאר טיעפער אריין אין דער זאך, די מוטער מאטערט זיך בלויז און מאַ־טערט אנדערע. זי לעבט ניט, נאר זי ליידט אהן האפנונג אויף גע־זונט צו ווערען... אז אלטע...

— און ווער האט איהם געזאגט, אז זי וועט ניט געזונט ווערען?

— ער איז אליין געקומען צו אזא שלום.

— „ער אליין“!

— אויפ'ן סמך, וואס די דאקטוירים האבען איהם געזאגט...

— דאקטוירים!... מיר ווייסען שוין וועגען אט די דאקטוירים. זענען דען די דאקטוירים געטער? היינט זאגען זיי אזוי, און מארגען קומט א נייע ערפינדונג און שיקט אוועק צום טייפעל אלעס וואס די דאקטוירים האבען געהאט צו זאגען ביז אהער.

— דאן וואלט מיראן ניט גע'הרג'ט.

— ווי הייסט?

— אה, נאר איינער! ער זאגט דאך אז באשליסע דארף מען ציהען דערפון וואס איז דא. אוןווארטען אויף א נייעם ווארט אין דער מעדיצין קען ער ניט. דער באשלוס איז, אז די מוטער וועט ניט געזונט ווערען, אז זי פוילט לאנגזאם און מאטערט סיי זיך, סיי אנדערע. און כדי עס זאל ניט זיין, ווי ער דריקט זיך אויס, קיין אומזיסטע און איבעריגע ליידען, דער'הרג'ט ער זיין מוטער. פאר־שטעהט איהר, פון גרויסער ליבע הרג'עט ער, פון ע ר ל י כ ק י י ט צ ו ז י ך. מיר וועלען אפשר טעארעטיש איינשטימען דערמיט, אבער טאן וועלען מיר דאס ניט. דערפאר זענען מיר ניט ערליך צו

זיך, שוואכע און ניט קיין גאנצע מענשען. פארשטאנען? און ער איז א נייער, א גאנצער, אן אנדערער! פארשטאנען? אט דערפאר האבען איהם פרויען אזוי ליעב, און דאס איז ניט קיין וואונדער. מיר זענען אזא פאלק וואס קען גלייך אפשאצען...

טאראס האט מיט א כמורער אויפמערקזאמקייט זיך איינגעקוקט אין דארא'ן.

— איהר מיינט דאס ערענסט? — האט ער אם ענדע געפרעגט.

דארא האט זיך ווידער צולאכט.

— געוויס ערענסט! זעהט איהר דען אליין ניט? נו, זאגט ווען אייער שוועסטער זאל אוועקגעהן אין א שאנד־הויז... אט שטעלט זיך נאר דאס פאר. ווי וואלט איהר רעאגירט דערויף? א?

— עס, נארישקייטען! האט זי זיך פלוצלינג אליין איבערגע־ריסען. — עס פארשטעהט זיך, אז איך שפאס... גענוג... איהר זאגט מיר בעסער אט וואס: אייער שוועסטער אליא, דאס איז אזא דינינקע מיידעלע מיט גרויסע גרויע אויגען? אינגאנצען איז זי אזא ליכטיגע, יא? זי איז א בלאנדע, קומט אויף דער בירזשע... זי איז אזא אנט־וויקעלטע...

טאראס האט ניט אויפמערקזאם געהערט.

— יא, גרויע... — האט ער פארטראכט ארויסגערעדט.

— זי קומט... דאס הייסט... יא, גרויע... וואס איז דען?

— גאר ניט. איז זי, הייסט עס, נאהענט באקאנט מיט מיראנען?

טאראס האט בייז א קוק געטאן אויף דארא'ן.

— יא זיי זענען באקאנט...

— אייך... געפעלט דאס ניט?

ער האט ניט גלייך געענטפערט.

— יא, ס'געפעלט מיר ניט.

— פארוואס?

טאראס האט זיך איינגעהויקערט און האט טיפער פארוקט די הענט אין די ארבעל.

— אזוי...

זיי זענען אנטשוויגען געווארען. דער ווינט האט זיך גע'כעס'ט. פארוואס מען האט איהם ניט געשענקט קיין אויפמערקזאמקייט. ער

איז פארלאפען אט פון איין זייט, אט פון דער צווייטער, זיך צויאגט פון הינטען און שטארק געשטויסען אין די פלייצעס. דערנאך האט זיך דער ווינט איינגעשטילט, אט ווי ער וואלט גענומען באאבאכטען, וואס וועט איצטער זיין, און האט אויף דאס ניי זיך גענומען בייזערן.

טאראס האט פלוצלינג באפרייט די הענט, מיט איין האנט איז ער אריינגעקראכען אין קעשענע, ער האט ארויסגענומען פון דארטען א נאטיץ־ביכעל.

— ווי זאגט ער, איך האב פארגעסען...— האט שמייכלענדיג אין פארלעגענהייט געפרעגט טאראס, ניט קוקענדיג אויף דראן.

זי האט מיט פארוואונדערונג אויסגעקירעוועט צו איהם דאס געזיכט.

— ווער זאגט?

— מיראן. דאס געפיהל ביז צום געדאנק?... אדער אנדערש.

— א, הא. דער געדאנק צום געפיהל, אדער פארקערט, — דאס איז אלץ איינס... אבי עס זאל זיין גאנצקייט. וואס ווילט איהר פאר־שרייבען?

— איך וויל פארשרייבען אט דאס טאקע... ביי מיר טרעפען אזוינע מאמענטען, ווען איך פארגעס אלעס... נו, פארשרייב איך.

ער האט ווידער אין פארלעגענהייט, ווי א שולדיגער א שמיי־כעל געטאן און זיך אפשטעלענדיג ביים לאמטערן, פארשרייבען:

„איבערדענקען שפעטער. דער געדאנק צום געפיהל, אדער פאר־קערט“.

דארא האט איהם שווייגענדיג באטראכט מיט איהרע גרויסע שטרענגע אויגען. איהרע קינדיש אומשולדיגע ליפען זענען געווען קוים צועפענט פון נייגעריגקייט.

זיי זענען געגאנגען ווייטער. דער ווינט, וואס האט זיך אויך ווי פארקוקט און באאבאכטעט זיי, האט זיך פריידיג גענומען דרעהען ארום זיי.

טאראס האט זיך אלץ מעהר און מעהר אנגעכמורעט.

— דאריא מיכאילאוונא! — האט ער פלוצלינג גראב געזאגט.

— זאגט, דעם אמת, איהר פאראכטעט מיך זעהר דערפאר, וואס איך וואוין ביי די קיסעלסקעס.

דארא האט זיך אזש אפגעשטעלט.

— וואס האט זיך אייך געחלום׳ט?!

פון וואס דרינגט איהר דאס?

— ניין, איהר מוזט זיך באציהען צו מיר מיט פאראכטונג. איך פארשטעה דאס, און בין אפילו איינשטימיג דערמיט... אניסיא וויל מיך אמאל אפילו ניט אריינלאזען. זי איז בייז וואס מען באגעהט זיך מיט איהר ווי מיט א גלייכען און ניט ווי מיט... איבריגענס בין איך מסתמא ביי אלעמען פארעכענט פאר אזוינעם, בלויז...

— ערלויבט מיר! — האט מיט א לייכטען שמייכעל איהם איבערגעשלאגען דארא. — דענקט איהר, הייסט עס, אז איך מיט אניסיען קוקען אויף מענשען אלץ איינס.

— אך, ניין! — וואס רעדט איהר! ניין, איך האב ניט דאס געמיינט. איך האב בלויז געוואלט זאגען, אז אויב איהר באציהט זיך צו מיר מיט פאראכטונג, איז דאס פארשטענדליך. איך גיב אייך מיין ווארט... ניין, איהר ווארט נאר, איך גיב אייך א ווארט, דאריא מיכאילאוונא, אייך בלויז, און זיך אליין גיב איך א ווארט, אז דאס איז ניט אויף לאנג, איך מוז בלויז עפעס באשליסען פעסטצושטעלען און א סוף. איך מוז פעסטשטעלען א אידעע... דאן איז שוין גאר אנדערש... איבעריגענס, איהר דארפט ניט שענקען קיין אויפמערקזאמקייט דערצו וואס איך רעד אזוי האסטיג און פיבערהאפט. מיר איז איצט זעהר שלעכט, איז א האלבער שטונדע ארום וועל איך זיין אינגאנצען, ווי א שטיק וואטע... און איצט... און אפשר דוכט מיר בלויז, אז איך וועל באלד?... ביי מיר טרעפט דאס, אפשר איז דאס דערפאר וואס איך בין מיט אייך. איהר — זענט א מורא׳דיג וואוילע, „דארא... דארא" איז זעהר א שעהנער נאמען, מיר ווילט זיך אימער אייך אזוי רופען, נאר איך וואג ניט. ביי אייך זענען צעפ, ווי פון טונקעל־גרינעם ווייץ, וואס די פויערים פלעכטען. באזונדערס ווען איהר לייגט זיי צוזאמען אויפ׳ן שטערן, ווי א קרוין... איהר באליידיגט זיך נים, ניין?

— ליבער, פארוואס זאל איך זיך באליידיגען?

— ניין, אן אנדערע וואלט זיך אפשר באליידיגט? איבריגענס, ווייס איך נים. מעגליך עס איז ניט אנשטענדיג. פשוטע מיידלאך

וואלטען זיך מסתמא ניט באליידיגט אבער... פון „די אדעליגע", ווי האט געזאגט אט די... מארוסיא, ווייס איך ניט...

— פון וואנעט ווייסט איהר, אז איך בין פון „די אדעליגע"?

— האט זיך דארא צולאכט.

- ווי זשע אנדערש?

— איך בין פון אזוינע פשוטע ווי איהר און מארוסיא. מיין פאטער איז געווען א שוסטער, דערצו נאך א קליינער בעל־מלאכה. דאס וואס איך האב זיך פארקליבען צווישען די פריצים איז א צופאל.

א לערערין האט זיך פארליעבט אין מיר און האט מיך אפגעגעבען אין גימנאזיע, אויף אזא אופן בין איך געווארען „אן אדעליגע".

— וואס רעדט איהר?! — האט טאראס זיך אזש אפגעשטעלט פון אויסערגעוועהנליכער ערשטוינונג.

דארא האט זיך אויך פארוואונדערט.

— וואס זענט איהר אזוי איבערראשט? איך בין א גאנץ געוועהנליכע פויערטע, אפילו ניט קיין מעשטשאנקא...

....„פון די אדעליגע", אוי־אוי! האט זי א לאך געטאן. ווען איהר וואלט, בעסער, געוואוסט מיט וואס פאר א נעמען מען האט מיך געקרוינט אין גימנאזיע: „גאסען מיידעל" און „רויבער ארשא", אנדערש האט מען מיך ניט גערופען. דעם נאמען רויבער ארשא האט מיר געגעבען א קרומער סטאליאר. איך בין ווירקליך געווען א רויבער. אימער מיט א חברה אינגלאך, אומבאדינגט אין דער שפיץ. קיין מיידלאך האב איך ניט ליעב געהאט. איך פלעג אלע גערטנער באגנב'ענען. א שעהנע „אדעליגע"!

דארא האט זיך פרעהליך צולאכט.

איך בין געווען אינגאנצען א ווייסע, א געקרויזטע ווי א שעפס, אן אומערשראקענע. מיין לערערין האט אימער געקוקט אויף מיר מיט גרויל, נאר זי האט מיך ליעב געהאט. זי איז געווען א וואוילע.

טאראס האט זי געהערט אין א צושטאנד פון אומגעדולדיגען עקסטאז. ער האט ארויסגעכאפט די הענט פון די ארבעל און זיי ווידער פארלייגט, ער האט זיך אויפגערעגט. אם ענדע האט ער ניט אויסגעהאלטען:

אבער ערלויבט מיר, ערלויבט! גאטוניו! איך האב אייך די

גאנצע צייט געהאַלטען פאַר א פּריצה... איהר טוט זיך אזוי שעהמען אַז אזאַ... אַך, דו, גאַט מיינער! אַט דאַס זעה איך, אז איהר זענט אזא מורא'דיג פראַסטע און פרעהליכע... אויסער דעם, ווייסט איהר, האט איהר אזא ברייטען זשעסט... און ווערטער אזוינע גאַר פּשוטע. איבריגענס, מעגליך, אז דאַס מיינט גאַרניט, איך מיין, די ווערטער און זשעסטען... נאַר מיך האט געצויגען, שרעקליך געצויגען צו אייך... אַט ווי איך האב אייך נאַר דערזעהן, אזוי האב איך אייך גלייך ליעב געקראַגען. ניט דערפאַר, ווייל איהר זענט זעהר שעהן, כאָטש מעג־ליך, אז דאַס האט אויך געהאַט א ווירקונג, נאַר דערפאַר, וואָס... איהר לאַכט? אַך, כאַ־כאַ־כאַ, יאַ, יאַ!... אבער איהר פאַרשטעהט דאָך, אז איך האב געזאַגט „ליעב געקראַגען" ניט אין יענעם זין, נאַר גייסטיג פע, א נאַריש וואָרט! איך האב ניט ליעב אַט דאַס וואָרט! ניין, פּשוט ווי א מענשען... נו, איהר פאַרשטעהט דאָך? יאַ? איהר פאַר־שטעהט?

— יאַ, איך פאַרשטעה, איך פאַרשטעה, קאָמיק, וואָס איהר זענט. אבער רעגט זיך אזוי ניט אויף, וואָס איז דאָ אזוינס אויסער־געוועהנליכעס. שטעלט זיך נאַר פאַר!

— ניין, ניין! דאָס איז זעהר וויכטיג, זעהר וויכטיג! דאָס הייסט, אז פאַר מיר, פאַר מיר איז דאָס זעהר וויכטיג... אבער ווי האָב איך דאָס פריער ניט געפרעגט. מיר איז אפילו קיין איינציגען מאָל אין זין ניט איינגעפאַלען. און זעהט נאַר, איך פיהל זיך שוין אינגאַנצען אנדערש מיט אייך, גאַר אנדערש... כ'מיין ניט אין אַלע הינזיכטען, נאַר אין דעם וואָס איך שעהם זיך שוין ניט פאַר אייך... אין א גוטען זין, אין א גוטען זין שעם איך זיך ניט... פו, ווי עס ברענט ביי מיר דער קאָפּ. אַט די וואָלקענס... נאַר גאַר ניט... איך בין צופרידען, מורא'דיג צופרידען! ווייסט איהר, איך שעם זיך פאַר אינטעליגענטען, ביז צו אנגסט. און איך בין גאַר ניט אזוינער, ווי איך זעה אויס, אויף מיין וואָרט! אַט למשל, ווען איך בין אליין, אליין מיט זיך, ווייס איך, אז איך בין באַדייטענדער פון פיעלע פון זיי און אפילו קלוגער (איך בין דאָ ניט אויסען צו באַרימען זיך, אויף מיין וואָרט, נאַר דאָס איז דער ריינער אמת) יאַ, אבער אין זייער אנוועז־זענהייט פאַרליר איך זיך, און האַלט זיך אזוי נאַריש, אז מען קען

קראנק ווערען פון בושה. אבער דער עיקר, דער עיקר איז, דארא, וואס אין די טיפענישעו פון דער נשמה פארליר איך זיך דאך און פיהל ווי א שקלאף, ווי א נידעריגער וועזען. אט אין דעם איז די נידערטרעכטיגקייט. פארשטעהט איהר: מיט'ן שכל באגרייף איך, אז זיי זענען ניט בעסער פון מיר, און אז לעבען, לעבען זיי אויך ווי אלע און, פונדעסטוועגען, פאל איך ערגעץ דארטען אראפ ביי זיך און קוק אויף זיי ווי אויף העכערע, און אינטערעסיר זיי זיך מורא'דיג, ווי לעבען דארטען, ביי זיך אין דער היים אט די... אדעליגע, סטודענטען... פאר־שטעהט איהר? דער פייער פון די לעצטע יאהר הונדערט איז נאך אין מיר! און דאך...

— אט זעהט איהר, האט איהם פלוצלינג אונטערבראכען דארא, ווען איהר זאלט זיין עהרליך צו זיך אליין, ד. ה., אז דעם געדאנק דערפון, אז איהר זענט מיט קיין זאך ניט נידעריגער פון זיי, וואלט איהר דערפיהרט ביז'ן סוף, ד. ה. ביז'ן געפיהל, וואלט זיך צופלאַ־קערט א פייער, און די ירושה פון יאהר־הונדערטע וואלט ניט גע־ווארען... און אזוי האט איהר א ניט פארענדיגטען געדאנק.

און זי האט מיט א מאָדנע אומעטיג שפּאַטישען שמייכעל א קוק געטאן אויף איהם פון אונטערן האנט, מיט וועלכער זי האט צוגע־האלטען די הוט.

טאראס האט מיט אהן צוטרוי א קוק געטאן אויף איהר.

— אבער איהר זענט גערעכט... — האט זי פלוצלינג שטיל צוגעגעבען.

ד. ה. ניט ווי אויף העכערע, נאר, ווירקליך, ווי אויף פרעמדע. דאס האט איהר ריכטיג.

טאראס האט מיט אהן צוטרוי א קוק געטאן אויף איהר.

— איז דאס אמת? אמת? איהר האט דאס אויך באמערקט? און איהר זענט דאך אזוי לאנג מיט זיי... און שוין א גאנץ יאהר פארהייראט.

— דאס איז פארשטענדליך... אז אנדער לעבען פון קינדהייט אן... פארבלייבט דאס אויפ'ן גאנצען לעבען... פיהלסט אימער עטוואס פרעמדס... נו, און וואס אמבאלאנגט קצבה, קען איך דא אלענפאלס

ניט אורטיילען! — האט זיך פלוצלינג אומערווארטעט ארויסגעריסען ביי דארא'ן.

א, ניין, ניין! — האט אפילו מיט שרעק אויסגעשריען טאראס. איך בין עפעס אנדערש — אבער איהר זענט א ווייב, א געזעצליכע...

— נו, דאס איז א קאמפליצירטע פראגע. א פאראזיט איז יעדער איינער, וואס פארדינט ניט אויף זיך!... איהר געהט איצט א היים, כ'מיין צו אונז ,אדער... וואו?

— ניין איך... וועל צוגעהן צו מיינע אייגענע... נאר איך וועל אייך באגלייטען... מען דארף געהן. זיי ווארטען...

— זיי פאראכטען מיך. מיינע אייגענע... דערפאר, וואס איך וואוין ניט מיט זיי... און דאס איז פארשטענדליך. אבער איך קען ניט... ביים קלענסטען גערויש קען איך ניט שלאפען. אינגאנצען ציטער איך אויף אינערליך, ווי איהר ווייסט... און דערנאך נאגט דאס הארץ... און נאגט... איך וועל זיכער פון זינען אראפ...

— נו, נארישקייטען! איהר דארפט זיך ערענסט היילען.

— עס, היילען זיך! דא, ביי מיר אין דער היים איז א גאנצע געשיכטע... אך! מעגליך, אז איך וועל אייך, ווען עס איז אלעס דערצעהלען... דערצו, איז נאך אט דער מיראן... אט איז דאס א מיאוסקייט! גאר זאל נאר דאס פאסירען, וועל איך זיך מיט איהם דורכרעדען, איך וועל איהם באווייזען אלערליי טעאריעס... איך וועל איהם ניט פאדערען צום געריכט; ניט אויפ'ן אינטעליגענטישען, נאר אויף מיין אייגענעם שטייגער, וועל איך זיך מיט איהם אפרעכענען. איך וועל רופען מיין ברודער. דער ברודער מיינער איז א גראבער און בייזער מענש, גיכער א פארביטערטער שווארצמאה'ניק. מיר זענען אין אנגעצויגענע באציהונגען, אבער געגען אזא מין סוביעקט וועל איך זיך אפילו מיט'ן טייפעל פאראייניגען.

— וואס־זשע האט ער אזוינס געטאן? מיראן מיין איך?

— אך! איך קען אייך ניט זאגען... ד.ה. איך קען, נאר איצט ווילט זיך מיר ניט. אפשר וועט דאס אלעס אזוי דורכגעהן... ביי מיר איז דא א גאנצע מעשה פון אלערליי... אבער זאגט מיר ווערען געפעלט מיראן זעהר? — האט פלוצלינג אויסגעשאסען טאראס.

א פארחידוש'טע האט זיך דארא אויסגעקערעוועט צו איהם און האט גלייך א פארביסענעם שמייכעל געטאן.

— איך ווייס ניט... און איהר וואס, זענט שטארק אייפערזיכ־טיג?

טאראס האט אין פארלעגענהייט פארגעבען זיין פראגע, און פאר־געבענדיג אט די פראגע איז ער איינגאנצען צומישט געווארען.

— נו, וואס רעדט איהר... איך פרעג גלאט אזוי... מען האט מיר דערצעהלט...

דארא האט זיך צולאכט.

— נו, גוט, גוט, איך וועל קיינעם ניט דערצעהלען. ווייזט דאס נאר אליין ניט ארויס פאר קיינעם. עס איז ניט גוט, ווען אנדערע זע־העז דייגע אינטימע געפיהלען.

טאראס האט זיך ניט געוואוסט וואו אהינצוטאן. ער האט עפעס לעבערליך געברומט און מיט פארוואונדערונג געצויגען מיט די פליי־צעס. און אם ענדע, געזעגענענדיג זיך, האט ער פלינק פארקערעוועט אויף צוריק.

דארא האט זיך צולאכט.

— הערט זיך איין, איהר האט זיך, גלויב איך, ניט באליידיגט?

— האט זי איהם נאכגעשריען.

— ניין, ניין! — האט ער ענטפערענדיג צו איהר א געשריי גע־טאן.

דארא האט א שמייכעל געטאן. זי האט איינגעבויגען דעם קאפ אנטקעגען דעם ווינט און צוהאלטענדיג די הוט איז זי אוועק ווייטער.



# III.

ביי די זייניגע האט טאראס ניט לאנג פארבראכט. עס איז פאר־געקומען איינע פון יענע געוועהנליכע סצענעס, וועלכע האט איהם געבראכט צו אזא אויפרעגונג, אז ער איז שיער ניט געפאלען חלשות. נאך דער סצענע איז געקומען „די וואטע“ — א צושטאנד פון אב־סאליוטער מאכטלאזיגקייט און פוילער טעמפקייט. עס האט אויס־געזעהן ווי מען וואלט אונטער'ן שארבען און אין ברוסט אנגעשטופט וואט אזוי, אז קיין געדאנק אדער געפיהל האט זיך ניט געקענט רי־רען. דאס איז געווען א באקאנטער צושטאנד, נאך וועלכען עס האט ווידער געפאלגט אן אויפרעגונג.

טאראס האט זיך קוים דערשלעפט צו די קיסעלסקים. אניסיא האט עפעס געבורטשעט, אריינלאזענדיג איהם, — נאר ער האט ניט געהערט.

אין הויז איז געווען פינסטער און שטיל. אין גאסט־צימער זיי־נען אויפ'ן סטעליע און וואנט געלעגען בלייכע פאסען פון די לאמטערנעס פון גאס. הינטער דעם גאסט־צימער איז געווען דער קלאס־צימער, וועלכען טאראס האט איצט באוואוינט. דא איז אויך געלעגען א בלאסער פאס אויפ'ן וואנט און אויפ'ן סטעליע. טאראס האט ליעב געהאט אט דעם פאס. איהם פלעגט ווערען אזוי זיס און אומעטיג, ווען ער האט לאנג געקוקט אויף אט דעם פאס.

ניט אנציענדענדיג דעם לאמפ, האט ער זיך געלייגט אויפ'ן בעט און האט מאכטלאז אראפגעהאנגען די האנט. עס איז געווען שטיל — שטיל. אפילו פון אויבען האט זיך ניט געהערט דאס טופען פון די פיס, וואס פלעגט איהם אזוי דערעסען. אזא שטילקייט פלעגט אמאל טרעפען אין טורמע.

פלוצלינג האבען זיך ערגעץ ווייט דערהערט שטימען. די שטימען זענען געקומען אלץ נעהענטער און נעהענטער. דאראַ'ס שטימע צו־ערשט; און נאָך איהר אימיצענס, אַ מענער־שטימע.

מיט אַ ליכט אין האַנט איז דאראַ אריינגעקומען אין גאַסט־צימער. נאָך איהר איז אריין סערגעי. די צעפּ זענען איהר ווי אַ גאָל־דענע קרוין געלעגען איבער'ן שטערען, דער גרויסער שטערען איז גע־ווען אַנגעכמורעט און אויף די צאַרטע קינדיש ריינע ליפּען האָט גע־פעלט די שטענדיגע פאַרשייטע איראָניע, — זיי זיינען געווען פעסט צוזאַמענגעפּרעסט, אַזוי ווי זיי וואָלטען באַשלאָסען ניט ארויסלאַזען פון מויל דאָס, וואָס איז פאַרבאָרגען אין האַרצען.

דאראַ האָט אריינגעשטעלט די ליכט אין לייכטער פון דער פּיאַ־נאָ; זי האָט געעפענט דאָס דעקעל און גענומען איבערבלעטערען די נאָטען.

סערגעי האָט זיך אַפּגעשטעלט הינטער איהר ביינקעל. זיינע בלויע, ווי געשוואָלענע אויגען אין פענסנע, האָבען געקוקט אומעטיג, מיט מורא. זיין זעהר ברייטער קלוגער שטערען האָט זיך באַדעקט מיט קליינינקע קנייטשען. דאָס פלעגט מיט איהם אימער טרעפען, ווען ער פלעגט איבערלעבען עפּעס אומאַנגענעהמעס. געוועהנליך אין אַזעלכע פעלע פלעגט דאראַ מיט איין האַנט איהם אַננעהמען פאַר'ן קאָפּ און מיט דער צווייטער אַזוי לאַנג גלעטען דעם שטערען, ביז וואַנענט אויף זיינע טרוקענע דינע און פאַרשפּיצטע ליפּען פלעגט זיך באַווייזען אַ שמייכעל, דאַן פלעגען זיך אויך צוגעהן די קנייטשען.

שטעהענדיג הינטער איהרע פּלייצעס, האָט ער מיט איין האַנט געגלעט זיין געל בערדעל, וואָס האָט דערמאַנט אָן אַן אָראָפּגעהאָנ־גענער שטרוי פון וואַגען, און מיט דער אַנדערער האָט ער אלץ געזוכט אַ פּלאַץ אויפ'ן ווענטעל פון דאראַס בענקעל, וואו זיך אַנצושפּאַרען. אָבער די האַנט האָט זיך אלץ אראָפּגעגליטשט און אַם ענדע האָט זי פאַרטשעפּעט דאראַן. דאראַ האָט זיך אומגעקוקט. זי האָט פרעגענ־דיג אַ קוק געטאָן אויף סערגעיען און דערנאָך אויף זיין האַנט און האָט זיך ווידער שווייגענדיג אויסגעדרעהט צו די נאָטען.

סערגעי האָט זיך פאַרלאָרען, ער האָט פאַרלייגט די הענט אויף די פּלייצעס און האָט גענומען אומגעהן איבער'ן צימער. אויף די פּיס

האט ער געטראגען ברייטע הויזען; זיין ברוסט איז געווען שמאל און פלאך, די קאפ גרויס. דערפאר האבען די ברוסט מיט די פלייצעס אויסגעזעהן אלס די דינסטע טיילען פון זיין קערפער. פון צייט צו צייט האט ער אונטערגעהוסט, ווי דאס טוען די, וואס ליידען פון ברוסט־קראנקהייטען.

פלוצלינג האט זיך סערגעי ווידער אפגעשטעלט הינטער דאראס פלייצעס, און האט שטיל און אומענטשלאסען געזאגט:

— דארא... מען קען דאך ניט אזוי...

דארא האט אומגעדולדיג און שווייגענדיג געמישט די נאטען.

— וואס זוכסטו? אפשר, ווייס איך... דארא!

— ניין, דו ווייסט ניט.

— דארא!

דארא האט זיך מיט פארדרוס אויסגעקערעוועט.

— נו, וואס ווילסטו? „דארא, דארא"... נו, וואס איז דען?

— וואס איז מיט דיר?

— א?

זי האט זיך ווידער אפגעקערעוועט און גענומען זוכען.

— אהא! עס איז דא... וואס איז מיט מיר? — האט זי פלוצלינג א מאדנעם קוק געטאן אויף איהם. — הער זיך איין, איך וועל זאגען.

און א לאך טוענדיג, האט זי לייכט איינגעבויגען דעם קאפ צו די נאטען און שטארק א קלאפ געטאן איבער די קלאווישען. פון אונ־טער די קלאווישען האבען זיך ארויסגעריסען שנעלע געוואגטע קלאנ־גען. זיי זענען ווי פערד: די גריוועס צובלאזען, די קעפ אויפגעהוי־בען, שטארק און קלינגענדיג קלאפען די קאפעטעס. די ווילדע פערד האבען איינגענורעט די אויערען, האבען זיך א ריס געטאן, האבען זיך אויסגעצויגען און האסטיג־ווילד זיך גענומען טראגען; פון אונטער זייערע קאפעטעס פליהען שטיקער ערד.

— דארא!

די קלאנגען — ווי דער ווינט; אטעמט מיעד, מעהר קיין כוח ניטא... קושט מיט בלאסע ליפען דאס גרויע קארן. דאס קארן בייגט איין דאס קעפעל פארשעמט און רוימט עפעס איין די בלויע בלי־מעלאך.

אויגענבליקליך האט זיך דער ווינט א ריס געטאן. ניין, ניט דער ווינט, נאר אימיצער א בלאסער, א מערדעריש־בייזער. מיט צוזאמענ־געדרעהטע הענט כאפט ער די געשרייען פון הארצען און שליידערט זיי אין הימעל אריין, אין דער ערד, און אין גאט. ענג איז איהם. עס שטיקט איהם! מעהרער אנגסטליכע ליידען, מעהרער!

— דראטשקא!!

דער שטראם טראגט זיך. אין צוריסענע שטיקער פליהט צום ברעג די שוים. צום טייפעל, שטערונגען! קוראזש! אימפעט! עס טראגט זיך דער שטראם. ער האט געכאפט א קינד פון ברעג, דאס א דרעה געטאן און עס א שליידער געטאן אין א פעלז, איינס! — און א סוף. שטיינער קייקלען זיך מיט גרויל, אומגעהויערע מאכטלאזע שטיינער. א נערודער, א געטומעל, א פייפעריי, גרוי־בלויע פאסען צושניידען דעם הימעל, דער הימעל האט זיך מיט בלוט אנגעגאסען...

— דרא!!

די ערד האט אויפגעציטערט און האט זיך געשפאלטען, און אלעס איז פארשוואונדען...

סערגעי איז געשטאנען א בלאסער מיט ליידענדיג אויסגעקרימטע ליפען.

דארא איז האסטיג אויפגעשטאנען, זיך אויסגעדרעהט צו איהם און האט א לאך געטאן.

— א שעהנע זאך... אמת? איהרע נאזפליגעל האבען זיך אויפ־געהויבען און אראפגעלאזען, דאס איז געווען א סימן פון גרויס אויפ־רעגונג. זי איז עטוואס בלאסער געווארען.

סערגעי איז שווייגענדיג אפגעטראטען און האט זיך געזעצט אין א פאטער־שטול, איינבויגענדיג די קאפ אויפ'ן האנט.

דארא איז צוגעגאנגען צו איהם, זי האט איהם שטיל א גלעט געטאן איבער'ן קאפ און געזאגט:

— נו, גענוג... עס איז מיר אביסעל שווער, אבער עס וועט דורכ־געהן. מען דארף דאס ניט נעהמען אזוי נאהענט צום הארצען...

— אבער, ווארום שווער? — האט ער מיט אנגסט אויפגעהוי־בען דעם קאפ.

— איך וויים ניט... אזוי... א סך זאכען. קליינינגקייטען. ער האט

זיך ווידער איינגעבויגען און פארטראכט — קוים וואס מען האט גע־קענט הערען, ארויסגערעדט:

— האסט זיך זעהר אומגעענדערט פאר דער לעצטער צייט. פאר־טראכסט זיך, ווערסט נערוועז. דו, מיין מונטערע, מיין ליכטיגע... און עפעס... איך וויים ניט...

ער איז אנטשוויגען געווארען. זי האט אויך געשוויגען, קיקענ־דיג אין פענסטער מיט אנגעכמארעטע אויגען.

— דארא! — האט פלוצלינג שטיל געזאגט סערגעי, ניט אויפ־הויבענדיג דעם קאפ.

זי האט שווייגענדיג א קוק געטאן אויף איהם.

— די נאכט וועל איך שלאפען ביי דיר...

דארא האט אינגאנצען אויפגעציטערט.

— ניין! — האט זי אפגעשניטען, בייז און שארף.

— אבער פאר וואס זשע?

— ווייסט אליין. לאז דאס איבער.

— אבער, דארא... מען קען דאך ניט אזוי... זעה, דו...

— ניין, זאג איך! לאז דאס. וועסט ווידער קראנק זיין א גאנ־צע וואך.דו הוסט איצט אזוי אויך א סך. דאס שאדט דיר... און אויב דאס איז פאר מיר... נו, מיט אייןווארט, וועט דאס מעהר ניט זיין,— דאס אלעס. גענוג. און אויסער דעם, וועל איך דיר אט וואס זאגען. דו מוזט איצט, גראד איצט זיין, ווי נאר מעגליך, געזונטער. דו הערסט? דו מוזט אז ענדרע מאכען, א סוף מיט מיראנען! איהם אב־סאליוט צוקלאפען, פארניכטען, פשוט אפווישען, קיין שפאר, קיין סמן ניט איבערלאזען פון זיינע טעאריעס. פארשטעהסטו? אומבא־דינגט!

— גאט מיינער! עס איז איהם אפילו ניטא וואס צו פארניכ־טען, דאס איז דאך אזוי קלאר... פאר ארגאניזאציעס פון פראסטיטוט־קעס... בע!... אבער דאס איז דאך בלויז לעכערליך.

— נו, ניט פאר אלעמען. דיר איז דאס קלאר, אבער אנדערע ניט. מען דארף, אז דאס זאל אלעמען זיין קלאר. מארגען דארפסטו טאן יערפאר אלעס. הערסטו סעראזשא, מארגען ערווארט איך פון דיר זעהר א סך. הערסט?

זי איז אפילו רויט געווארען. איהרע דינע נאז־פליגעל האבען זיך אויפגעהויבען און אראפגעלאזען. ווען זיי האבען זיך אויפגעהויבען, זיינען זייערע שפיצען ווייסער געווארען.

— דו ערגערסט זיך זעהר...

— יא, איך ערגער זיך. נאר שוין־זשע... נו, ווארשיינליך איך ערגער זיך, וואס זשע איז דא ניט צו פארשטעהן, פארשטעה איך ניט.

— איך זאג דען, אז דאס איז אומפארשטענדליך? דאס איז זעהר פארשטענדליך.

— וואס איז פארשטענדליך?

סערגעי איז געווען פארוואונדערט.

— באמת, דארא, איך פארשטעה דיך ניט. פארשטענדליך איז דאס, וואס... עס איז דא איין אורזאכע פאר דיין אויפרעגונג. אט דער... מענש האט גענוג דערעסען אלעמען און... אויסער דעם איז ער פשוט שעדליך. ניטא זיך וואס צו חידוש'ען, וואס דאס ערגערט דיך אזוי...

— צו וואס זשע זיינען אט די באמערקונגען?

— אך, דאראטשקא, נו האב איך גלאט אזוי זיך געזאגט... מענ־ליך, כ'האב א קוק געטאן אויף דיינע נאז־פליגעל...

— מיינע נאז־פליגעל האבען דא גאר ניט צו טאן!

סערגעי איז אנטשוויגען געווארען. ער האט אומעטיג זיך גע־קוקט אונטער די פיס.

— דו האסט זיך אומגעענדערט, אומגעענדערט... — ער האט ווידער געשוויגען א ווייל. — דארא!... איך וועל קומען צו דיר...

דארא האט זיך אנגעצונדען.

— סערגעי! אויב דו וועסט נאך... איך האב דיר געזאגט: ניין, דאס וועט ביי אונז מעהר ניט זיין, דו הערסט? איך וויל ניט אפפע־רען מיט דיין געזונט! איך קען ניט, כ'האב קיין רעכט ניט, עס איז מיאוס און עקעלהאפט. און אויסער דעם... נו, גענוג שוין. מען דארף מעהר דערפון ניט רעדען. זאל זיין גענוג!

— אין טאראס צימער איז עפעס אראפגעפאלען.ביידע האבען אויסגעדרעהט אהין די קעפ און זיך גענומען איינהערען.

— פע, ווי דאָס איז אומאָנגענעהם! — סערגעי איז אויפגע־שטאַנען.

— ער האָט אַלעס געהערט, דאַכט זיך, ער האָט געקענט לאָזען וויסען. קום.

און ער איז פלינק אַרויס פון גאַסט־צימער.

דאַרא האָט זיך אַנגעכמאַרעט און האָט זיך לאַנגזאַם געלאָזען געהן צו טראַראַס'עס צימער.

טאַראַס איז געשטאַנען און האָט, ווי עס ווייזט אויס, געוואַרט אויף איהר. ווי נאָר זי האָט זיך באַוויזען אויפ'ן שוועל, האָט ער גלייך גענומען רעדען, דרייטליך, הויך און בייז:

— יאַ, איך האָב אַלעס געהערט! און איך — בין אַ נידערטרעכ־טיגער מענש, איך וויים דאָס אַליין. נאָך מעהר, אַ נידערטרעכטיגער דערפאַר, וואָס כ'האָב אין אַנפאַנג געוואָלט אויפשטעהן און פאַרמאַכען די טיר... נאָר איך בין ניט אויפגעשטאַנען און האָב ניט פאַרמאַכט. און אַלעס וואָס איהר האָט גערעדט, האָב איך געהערט. אַלעס... און ווי איהר האָט געשפּילט און... אַלעס.

ער האָט זיך מורא'דיג אויפגערעגט.

דאַרא האָט זיך צוערשט אָפּגעשטעלט, דערנאָך איז זי צוגעגאַנ־גען צו איהם און האָט איהם צערטליך אַנגענומען ביים האַנט און צו־געפיהרט צום בעט.

— זעצט זיך און באַרוהיגט אייך, טאַראַס. וואָס איז דאָרטען, האָט איהר געהערט, איז געהערט.

— אָבער איך האָב געקענט ניט הערען! איך האָב געקענט פער־מאַכען די טיר...

ער האָט ווי עפּעס אַראָפּגעשלונגען.

— און איהר האָט ניט פאַרמאַכט. דאָס אַלעס. אַלענפאַלס דאַרף מען זיך אַזוי ניט ערגערען. וואָרום ציגדט איהר ניט אַן דעם לאָמפּ? איהר טראַכט אַליין? נו, באַרוהיגט זיך טייערער, מען דאַרף ניט... עס טרעפט... דערצו האָט איהר דאָך ניט געוואוסט וועגען וואָס מיר וועלען רעדען.

— יאַ, דערפאַר האָב איך ניט פאַרמאַכט פון אַנפאַנג... איך בין אַזוי מיעד... כ'האָב געוואָלט דערנאָך, ווען... און איך האָב ניט פאַר־

מאכט. איך האב געדענקט, עס וועט אייך זיין אומאנגענעהם, וואס איך האב געהערט. איך האב געטראכט, אפשר וועט איהר אוועק־געהן און וועט אינגאנצען ניט וויסען... איז אבער אראפגעפאלען די היטעל אויפ׳ן דיל... און עס איז געווארען א טומעל. אבער, איך — בין א נידערטרעכטיגער מענש!

דארא האט זיך צולאכט.

— נו, זיכער, איהר מוזט זיך גלייך לאזען קרייצען. איהר זענט מאקע א פאנאטיקער. איך האב אייך געזאגט, אז ביי אייך איז א מויל פון א פאנאטיקער. נו, גענוג, זעצט זיך, בארוהיגט אייך, צינדט אן דעם לאמפ, לעזט וואס ניט איז, און טראכט ניט דערפון. „דאס איז ניט וויכטיג", ווי אונזער באקאנטער זאגט עס. ווארום האט איהר זיך אזוי שנעל אומגעקערט פון אייערע אייגענע? נו, זעצט זיך שוין...

— ניין, דארא מיכאילאוונא, איך וועל זיך ניט זעצען. איך קען ניט... ערלויבט מיר... איבריגענס, אויב איהר ווילט, וועל איך זיך זע־צען... איך קען... נו, אט...

— מאדנער מענש. זעצט זיך ניט, אויב אייך ווילט זיך ניט. איך זאג דאס גלאט אזוי... ווארום זענט איהר אזוי שנעל אוועקגע־גאנגען פון אייערע אייגענע?

טאראס האט זיך פלוצלינג א ריס געטאן פון ארט און גענומען אומלויפען איבער׳ן צימער, דערנאך האט ער זיך אפגעשטעלט געגען דאראן.

— דארא! איך האב צו אייך א גרויסע בקשה.

זיין שטים איז געווען איין אויפגערעגטע און הייזעריגע.

— אך, ס׳ברענט ווידער! — האט ער זיך מיט כעס געכאפט פאר׳ן קאפ.

— וואס ברענט?

— דער מוח. דער פארפלוכטער מוח. נאר איך שפיי דערויף. דאס איז אלץ איינס. איך וויל אייך בעטען. איך בין נאר וואס גע־ווען ביי מיינע אייגענע. דאס איז א גרויל! איך קען ניט מעהר! איך קען ניט מעהר!... גוט, איך וועל אייך דערצעהלען.

— אבער ערגערט זיך ניט אזוי... זעצט זיך, און דערצעהלט אלעס רוהיג, ווי געהעריג איז.

דארא האט זיך אליין אנידערגעזעצט אויפ'ן בעט, און א פיהר געטאן מיט'ן האנט ארום זיך. אבער טאראס האט ניט געשענקט קיין אויפמערקזאמקייט דערצו.

— רוהיג!... כא! ניין, רוהיג קען איך ניט... אך, ווען איהר זאלט ווייסען. נאר ווירקליך, מיר וועלען אוועקווארפען אט דעם טאן. דאס איז אלץ דערפאר וואס מיין מוח... איך וועל זיין רוהיגער. יא, מען דארף זיין רוהיגער. אט איז וואס עס האנדעלט זיך. איך דארף געלט, א סך געלט. אויב איך וועל ניט קריגען קיין געלט, וועט אליא אוועקגעהן פאר א „געליעבטער" אדער פראסטיטוטקע. יא, יא! דער באלעבאס האט זי ארויסגעטריבען פון פאבריק דערפאר, וואס זי וויל ניט ווערען זיין „געליעבטע". דער ברודער ווילדעוועט; די מאמא פארפאלגט זי פאר איהר אטעאיזם. עס איז נאר וואס געווען א סצענע. איך האב שיער ניט דערלאנגט מיין ברודער מיט א מעסער. ער האט געוואלט, אז זי זאל זיך איבער'צלמ'ען נאכ'ן אווענט-ברויט און זי האט ניט געוואלט. דעם טאטען האלטען זיי אין איין עסען דערפאר וואס ער איז פאראליזירט און פארדינט גאר ניט. זיי שפייזען זיך מיט קארטאפעל און שלאפען אלע פינף אין איין צימער... שטעלט זיך נאר פאר, ס'ארא גרויל, שמוץ, עיפוש און איינגשאפט, און די לעצטע קאפי־קע געהט אויף הייליגע לעמפלאך און ליכט... גאט מיינער, איך פאר־שטעה ניט. און דערצו, דערצו, הערט זיך איין, פיהרט די מאמא אונ־טערהאנדלונגען מיט אט דעם סאלדעיעווען, דעם באלעבאס פון פאַ־בריק. זי דינגט זיך פאר אליען. זי וויל א הונדערטער און ער שטימט ניט צו. וואס פאר א קאשמאר... אליא צאפעלט זיך אין אנגסט, געהט אום ווי אין א טשאד. זי בעט מיך. אבער וואס קען איך, אזא טוי־געניכטס, אזא צופוילטער טאן פאר איהר, פאר מיין ארימער, וואס? און ווידער אמאל: עס איז אומבאדינגט נויטיג אויסקורירען דעם טאטען, און ער וועט קענען ארבייטען. די מאמא קעמפט מיט שוים אויף די ליפען, געגען יעדער פארזוך צו היילען איהם: מען טאר ניט, אזוי צו זאגען, געהן געגען ווילען פון גאט. ער, דער אלמעכטיגער, האט געשטראפט דעם טאטען פאר זיינע זינד, — און מען מוז לייי־דען. ווי איך דערצעהל אייך, דאס איז עפעס אן אומגעלומפערטער טשאד, א תהו ובהו... זיי זיינען אלע פון הונגער, פארצווייפלונג און

כעס פון זינען געריררט. גאטוניו, ווען איך זאל נאר קענען ארויסריי־
סען מיין הארץ און זיי אנהאדעווען, וואלט איך... אך! וואס איז דא
צו רעדען! איך בין א צופוילטער, איך קען אויף מיינע פיס ניט
שטעהן... קורירען זיך קען מען ניט! נו? האט איהר שוין געזעהן אזא
משוגעת? דאס איז משוגעת, משוגעת... ניין, איך קען ניט מעהר.
מיר איז אלץ איינס, איך מוז געפינען אן אויסוועג. זאגט מיר, דארא.
סעמיאן וואסיליוויטש וועט מיר קענען לייהען א דריי הונדערט רובעל?

דארא איז געזעסען מיט אן אראפגעלאזענעם קאפ. טאראס האט
געאטעמט שווער, אבער אויף איהר האט ער געקוקט ענטשלאסען, מיט
ערוואַרטונג.

— איהר מוזט אומבאדינגט האבען דריי הונדערט? — האט זי
שטיל געפרעגט.

— יא! דאס הייסט וויפיל ער וועט געבען. איך וועל אלץ־איינס
אויסבעטען קאפיקעווייז. איך האב פריהער ניט געקענט, ניט געוואלט
בעטען... אבער איצט, איך קען אליאן אזוי ניט לאזען... דערצו איז
נאך מיט איהר אט די נידעריגקייט, אט דער מיראן. דאכט זיך, אז ער
רעדט איהר איין צו ווערען א פראסטיטוטקע... א, זאל נאר!...

— וואס רעדט איהר?! — האט דארא פלינק אויפגעהויבען
דעם קאפ.

— דאכט זיך, זי זאגט ניט, נאר עס זעהט אויס, אז ער האט א
האנט דערביי.

— ניין, דאס קען ניט זיין! — האט דארא געזאגט ענטשלאַ־
סען, — עס קען ניט! ניין, ניין!... דאס האט איהר... אבער וועגען
דעם שפעטער... איצט, גלייך... ווייסט איהר וואס: ווארט דא צו
און איך וועל געהן. נאר, ניין... געהט איהר צוערשט צו סעמיאן וואַ־
סילעוויטשען, און אויב אייך וועט זיך ניט איינגעבען, וועלען מיר
דאן זעהן אן אנדער וועג...

— הייסט עס, אז איהר צווייפעלט? — האט שטיל געפרעגט
טאראס.

— דארא האט זיך עטוואס פארלארען. דערנאך האט זי איהם
גלייך א קוק געטאן אין פנים און האט פעסט און הארט געזאגט:

— אט וואס איך וועל אייך זאגען, טאראס: איך צווייפעל, ד. ה.

איך וויים ניט. מעגליך, אז ער וועט געבען. אדער אט וואס מערקט אייך; ווי ער וועט נאר אנהויבען רעדען, באמערקט; אויב ער וועט גלייך און זעהר גערן צושטימען פון ערשטען ווארט און דערביי וועט ער אייך ארומנעמען פאר די טאליע און וועט זיין זעהר העפליך, דאס הייסט, אז ער וועט ניט געבען. דאס איז שוין זיכער. נאר אויב ער וועט זיך נעמען כמארען און פארנאנדערפרעגען, — וועט ער געבען.

— אבער דאס לעצטע טרעפט מיט איהם זעהר זעלטען.

— הייסט עס, אז איך דארף איהם אלעם דערצעהלען? — האט טויב ארויסגערעדט טאראס.

— יא... נאר ניט אלץ... וועגען דער שוועסטער דארף מען ניט.

— נו, געהט, און איך וועל געהן צו ווערא און סערגעיען. ווערא מעג מען זאגען?

— יא, — האט ער געענטפערט אזוי שטיל, אז מען האט קוים געקענט הערען.

— נו, געהט שוין, גיך. אבער מען דארף זיך ניט ערגערען אזוי שטארק און זיין פארצווייפעלט. אלעס וועט זיך איינארדנען. געהט, איך ווינש אייך ערפאלג.

טאראס איז לאנגזאם אוועקגעגאנגען פאראויס, איינבויגענדיג דעם קאפ, און אויסווישענדיג דעם רעכטען שלייף. אין דער לינקער האנט האט ער געהאלטען די היטעל.

דארא האט דאס באמערקט און האט זי פארזיכטיג ארויסגע־צויגען פון זיין האנט און א ווארף געטאן אויפ'ן בעט. טאראס האט צושטרייט א קוק געטאן אויף דארא'ן, אבער זי האט איהם גלייך א פאמעליכען שטויס געטאן און געזאגט:

— עס מאכט ניט. דאס האב איך צוגענומען די היטעל. געהט.

— אך, יא, די היטעל, און איהר געהט צו ווערא'ן?

— יא...

טאראס איז אוועק ווייטער. אין פארצימער האט ער זיך אפגע־שטעלט. רעכטס איז געווען א טיר צו סערגעיען אין צימער; לינקס — די טיר אין קאבינעט צו סעמיאן וואסילעוויטש'ן. טאראס האט געמאכט עטליכע שפאן און האט זיך ווידער אפגעשטעלט. ער איז לאנג געשטאנען מיט אן אראפגעלאזטען קאפ, פונקט ווי ער וואלט

עפּעס באטראכטען. ביי סערגעיען אין צימער האָט א סקריפּ געטאָן דאָס ביינקעל. טאראס האָט זיך דערשראָקען, ער האָט זיך א צאַפּעל געטאָן, און איז צוגעגאנגען צו דער טיר פון קאבינעט און האָט מיט פארצווייפלונג אנגעקלאַפּט.

— קומט אריין, — האָט זיך קוים דערטראָגען א שטים פון אינ־ווייניג.

טאראס איז אריין, און גלייך האָט זיך איהם געוואָרפען אין די אויגען א געל געזיכט, אויף האלב באלויכטען פון אן עלעקטרישען לעמפּעל, אונטער א גרינעם אבאזשור, מיט אנגעשטעלטע אויף איהם, אין ערוואַרטונג, דורכדרינגענדיגע אויגען. דער גרויסער געטאָקטער שרייב־טיש איז געווען באלויכטען, דער אויבערשטער טייל פון קאַ־בינעט האָט געדרעמעלט אין האלבער פינסטערניש.

דערקענענדיג איהם, האָט זיך סעמיאָן וואסילעוויטש אין איילע־ניש אויפגעהויבען און גענומען אומטאנצען. ביי איהם איז געווען דאָס זעלבע בערדעל, ווי ביי סערגעיען, נאָר עס איז געווען מעהר עהנליך צו היי, וואָס איז פארגעלט געוואָרען פון שלעכטע וועטערען, עס איז געווען עטוואָס גרויליך. ער האָט געהאַט א פּליך, וועלכען ער האָט ערפאלגלאָז פארדעקט מיט די לאנגע גרויע און שיטערע האָר פון די שלייפען. אליין איז ער געווען א נידעריגער, א לויפענדיגער. א בליק האָט ער געהאַט א ליבליכען און א קלוגען.

— איך בין געקומען צו אייך מכוח אן עניז, סעמיאָן וואסילע־וויטש, האָט טאראס אנגעהויבען גלייך מיט א הייזעריגער שטים מיט אפּגעריסענע ווערטער.

— אה, ביטע, ביטע! — מיט פארגעניגען...

„ער שטימט איין, האָט מיט אנגסט א טראכט געטאָן טאראס.

— א גרויסער עניז? וואָס זענט איהר אזוי בלאַס? א? איהר קורירט די נערווען? מען דאַרף קורירען, מען דאַרף...

— איך האָב אייך געוואָלט בעטען... צו קענט איהר מיר ניט לייען א דריי הונדערט רובל... ביי מיר...

— דריי הונדערט? ווארום ניט!...

— יאָ, יאָ... מיט פארגעניגען! מיט גרויס פארגעניגען.

די סומע איז אביסעל צו גרויס... אבער נישקשה. איהר דארפט זעהר נויטיג?

„ער וועט ניט געבען", איז טאראס אינגאנצען אראפגעפאלען ביי זיך. פונדעסטוועגען האט ער אכטונג געגעבען צי וועט ער ניט ארייג־שטעקען די האנט אין קעשענע נאכ'ן טייסטער, אדער אין א וואסער ניט איז אנדער וועג באווייזען זיין צושטימונג. אבער סעמיאן וואסי־לעוויטש איז געשטאנען די הענט פארלייגט אין די קעשענעס, און זעהר ערענסט, ליבליך און גערן גערעדט.

— יא, יא, מיט גרויס פארגעניגען...

— איך וועל אייך אפגעבען אזוי שנעל ווי נאר מעגליך, — האט ווידער פארצארענט אנגעהויבען טאראס, אומלויפענדיג מיט די אויגען פארביי סעמיאן וואסילעוויטש'ן. מיין נויט איז גרויס.

— אך טייערער, מען דארף ניט... פארשטעהט זיך, איהר וועט אומקערען. איהר ווילט האבען דאס געלט גלייך?

— יא, איך, נויטיג זיך זעהר...

— מם! וואס-זשע וועלען מיר טאן? זעהט איהר, טייערער, איך האב גראד איצט נים... עס האט זיך אזוי אומאנגענעם צוזאמענ־געלייגט... מם! איך האב איצט געהאט גרויסע אויסגאבען... און די פויערימלאך ברייגגען אלץ ניט די ארענדע. צרות מיט זיי! — זיי האפען אלץ אויף גרויסע אגראר רעפארמעס, אבער גאר אויף דער סאציאליזאציע פון דער ערד... שטעלט אייך פאר' ביז איצט... אבער נישקשה, — ער האט ליבליך אנגענומען טאראס'ן פאר'ן האנט העכער פון עלענבויגען, — מיר וועלען דאס איינארדנען. איהר וועט אבי־סעלע צואווארטען, איך וועל א זוך טאן און מיר וועלען דאס איינ־ארדנען. אבער, וואס זענט איהר אזוי בלאס? און סעמיאן וואסילע־וויטש האט אפילו לייכט ארומגענומען טאראס'ן און האט איהם מיט מיטגעפיהל אריינגעקוקט אין די אויגען. — מען דארף זיך היילען. טייערער, היילען, דאס איז נעווראסטעניע, א מיאוסע זאך. קומט אריין די טעג, מיר וועלען דאס איינארדנען.

אמת?

— גוט... איך וועל... צום ווידערזעהען!

טאראס האט זיך אומגעשיקט פארנייגט און איז ארויס פון קא־

בינעט. סעמיאָן וואַסילעוויטש האָט איהם וואַרעם באַגלייט ביז דער סאַמע טיר.

בא טאַראַס'ן אין צימער זענען געזעסען ווערא מיט דאַראַן. אויפ'ן טיש האָט שוין געברענט א לאָמפּ.

ווערא איז געווען זעהר אויפגערעגט, און האָט וועגען עפּעס היים גערעדט צו דאַראַן. דאַראַ האָט איהר כמעט ניט געהערט, און איז געזעסען מיט בייזע צוזאַמענגעדריקטע ברעמען.

ווען טאַראַס איז אריין האָבען ביידע מיט ערוואַרטונג א קוק געטאָן אויף איהם.

— נו? — האָט אומגעדולדיג געפרעגט ווערא.

— ניין. ער האָט צוגעזאָגט די טעג צו געבען...

— ...גאַטעניו! — האָט זיך טאַראַס פּלוצלונג אָנגעכאַפּט פאַר'ן קאָפּ. — ס'אַרא אידיאָט איך בין! ס'אַרא אידיאָט! „דריי הונדערט רובעל" אקוראַט ווי דאָס וואָלט געווען דריי קאָפּיקעס. ווי ער מוז דאָס לאַכען פון מיר. אַך, ס'אַרא שאַנדע!

ווערא איז רויט געוואָרען.

— נו, וואָס שאַנדע? ווער שאַנדע? — האָט זי גענומען רעדען ווי א שולדיגע אין איילעניש. עס איז שוין גאר קיין שאַנדע ניט, און לאַכען וועט ער אויך ניט, דאָס האָט ער אַזוי זיך... אבער ער וועט געבען. איך מיט סערגעיען וועלען נאָך רעדען מיט איהם. ניט גוט, וואָס איהר זענט געגאַנגען, מען האָט באַדאַרפט אַנדערש, נאָר גאָר־ניט... מיר וועלען דאָס...

פּלוצלינג האָט זיך דאַרא אויפגעהויבען און, ווענדענדיג זיך צו טאַראַס'ן האָט זי שטורמדיג געזאָגט:

— איך פערזענליך, טאַראַס, קען אייך גאַרניט העלפען. איהר הערט. כ'האָב ניט אפילו קיין גראָשען. העלפט זיך, ווי איהר ווילט. און זיך אויסקערעווענדיג איז זי פלינק ארויס פון צימער. טאַראַס האָט איהר צושטרייט נאָכגעפאָלגט מיט'ן בליק.

— זי האָט זיך צוקריגט מיט סערגעיען, — האָט ווידער ווערא גענומען דערצעהלען אין איילעניש. — שענקט דעם ניט קיין אויפ־מערקזאַמקייט. זי איז א זאָנדערבאַרער מענש, אַזוי איז ביי זיי שטענדיג, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען געלט. באַרוהיגט אייך, טאַ־

ראָס, ליעבער, גוטער, באַרוהיגט אייך... מיר וועלען אַלעס טאָן... זעצט זיך... דאַ.

טאַראַס האָט זיך אויטאָמאַטיש געזעצט. ווערא האָט זיך אַני־דערגעזעצט נעבען איהם, און אַנגעמענדיג זיין האַנט האָט זי זי גענומען גלעטען מיט אַ שולדיגען און פיינליכען רחמנות. טאַראַס האָט צו־גענומען די האַנט. ווערא האָט זי ווידער גענומען, אַריינקוקענדיג איהם דערביי אין די אויגען.

— מען דאַרף ניט! — האָט ער אַ ברום געטאָן מיט פיין.

— ניין, מען דאַרף. איך וויל אַזוי...

זעהט נאָר, ס׳אַרא אומגעהאַרכזאַמער ער איז דאָס געוואָרען. זיצט שטיל! און אַליין האָט זי צו דער זעלבער צייט, אומרוהיג און שולדיג איהם אַריינגעקוקט אין פנים אַריין.

טאַראַס האָט פון דער זייט אַ קאַסען קוק געטאָן אויף איהר און אַ קרומען לאַד געטאָן.

— וואָס לאַכט איהר?

— גלאַט אַזוי...

— נו צו וואָס?

— כ׳וועל ניט זאָגען... און איבריגענס... איך לאַד דערפון, וואָס איהר דאַרפט. אַז איך... אַז איהר זאָלט מיך זעהן אַז אומגליקליכען... דאָן בלויז זענט איהר... גוט צו מיר. איהר וואָלט זיך בעסער געפינען אַ וואָסער ניט איז קרעציג הינטעל, וואָס מיאוסער און אומגליקליכער אַלץ מעהר וועט איהר דאָס ליעב האָבען און רחמנות האָבען אויף דעם... איבערהויפט — רחמנות האָבען. אָבער איך זאָג אייך...

— דאָס איז ניט אמת, — האָט שטיל און פאַרשעמט געזאָגט ווערא, אַרויסלאָזענדיג זיין האַנט.

— ניין, דאָס איז אמת! — האָט זיך פלוצלינג אַזוי האַסטיג און ביין אַנגעצונדען טאַראַס. — אמת! איהר ווייסט אַליין, אַז דאָס איז אמת. — יאָ, יאָ! ווען איך בין געווען אין טיורמע, אַז אומ־גליקליכער, האָט איהר... עט, נאַד וואָס דערמאָנען! איהר האָט מיך כמעט ליעב געהאַט. און, אַז איך בין אַרויס... איך ווייס, איך ווייס, אַז ווענען קיין שום ליעבע קען קיין רעד ניט זיין, זיכער! איך פאַר־

שטעהן דען אליין ניט. עפּעס א כאַפּ, א קלעגליכער זעצער און א טאַכטער פון א גוט־באַזיצער, אַן אינטעליגענטקע...

— טאַראַס! — איז ווערא אויפגעשפּרונגען פינקלענדיג מיט די אויגען.

— אויב איהר וועט מיר נאָך אַמאָל זאָגען וועגען דעם, כ'מיין וועגען ארבייטער און אינטעליגענטען, וועל איך מיט אייך... מעהר ניט רעדען! ניט אין דעם האַנדעלט זיך, אויב איהר ווילט וויסען! שוין גאָר ניט אין דעם!

— אין וואָס דען? האָט בייז פון אויבען אראָפּ א קוק געטאָן אויף איהר טאַראַס. אין דעם אפשר, וואָס די קני זענען ביי מיר ווי ביי א גריל?

— וואָסערע קני?

— איהר האָט פארגעסען? מם! געדענקט איהר אין יענעם טאָג, ווען איך בין אַרויס פון טיורמע, בין איך געזעסען ביי אייך אין צימער, האָט איהר א קוק געטאָן אויף מיינע קני און איהר האָט געזאָגט: „ס'אַרא דאַרע קני ביי אייך זענען, ווי ביי א גריל!" איהר געדענקט. אלענפאַלס, געדענק איך דאָס זעהר גוט.

ווערא איז רויט געוואָרען.

— וואָס־זשע איז דערפון צו דרינגען? — האָט זי געפרעגט מיט פארוואונדערונג.

— גאָרניט! בלויז דאָס, אַז די גאַנצע זאַך איז אין מיינע אויס־געדאַרטע קני און שוין... נו, מיט איין וואָרט מיט'ן גוף האָב איך זיך ניט איינגעגעבען, דאָס אלעס... אבער די נשמה... דאָס...

— טאַראַס! — האָט מיט כעס איהם פלינק איבערגעשלאָגען ווערא.

— וואָגט ניט צו רעדען ווייטער! אַז ניט... און פאַרשרייבט זיך איינמאָל פאַר אלע מאָל: מיר זענען דערוויידער, מיאוס, איהר הערט, מיאוס ביז צו עקעל אָט די אייערע, אזוי גערופענע, רעאלע באַציהונגען, אָט דער גוף אייערער. איך רעכען דאָס פאַר אַן ערני־דערונג פון דעם מענשען. פאַר אַן ערנידערונג, איהר הערט? אויב איך האָב עפּעס געזאָגט וועגען די קני איז דאָס פשוט אזוי זיך ניט דערפאַר, וואָס איך פיהל צו אייך ניט קיין ליעבע. איך פיהל

זי צו קיינעם ניט און וועל זי ניט פיהלען. אט אין וואס עס האנדעלט זיך, אויב איהר ווילט וויסען. אייערע זשע... אייער נייגונג צו ער־קלערען אלעס מיט קערפערליכע אורזאכען געפעלט מיר שרעקליך ניט. אט פארוואס איך האב גערעדט מיט אייך וועגען דער ניט ענליכקייט פון אונזערע נשמות.

— ניט ענליכקייט פון נשמות? — האט טויב איבערגעפרעגט טאראס.

— יא, נאר... עפעס ציהט מיך צו אייך... איך ווייס ניט, וואס. אין אייך איז דא עפעס גוטעס.

— עט! — ווארפט אוועק אייערע מתנה'לאך פון רחמנות... אליין איינס...

ער האט עפעס געזוכט מיט די אויגען. דערזעהענדיג, די היטעל אויפ'ן בעט, האט ער זי גענומען, אנגערוקט זי אויפ'ן שטערען און האט זיך געלאזט געהן צום טיר.

— וואוהין געהט איהר? — האט זיך ווערא פאר'חידושט.

— טאראס!

— וואס געהט עס אייך אן? — האט טאראס גראב א זאג געטאן, זיך אויפהאלב אויסקערעווענדיג — איך וועל געהן וואוהין איך וויל.

—אבער עס וועט דאך באלד קומען סערגעי, מיר דארפען זיך דורכרעדען, טאראס!

— מען דארף ניט. איך דארף גאר ניט! צום ווידערזעהן.

אבער ווערא איז צוגעלאפען צו איהם און האט איהם אנגעכאפט פאר אן ארבעל.

— ווארט צו. געהט ניט... איך בעט אייך... איך בעט אייך זעהר פארבלייבט... מען דארף אין ערגעץ ניט געהן. עס טוט מיר זעהר וועה. איהר גלויבט ניט? ניט קיין גוטער איז אייער געלעכטער, אבער אליין איינס. עס טוט מיר שרעקליך וועה. איך בין גרייט צו פאלען צו אייערע פיס און קושען אט די זעלבע קני אייערע. איהר ווילט?

זי איז געווען זעהר בלאס. די שאטענס אונטער די באקען־ביינער זענען געווארען טיפער, איבער זיי, אראפצו, זענען אומגעלאפען

שטראמעלאר, און גדוכט האט זיך, אז דאס גאנצע געזיכט פינטעלט; געאטעמט האט זי האסטיג און שווער.

טאראס האט מיט פארוואונדערונג א קוק געטאן אויף איהר מיט זיין באטריבטען אויפציטערענדיגען בליק און האט זיך אומענטשלאַ־פען אפגעשטעלט.

— געהט ניט. קומט אהער... זעצט זיך... נו, איך בעט אייך, זעצט זיך... נעהמט אראפ אייער היטעל. גיט זי אהער...

— איך וועל ניט געבען...

— גיט מיר, זאג איך אייך! גיט מיר די היטעל.

— גאטעניו, וואס טוט איהר דאס מיט מיר! א, שמייכעלט ניט אזוי וועהטאגהאפט... הערט אויף... איהר זענט — אויסגעמאטערט. איהר זעהט אויס שרעקליך... איך בעט אייך, גיט מיר אייער היטעל?...

אומערוואַרטעט האט זי איהם אנגעכאפט ביי דער האנט, האט זי צוגעדריקט צו איהרע ליפען און זיך יאמערליך צעוויינט, קושענ־דיג און דריקענדיג די האנט.

ווערא... ווערא... — האט דערשראקען געשטאמעלט טאראס, שיעור אליין ניט וויינענדיג און ארויסרייסענדיג די האנט.

— ניין, ניין, זיצט, זיצט...

טאראס האט פלוצלינג מיט גוואלד ארויסגעריסען די האנט און איננאנצען ציטערענדיג זיך אויפגעשטעלט.

— מען דארף ניט! איהר הערט? איך דארף דאס ניט! איך פארשטעה אייך ניט... און... עט, צום טייפעל אלעס, און מעהר גאר־ניט! און א ווארפטועענדיג זיך פון צימער איז ער ארייננעלאפען אין גאסטצימער. אנטקעגען איהם האט שנעל געשפאנט סערגעי.

— וואוהין געהט איהר טאראס? וואס טוט זיך דא? געהט איך וויל מיט אייך...

טאראס האט זיך אויף האלב אויסגעקערעוועט. — איך דארף קיין זאך ניט! גאר ניט! איהר הערט? איהר הערט? איך וויל פון אייך קיין זאך ניט! איך וועל אליין... כ'וועל זיך באגעהן... גענוג... גענוג צו זיין אן ארימאן... מען דארף ניט! און ער האט זיך ווידער א ווארף געטאן פאראויס. ער האט זיך פארטשעפעט אין טיר פון עס צימער, ער האט מיט עפעס א דונער געטאן און איז מיט א רעש

ארוים אין פארצימער און איז פארשוואונדען דורך דער הינטערשטער טיר.

סערגעי א באטויבטער האט איהם שווייגענדיג נאכגעקוקט, און האנט האט ער געהאלטען עטליכע פאפירלאך.

אין טאראס צימער איז געוועזן שטיל.



# IV.

מיראן האט פארזיכטיג, זיך באמיהענדיג ניט צו טומלען ארויס־געצויגען דעם מאנטעל א‍ין געוואלט ארויסגעהן, נאר אין דער זעלבער צייט האט זיך דערהערט פון מארוסיא׳ס צימער:

— דו געהסט שוין אוועק, מיראן?

מיראן איז געבליבען שטעהן.

— ניין, איך וועל באלד קומען. דו קענסט נאך שלאפען.

— איך בין שוין פון לאנג אויפגעשטאנען. ווי שפעט איז איצט?

— ניין אזייגער.

מיראן האט אויסווארטענדיג א קוק געטאן אויפ׳ן טיר. דערנאך האט ער אנגעטאן די הוט און איז ארויסגעגאנגען.

אין א 15 מינוט ארום האט ער זיך אומגעקערט און האט אנגע־קלאפט צו מארוסיען.

— קום אריין, וואס פאר א קונצען!—האט זי זיך פויל אפגע־רופען. מיראן איז אריין אין הוט און אין מאנטעל צו מארוסיאן אין צימער. מארוסיא איז געזעסען אויפ׳ן בעט מיט׳ן עלענבויגען אנ־געשפארט אין טיש, און די קאפ האט זי אנגעלייגט אויפ׳ן האנט. דאס געזיכט האט אויסגעזעהן מיעד און גרוי, אונטער די אויגען זע־נען געווען געל־בלויע קרייזען. די ליפען האבען ווי עס ווייזט אויס אלע ווייליע געטריקענט, ווייל זי האט זיי אפט באנעצט מיט׳ן צונג. געקוקט האט זי אין פענסטער, ערגעץ אין דער ווייטקייט איבער דעם ים פון דעכער און קוימענס. דער הימעל איז אלץ געווען אינגאנצען באדעקט, ערטערוויין מיט טונקעלע, ערטערוויין מיט גרויע וואל־קענס. זיי אויך, ווי אויסגעניכטערטע נאך א שכרות, האבען זיך מיעדע קוים באוועגט און אומגערן ארויפגעקראכען איינע אויף די אנדערע.

— איך, מארוסיא, געה באלד אוועק, און וועל מסתמא ניט קור־
מען ביז פארנאכט, האב איך געקויפט פאר דיר אנבייסען א הערינג
און אט...

ער האט ארויסגענומען פון קעשענע א קליין פלעשעלע בראנ־
פען.

— אויף דערפרישען זיך. אבער ווארעמעס ווערסט זיך אליין
מאכען, און שעמען דארף מען זיך ניט. געלט האסטו אויף מיטאג?

— כ׳האב, — האט בייז א זאג געטאן מארוסיא. — די נעכ־
טיגע צעהן רובעל...

— אבער דאס איז דאך ניט דיין געלט...

מארוסיא האט מיט פארוואונדערונג אויסגעדרעהט צו איהם דעם
קאפ.

— ניט מיינע? וועמענס־זשע דען?

— יערמאלקינס. דו האסט זיי דאך גענומען על פי טעות?

— ווי הייסט על פי טעות?

— דו האסט דאך ניט צוליעב געלט געהוליעט?... נאר צוליעב
פארוויילונג... דארף מען דאס געלט, הייסט עס אפגעבען...

מארוסיא האט לאנג און דורכדרינגענדיג געקוקט אויף איהם.

מיראן האט מיט א שמייכעל געווארט. זיינע גרינבליכע אויגען
וואס האבען זיך איבערגעגאסען מיט געלע פונקען האבען נאכגעפאלגט
מארוסיאן.

— און אויב יע צוליעב געלט? פון וואנעט ווייסטו?

— נו, דאן, ווארשיינליך, זענען זיי דיינע... אבער מיר נויטיגען
זיך נאר דערוויילע נים.

— און אויב מיר זאלען זיך נויטיגען, וואלסטו, מעגליך, מיך אליין
געשיקט.

מיראן האט זיך גוטמוטיג צולאכט.

— אך ס׳ארא כיטרע דו ביזט! ווייסט דאך אז איך וואלט דיך
ניט געשיקט.

— פארוואס?

מארוסיא׳ס געזיכט האט אויסגעזעהען פינסטער, גרוי און מיעד.
און געפרעגט האט זי אזוי גלאטיג, אט ווי זי וואלט דאס געטאן צו־

ליעב דעם פראַצעס פון געשפּרעך. פון דער זייט האָט זי אַלץ געקוקט אויף דעם פלעשעל בראַנפען.

— נו, וואָס, מאַרוסיאַ, זאָל איך אָפּגעבען יערמאַלקינען דאָס געלט?

— זי האָט פלוצלינג טיעף אָפּגעזיפצט.

— ווי דו ווילסט... אבער אַט וואָס...

מאַרוסיאַ'ן האָט ווי עפּעס אַ צופּ געטאָן.

— צי דו וועסט אָפּגעבען, אָדער ניט, מיר איז דאָס איצט אַלץ איינס. איך געה נאָך היינט אַוועק אין... אַ הויז. נאָך אייערנעכטען האָב איך זיך באַגעגענט מיט אַן אַלטער באַקאַנטער... זי איז איצט דאָ. זי רופט, כ'וועל געהן...

מיראָן איז געוואָרען ערענסט. ער האָט דורכדרינגענד געקוקט אויף דער שוועסטער.

— נאָך וואָס־זשע וועסטו געהן? — האָט ער שטיל געפרעגט.

— אַזוי זיך... עס ווילט זיך... צוליעב דעם וועל איך געהן.

— עס איז דיר לאַנגווייליג מיט מיר?

— וואָס געהט עס דיר אָן, — האָט זי מיט כעס אַ קוק געטאָן אויפ'ן ברודער. — איז דאָס דען ניט אַלץ איינס?

מיראָן האָט שווייגענדיג און ערענסט פאַרטגעזעצט צו קוקען אויף איהר, און ווידער האָט זיך אין זיינע אויגען באַוויזען אַ פּיינליכער און אומעטיגער אויסדרוק. ער האָט זיך אומגעקוקט אַרום און אַרום, האָט לאַנגזאַם גענומען אַ ביינקעל און זיך אַוועקגעזעצט.

זי האָט זיך מיט עקעל גענומען קנייטשען:

— אַ, עס וועט שוין זיין אַ געשפּרעך... עס האָט מיר דערעסען.

— ניין, עס וועט ניט זיין קיין געשפּרעך... האָט שטיל געזאָגט מיראָן, קוקענדיג אין פענסטער. — עס וועט ניט זיין קיין געשפּרעך...

— זאָג מיר קלאָר: וואָרים ווילסטו אַוועקגעהן אַהין?

מאַרוסיאַ האָט מיט רציחה אַראָפּגעריסען די האַנט פון טיש, און געענטפערט מיט אַ פראַגע:

— און דו זאָג מיר אויך קלאָר: וואָרום דו ווילסט ניט, אַז איך זאָל געהן אַהין? נו?

— ווייל שלעכט איז דיר דאָרטען.

מארוסיא האט זיך אנגעצונדען.

— ווידער אמאל?! אבער דו ליגסט דאך! דערפאר וואס עס איז דיר א בזיון. דערפאר וואס דאס איז א שאנדע און א חרפה! און דו, נים קוקענדיג דערויף, וואס דו באמיהסט זיך מיך ארויס־שלעפען פון דארטען, און שרייסט אוים שטאלץ אז עס איז גאר קיין שום שאנדע דערביי ניטא, נאר עס איז בלויז שלעכט פאר מיר. אבער פארוואס איז מיר שלעכט, פרעג איך דיך? בין איך דען הונגעריג, אדער עס איז מיר קאלט, אדער לאנגווייליג דארטען? מיאוס און עקעלהאפט איז דארטען, אט וואס עס איז שלעכט? פארשטאנען? אט ווי זאלסט שלינגען שמוץ טאג און נאכט... אזא בלאטיגע בלייע שמוץ פול עיפוש... געזעהען? אט וואס איז שלעכט דארטען!

— ווילסט שלינגען נאך?

— יא, איך וויל. ס'געפעלט מיר... כע!

מיראן האט שווייגענדיג געקוקט אויף איהר.

— נאכוואס זאלסטו טאן דאס, וואס דו רעכענסט אליין פאר מיאוס? — האט ער ווידער שטיל אנגעהויבען. זעהסט, אט דאס טאקע איז מיאוס, ווען דו זאלסט עס נים רעכענען פאר קיין שענד־ליכער זאך, וואלט איך דיר דען אפגעהאלטען דערפון? געה און טו וואס דו ווילסט אבי זאלסט אליין גלויבען, אז דו טוסט גוט.

ער איז אנטשוויגען געווארען און געקוקט אויף איהר, ווי ער וואלט עפעס ערווארטען. מארוסיא האט געשוויגען.

— און אויב מיט דיר איז נאך ערגער, ווי דארטען? — האט זי פלוצלינג, זיך נים אויסקערעווענדיג א זאג געטאן.

מיראן האט אנגעבויגען דעם קאפ, האט אפגערוממט די ברעקלאך פון טיש און איז לאנגזאם אויפגעשטאנען.

— נו, טו אזוי, ווי דו געפינסט פאר בעסער... אויב מיט מיר איז ערגער, געה אהין, וואו עס איז בעסער...

מארוסיא האט זיך אויסגעדרעהט צו איהם. איהרע אויגען הא־בען זיך אויפמערקזאם און שולדיג אפגעשטעלט אויף איהם.

— דאן... זיי געזונט!... ווען געהסטו אוועק?

מארוסיא האט אויסגעצויגען די האנט איבער'ן טיש, ווי זי וואלט איהם וועלען אפשטעלען.

— זיי ניט בייז ראַניאַ... איך וויל דיך ניט באַליידיגען... איך זעה, אז דו באַדויערסט מיך און האַסט מיך ליעב, אבער איך קען ניט... שווער איז מיר דאַ... יעדערער קוקט אויף דיר, ווי אויף א פאַרלאָרענער... זאָגסט דאך אליין, אז אַלע קוקען אויף אונז: אדער מיט רחמנות, אדער מיט עקעל. וואס זשע דאַרף מען נאך מעהר? און מיר ווילט זיך דאך לעבען צווישען מענשען.

— יאַ, אבער וואס געהט דיר אן, ווי עס קוקען אנדערע?! האט זיך מיראן פלוצלינג אינגאַנצען פאַרוויטעלט. — ווי קוקסט דו אליין? דאַרטען איז שענדליך, — געה ניט אהין. פאַר זיך זיי ריין, ווייל זיי, אט די מענשען האבען געלעבט ניט אזוי ווי דו, מוזען זיי שוין אויך טראַכטען אנדערש. דו ליידסט מעהר דערפון, וואס דו קוקסט אליין אויף דעם וואס דו טוסט ווי אויף א מיאוסער זאך. טו עס ניט, אויב עס איז מיאוס, זאָלסט אפילו שטאַרבען דאַרפסטו ניט טאָן דאס, וואס דו רעכענסט אליין פאַר מיאוס! אויב דו טוסט, טאָ טו אזוי, אז דיין שכל זאָל רעכטפערטיגען דאס, וואס דו טוסט. שפּיי אויף אנדערע, פאַרגעס וועגען דעם, וואס זיי טראַכטען! שפּיי אויך אויף מיר: איך דענק, אז עס איז ניט שענדליך, נאָר שווער, וואָרום־זשע ווילסטו, אז איך זאָל דענקען אזוי, ווי דו? טו ווי דו פאַרשטעהסט! און ווידער האט אין זיינע אויגען דורכגעשוועבט א נייגעריגקייט.

מאַרוסיאַ האט אפּגעזיפצט.

— דערפאַר וואס ניט פון הארצען זאָגסטו אַרויס אַלע דיינע געדאַנקען, אט דערפאַר טו איך. נו, זאָל זיין גענוג, ראַניאַ, מירביידע וועלען זיך צו קיין זאך ניט דער־רעדען... האַלט־זשע מיך ניט אָפּ, רעד מיך ניט אָפּ, איך וועל אוועקגעהן. איך וויל דיך ניט באַלעס־טיגען, און אליין וויל איך אויך ניט... אַלץ איינס... ווער עס איז שוין איינמאָל אהין אריינגעפאַלען, — א סוף צו דעם... פּרואוו זיך אפילו ניט... זיי ניט בייז, ראַניאַ... ווירקליך... נו איצט וועל איך אויס־טרינקען... איצט איז דאך שוין אַלץ איינס...

זי האט א קלאַפּ געטאָן מיט דער דאַלאָני אין דנאָ פון פלעשעל און גענומען דורשטיג טרינקען גלייך פון העלזעל. איהרע אויגען האַ־בען זיך אויף האַלב פאַרמאַכט. זי האט געטרונקען מיט גרויס פאַר־גענוגען.

מיראַן האָט שטיל און אויפמערקזאַם געקוקט אויף איהר. מאַרו־סיא האָט צוגענומען דאָס פלעשעל פון די ליפּען. זי האָט אָפּגעווישט די ליפּען מיט׳ן אַרבעל און, אַ שמייכעל טוענדיג צו מיראַנען, גע־זאָגט:

— יאַ... אָט דערפאַר אורטיילט דאָרטען קיינער ניט. אַלע זע־נען אַזוינע. ניטאָ קיין באַדויערונג, ניטאָ קיין שאַנדע, — אַלע זענען איינענע.

זי האָט ביים שיין אַ קוק געטאָן אויפ׳ן פלעשעל, האָט מיט שפּאָט אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ, און האָט ווידער אויף האַלב פאַרמאַכט די אויגען און גענומען טרינקען. עס האָט אויסגעזעהן, אַז זי האָט געוואָלט וואָס גיכער אויסטרינקען דאָס גאַנצע פלעשעל.

מיראַן האָט אַלץ אַזוי געקוקט און געשוויגען.

— אָט אַזוי... — האָט זי געזאָגט. — אַזוי איז בעסער, פאַר׳ן בראַנפען אַ דאַנק...

איהרע אויגען זענען געוואָרען לעבעדיגער, דאָס געזיכט האָט זיך פאַרוויטעלט און דערפרישט.

— ווייסטו וואָס, מאַרוסיא, וואַרט נאָך צו אַביסעל, — האָט פּלוצלונג שטיל געזאָגט מיראַן.

— צו וואָס? —

— אַזוי... וועסט זיין אַביסעל, וועסטו זעהן... וועסט דאָך שטענ־דיג דערוויייזען... וואַרט... און אויב דו פיהלסט אַ נויט אין וואָס, טו אַלץ וואָס דו ווילסט נאָר. ווילט זיך אויסטרינקען, טרינק, איך פאַרשטעה דאָך... פיהלסט אַ באַדערפעניש אין אַ מאַן, געה קלייב דיר אויס וועמען דו ווילסט און ברייננ אַהער, טו אַלץ וואָס דו ווילסט...

מאַרוסיא איז רויט געוואָרען, אָבער זי האָט אויפמערקזאַם אַ קוק געטאָן אויף איהם. איבער מיראַן׳ס געזיכט איז אַזוי ווי דורכגעלאָפען אַ שפּאָטישער שמייכעל, נאָר ער האָט פאָרטגעזעצט צו רעדען שטיל, ערענסט מיט אַ קוים באַמערקבאַרען אומעט:

ווירקליך, מאַרוסיא... צו וואָס לייגען פאַר זיך אַליין? ביי דיר איז דאָס שוין געוואָרען אַ געוואוינהייט. קענסט זיך ניט העלפען. דאָס שעמט מען זיך אַנערקענען און פיעלע פון די, וואָס מען ראַ־

טעוועט ארויס פון די שאנד־הייזער, קערען זיך דערפאר אפט אום צוריק... מען דארף ניט... קיין שלעכטעס איז אין דעם ניטא. עס וועט דאך קיינעם קיין שלעכטס ניט ארויסקומען דערפון, וואס דו וועסט ברייננגען אהער א מאן, וועסט זיך אליין בארוהיגען און איהם אויך קיין בייז ניט טאן...

מארוסיא האט פון איהם קיין אויג ניט אראפגענומען.

— און דו רעדסט דאס פון הארצען? — האט זי שטיל גע־פרעגט מיט א פארבאהאלטענעם כעס.

ווידער איז א לייכטער שפאטישער שמייכעל, ווי א מויז, דורכ־געלאפען איבער מיראן'ס ליפען.

— צו וואס זאל איך לייגען?

— און דאס איז אויך גוט? דאס איז אויך ניט קיין שאנדע?

— נו, וואס איז אין דעם שענדליכעס?

מארוסיא האט פלוצלינג א בייזען לאך געטאן.

— יא, איבריגענס, פארשטעהט זיך... פאר מיר וואס איז דא שענדליכעס... ממ!... אוועקגעגאנגען, געגומען און געבראכט...

מיראן האט זיך אנגעכמורעט.

— קיינער דארף זיך ניט שעמען. יעדער מענש, אויב ער פיהלט א באדערפעניש זאל געהן, נעהמען און ברייננגען; א מאן אדער א פרוי — אליץ איינס...

מארוסיא האט זיך אויך בייז אנגעכמורעט.

— מיראן, לייג ניט מעהר! עס זעהט אויס, אז דו ווילסט זיך אויסדרעהען. לאז דאס איבער. האסט געזאגט ניט א טראכטענדיג, און דאס איז דער ריינער אמת. נו, וויל איך ניט, ניט געהן, ניט ברענגען צו דיר וועמען עס איז... זיי וועלען שוין אליין קומען, צו עס וועט זיין צו עס וועט ניט זיין קיין גוט... און זאגסט נאך, אז דו לייגסט מיר ניט! אט ווי דו אליין קוקסט אויף מיר; וועסט געהן, וועסט ברייננגען... דו וועסט יענער, וועמען וואלסט ליעב געהאט, זיכער ניט געזאגט: „וועסט געהן, וועסט ברייננגען". וואלסט מיט דיינע אייגענע הענט זי דערוואָרגען פון אייפערזוכט און שאנדע. און איך וואס... א צוגעוואוינטע...

— ניין, איך וואלט אויך יענער געזאגט, — האט לאנגזאם ארויס־

נערעדט מיראן קוקענדיג גלייך אויף מארוסיא'ן. — קיין שאנדע איז ניטא אין דעם, און זיין אייפערזיכטיג דארף מען ניט. דאס מיינט, אז איך האב ניט געקענט געבען קיין באפרידיגונג, און עס איז דא א באדערפעניש, אהן א באדערפעניש ווערסטו ניט געהן זוכען אין אן אנדער ארט. ווער עס איז זאט, דער וועט ניט געהן עסען קיין קאר־טאפעל... די צרה איז בלויז דאס, וואס פרויען זענען געוואוינט מען זאל זיי נעהמען. אליין נעהמען וואגען זיי אפילו ניט צו טראכטען...

— נו, לאז דאס! — האט זיך מיט פארדרוס אפגעקערעוועט מארוסיא. — זאל זיין גענוג. מיר וועלען ניט פארשטעהן איינע די אנדערע. עס זעהט אויס, אז איך בין צו נאריש... זיי געזונט... געה אוועק...

מיראן איז ניט אוועקגעגאנגען. ער האט פארטראכט געקוקט אין פענסטער אויף די וואלקענס, וועלכע האבען זיך קוים באוועגט. זיין געזיכט איז בלאס געווארען. די ליפען האבען זיך צוזאמענגעפרעסט אין א קרומען פארגליווערט־שפאטישען שמייכעל. מארוסיא האט אויך געקוקט אין פענסטער.

— יא, — האט פלוצלינג טיעף אפגעזיפצט מיראן.

— מיר וועלען ניט פארשטעהן איינע די אנדערע...

— און גאט ווייסט, אויב אימיצער אנדערש וועט דיך פאר־שטעהן... — האט פארצארענט און שפאטיש א זאג געטאן מארוסיא. — ווערסט דארפען זוכען...

— אבער פונדעסטוועגען ווארט צו, מארוסיא. א? האט מיראן שטיל א שמייכעל געטאן. געה ניט אוועק... פיליכט וועלען מיר זיך ווי ניט איז איינלעבען... דיר איז דאך פארט שווער דארטען. א, מא־רוסיא?

מארוסיא האט געשוויגען.

— דענק דיר אויף דיין אייגענעם שטייגער, איך אויף דעם מייני־גען... נאר וואס־זשע זענען די איבעריגע ליידען? אמת, מארוסיק... מיר האבען זיך דאך ביידע ליעב... ווערסט זיך צולערנען אביסעל, ווערסט אפגעבען עקזאמען, וועלען מיר ארבייטען צוזאמען, דאן ווערסטו זיך פארליבען אין אימיצען, ווערסט האבען א קינד...

מארוסיא האט פלינק א בליק געטאן אויף איהם. זי איז רויט געווארען.

— אמת. דאס איז דאך דאס גוטיגסטע, וואס דו דארפסט האבען. טראכט זיך אריין... געהסטו אבער אוועק, ועסטו אזוי גיך זיך ניט אויסרייסען און קיין קינדער וועסטו ניט האבען... צו וואס־זשע איז דאס? און איך וואלט אט אזא מין קליינינקען... א? עס קלאפט זיך דאך ביי דיר דאס הארץ ווען דו גיסט א טראכט, עס קלאפט זיך, מארוסיק? מיר וואלטען אזוי וואויל געלעבט... פאר א גוטען און שטארקען וואלטען מיר איהם געמאכט... ווירקליך, מיין גוטע, מען דארף דאס ניט. נו, קוק אויף מיר ווי אויף עפעס א נאר; זאל זיין אז איך ליג דיר אפילו, גיב א שפיי... נו, זאל זיך א מענש זיין שטאלץ פארגיטיגען, אפילו מיט ליגען. א, מארוסיא?

מארוסיא האט זיך אומרוהיג א ריהר געטאן.

— געה אוועק ראניא... מען דארף ניט...

— באמת, גוטע... פארבלייב. איך וועל דיך באקאנען מיט גוטע מענשען... דו עקשנ׳סט זיך אלץ, אבער פונדעסטוועגען איז דיר דאך לאנגווייליג אלץ מיט מיר און בלויז מיט מיר... אט... דארא, צום ביישפיל. אומזיסט האסטו געזאגט, אז איך ווארט אלץ אויף איהר. ווען האב איך אויף איהר געווארט? נו, אבער וועגען דעם... מיט איהר וועסט זיך באפריינדען. זי — איז א וואוילע... זי האט מיר אמאל אליין געזאגט, אז זי וואלט געוואלט זיך נעהענטער באקאנען מיט דיר, און אויך מיט אנדערע... וועסטו ניט וועלען, דארף מען ניט. ווילסט וועלען מיר זיך איבערקלייבען אין אן אנדער שטאט. וואס איז דארטען? מיר וועלען לעבען, מיר וועלען ארבייטען... נאך ווי וועלען מיר לעבען! א מארוסיא?... גיב א טראכט, ענטפער ניט גלייך. באטראכט זיך גוט, און אין אבענט וועסטו מיר געבען דיין ענטפער... גוט?

מארוסיא האט א טיפען זיפץ געטאן.

— גוט... איך וועל זיך באטראכטען... איך ווייס ניט... נאר...

זי האט זיך אויסגעקערעוועט צו איהם און האט מיט א ווייכען און צארטען בליק ארומגענומען זיין גאנצען שטארקען און ביינער־דיגען געשטאלט.

— פונדעסטוועגען ביזטו א זאנדערבארער מענש... דער גוטער יאהר ווייסט דיך.

— אבער דו באטראכט זיך... נו, צום ווידערזעהן.

— זיי געזונט... — האט זי ארויסגערעדט.

מיראן האט זי באטראכט מיט אן אויפמערקזאמען בליק. ער האט צו איהר א ליעבען שמייכעל געטאן און איז ארויסגעגאנגען.



# V.

מיראן איז אריינגעגאנגען צום אנארכיסט, און האט מיט איהם אפגערעדט, אז ער זאל מארגען ארום פינף אזייגער אריינגעהן צו איהם. דערנאך איז ער אריינגעלאפען אין קאנטאר פון זאוואד, וואוהין ער האט צוגעשטעלט צייכנונגען. עס איז געווען זונטאג, און אין קאנטאר האט מען ניט געארבייט, נאר דער דעזשורנער האט איהם מודיע געווען אז דער אויפזעהער פון זאוואד קלייבט זיך איהם אפזאגען פון דער ארבייט „פאר זיין שעדליכער ווירקונג" אויף די ארבייטער און אנגעשטעלטע. אין וואס עס האט זיך ארויסגעוויזען אט די ווירקונג, האט ער באין אופן ניט געקענט דערגעהן ביים דעזשורנע.

נאך מיטאג האט ער אריינגעטראגען יערמאלקינען דאס געלט, פארשטעמפעלט אין א קאנווערט און האט דאס איבערגעגעבען דער באלאבאסטע פון זיין צימער. ערשט ארום דריי אזייגער בייטאג איז ער אריינגעגאנגען צו פיאדארען. מען האט געווארט אויף איהם. אבער דאס מאל האט ער ניט געבראכט מיט זיך די געוועהנליכע באגייסטערונג און אויפלעבונג. ער האט ניט גערעדט זיינע וואנצען, וואס זענען געווען ווי געמאכט פון א פערדישען עק, מיט וואס ער פלעגט אימער ארויסרופען שארפזיניגע באמערקונגען פון דער פרייען העלפט אויף דער פארזאמלונג; ער האט ניט צוצויגען די ווערטער, ווי דאס טוען צולאזענע קינדער, און עס זענען אויך ניט אומגעלאפען מילד און לעבעדיג זיינע גרינבליכע אויגען.

אט די פארזאמלונגען פלעגען געוועהנליך פארקומען ביי פיאדארען, און אויף זיי איז געווען יעדערען ערלויבט צו טאן וואס ער וויל, נאר ניט קומען מיט אומלעגאלע ליטעראטור. מערסטענס, פלעגען פארליעבטע אפמאכען זיך דא צו טרעפען, מען פלעגט זינגען,

טאנצען און שפּילען. אינטעליגענטען האָט מען זעלטען אהער גע־לאָדען. מיראַן איז געווען פאַרעכענט פאַר א האַלבען אינטעליגענט. דערפאַר, וואס ער האָט געהאַט ארבייט אויפ׳ן זעלבען זאוואָד, וואס פיאָדאָר. אבער אָפט פלעגען דאָ זיך צופלאַקערען טעאָרעטישע ויכוחים. דאַן, אין קריטישע מאָמענטען פלעגט פיאָדאָר אָנהויבען זינגען א ליעד, און צוביסלאַך פלעגען די דיסקוטאַנטען איינציגווייז צושטעהן צו איהם. פיאָדאָר אליין א פאַרהייראַטער, א גוט־געקרויז־טער ארבייטער, א קאָמיטעטשיק, האָט ניט שלעכט געשפּילט אויף דער מאַנדאָלין און האָט לײדענשאַפטליך ליעב געהאַט טעאַטער. היינט האָט מען באַדאַרפט באַטראַכטען די פראַגע, וועגען אָרגאַניזירען א פאַרטייאיש, ארטיסטישע ארבייטער גרופּע. מען האָט שוין אָנגעצייר־כענט פּיעסען אויף אויפצופיהרען. מען האָט בלויז געוואַרט אויף מיר־ראַנען, אבער מיראַן האָט ניט ארויסגעוויזען קיין באַזונדערע לעבעדיגע סימפּאַטיע צום פּראָעקט, מיט וואָס ער האָט ארויסגערופען אַן אומגע־דולדיגען פאַרדרוס ביי די מיידלאַך און ענטוישונג ביי די „אַנפיהרער“. מען האָט פונדעסטוועגען די פראַגע אויפגענומען. מיראַן האָט זיך צוביסלאַך צוהיצט, כאָטש ער פלעגט זיך גאַנץ אָפט אומערוואַרטעט פאַרטראַכטען.

— חברים, זעגענט זיך מיט מיראַן אַנטאָנאָוויטש׳ן, האָט אפילו איינמאָל א געשריי געטאַן, די הויכע גאַליאַ, מיט די בלויע ווייסלען פון די קאַרע אויגען. — ער וויל ווייזט אויס חתונה האָבען, זעהט נאָר ווי ער פאַרטראַכט זיך.

מיראַן האָט א שמייכעל געטאַן. אבער ער האָט זיך גיך געזעגענט. פאַרענטפערענדיג זיך, אז ער האָט א נויטיגע ארבייט.

עס איז שוין געווען ארום זעקס אזייגער ווען ער איז צוגעקומען צום ראַג פון מעדוועדעווסקי און קליין פּערעיעזשע, וואו ער האָט זיך אָפּגערעדט טרעפען מיט אליאַ׳ן.

ער האָט זי גלייך דערזעהן. אליאַ איז געשטאַנען אינטערן לאַמ־טערן, זי האָט זיך אלע מאָל ארומגעוויקעלט מיט דער גרויסער שאַל און געקוקט אין אלע זייטען. באַמערקענדיג איהם, האָט זי זיך איהם שנעל געלאָזט אַנטקעגען. זיי האָבען זיך געגריסט. מיראַן האָט איהר אויפמערקזאַם אריינגעקוקט אין פּנים. אליאַ איז געווען אויפגערעגט

און אומרוהיג. זי האט זיך געהאלטען אין איין ארומקוקען אין אלע זייטען. אנגעשטרענגט האבען די אויגען ארויסגעקוקט פון אונטערן שאל און האבען זעהר געפינקעלט. זי האט עפעס אזוי דורשטיג זיך אנגעכאפט אין מיראן'ס האנט און אנגעהויבען:

— נו, גוט, וואס איהר זענט געקומען. גוט. איך האב שוין געדענקט, אז איהר וועט ניט קומען. קומט ווייטער אין א פינסטערער גאס.

מיראן האט זיך צוגעקוקט צו איהר.

— ווארום זענט איהר אזוי אויפגערעגט, אליא? א?

— באלד, באלד. איך האב אייך היינט א סך צו דערצעהלען.

מען מעג נעמען אייער האנט? ווארום זענט איהר היינט אזוי שפעט?... איבריגענס, בין איך ארויסגעגאנגען פריער... איהר האט געזעהן טאראס'ן?

— ניין... אבער וואס איז מיט אייך, אליא?

— באלד, באלד... נו, גוט, הערט זיך איין. ערשטענס, דארפט איהר זיך היטען... גאווארילא האט אויף אייך נעכטען זיך זעהר גע'כעס'ט און געדראהט. ער דענקט, אז דאס ארגאניזירט איהר דעם גאנצען סטרייק אין זאוואד...

— מיט וואס־זשע האט ער געדראהט?

— איך ווייס ניט, אין אלגעמיין... ער קען אפילו דערהרג'ענען.

מיראן האט א לאך געטאן.

— ניין, ניין, מיראן, איהר דארפט ניט לאכען! אויף מיין ווארט, לאכט ניט, איך בעט אייך זעהר...

— נו, גוט, גוט... דאס איז ערשטענס... און צווייטענס?

— ניין, איהר מוזט מיר דאס צוזאגען. אך, מיראן זאגט מיר דאס צו! איהר ווייסט ניט...

— נו, גוט, אליא, איך זאג צו. און א דאנק.

— נו, אבער דאס... איז ניט וויכטיג.

און ער האט זיך פלוצלינג צולאכט.

— אט, האב איך איצט אויך באמערקט. ווייסט איהר, טאראס האט מיר נעכטען געזאגט, אז איך, ווי איהר באנוץ אויך אפט — „דאס איז ניט וויכטיג"... נו, גוט און איצט וועגען טאראס'ן. מיראן אנטאנאוויטש! איהר דארפט וואס ניט איז... איך ווייס ניט, נאר

מען דארף אויף איהם אכטונג געבען... ער איז נעכטען געקומען צו־לויפען צו אונז, אזייגער עלף, ווי א וואנזיניגער. דאס איז געווען א צווייטען מאל. ער איז שוין איינמאל געווען... עס איז אזעלכעס גע־ווען!... געקומען צולויפען. מיר זענען שוין געשלאפען. איך בין, לאמיר זאגען, ניט געשלאפען... נו, דאס איז ניט וויכטיג (אט שוין ווידער אמאל) ער איז געווען בלאס, האט אויסגעזעהן שרעקליך און איינגאנצען געציטערט. ער האט געלאזט וויסען, אז צו די קיסעלסקעס געהט ער מעהר ניט און פון מארגענדיגען טאג וועט ער אנהויבען זוכען ארבייט...

— וואס־זשע האט ביי אייך נעכטען אזוינס געטראפען?

— אך!... אלץ דאס זעלבע... עס האט זיך זיי פארגלוסט, אז איך זאל זיך איבערצלמ'ן נאכ'ן עסען. און איך, עס איז מיר געווען שווער, האב איך זיך אבסאלוט אפגעזאגט דאס צו טאן. גאווריל[א] האט מיר שיער ניט געשלאגען, האט זיך טאראס מיט א מעסער א ווארף געטאן צו איהם... עס איז געווארען א געפילדער, מיט א געוויין... די מאמע האט אנגעצונדען א הייליג לעמפעל, כדי גאט זאל מיך ניט שטראפען... נו! דאס איז נאך אלץ דאס זעלבע... מען האט איהם קוים איינגענו־מען און אוועקגעלייגט... ער איז די גאנצע נאכט ניט געשלאפען. איך אויך ניט. איך האב אלץ געהערט. ער האט געזיפצט, געסאפעט, ער איז אויפגעשטאנען און דערנאך זיך ווידער געלייגט. היינט אין דער פריה, האט ער גאר ניט געגעסען, ערקלערענדיג, אז ער איז קיין עסען ניט ווערטה, און איז אנטלאפען. אפילו די מאמע האט זיך שיער ניט צוזאוויינט, און איהר ווייסט דאך ס'ארא הארטע זי איז... נאך אונז נעהט ער קיינער ניט... מיר דוכט זיך אלץ... נו, גוט... דערנאך. קומט ער פלוצלינג צולויפען נאך מיטאג. אומיסטען נאך מיטאג, כדי ער זאל ניט עסען! ער האט מיך ארויסגערופען אין הויף... אליין אקארשט ער טרייסעלט זיך... ער האט זיכער גארניט געגעסען... אגב האט עס אזוי אויסגעזעהען. מיט אמאל הויבט ער מיך אן קושען, קושט און שווייגט. „וואס איז, זאג איך, טאריק. (אזוי האבען מיר איהם גערופען, ווען ער איז געווען א קליינינקער). וואס, זאג איך". און אליין... נו, דאס איז ניט וויכטיג... „איך — זאגט ער, בין אן נידער־טרעכטיגער מענש, אליא, וויים דאס און געדענק. נאך דיך האב

איך ליעב, ניט קוקענדיג דערויף, וואס איך בין א נידערטרעכטיגער". פארשטעהט איהר? „אבער פארוואס נידערטרעכטיגער?" „איך, זאגט ער, קען ניט ארבייטען און וועל ניט קענען. איך בין א געפגר'טער, און איך דארף ניט לעבען. ווער עס ארבייט ניט, דער דארף ניט לעבען". און אלץ אין זעלבען נוסח. איך האב ניט אויסגעהאלטען און האב זיך צעוויינט. עס טוט דאך וועה! גאט מיינער, ווי עס טוט וועה! נו, גוט. כ'האב איהם גענומען טרייסטען, פאנאנדער־פרעגען, און ער קען שוין ניט ענטפערען, ער איז אינגאנצען אפגע־שוואכט געווארען און הערט אפילו ניט. „דאס איז וואטע", זאגט ער. וואס איז דאס אזוינס, וואטע? וואס פאר וואטע, מיראן? וואס מיינט דאס?

— איך ווייס ניט, — האט אין פארלעגענהייט ארויסגערעדט מיראן. — אבער ווייטער, ווייטער...

— נו, גוט... איך האב איהם פונדעסטוועגען אריינגעפירט אין שטוב, און האב איהם געגעבען קארטאפל. (מיר עסען איצט איינע קארטאפעל). ער האט אפגעגעסען, ווי א היישעריק האט ער געגעסען. „דאס זאגט ער איז בעסער פון דעם פריצישען". און די מאמא ווארפט איהם אלץ אויס, אז ער וויל ניט ארבייטען און וואוינט ביי די קי־סעלסקים... — יא, האט ער געזאגט, און האט אזוי א שמייכעל געטאן, אז עס האט זיך אפגעריסען אין הארצען. „נאר איהר, זאגט ער, מאמא, זייט רוהיג, עס וועט זיין געלט, איך וועל קריגען". ער זארגט אלץ וועגען געלט. און זאגען זאגט ער דאס אזוי, אז עס איז קלאר, אז ער האט עפעס א געדאנק, נאר, אדער ער האט אליין מורא פאר אט דעם געדאנק, אדער... איך ווייס אליין ניט... מעגליך, אז ער האט געקעמפט, געטריבען פון זיך אט דעם געדאנק און אלץ געהאפט אויף קיסעלסקין, נאר ווען יענער האט איהם אפגעזאגט, איז איצט...

— ווארט א ווײלע! — האט זי לעבעדיג אונטערבראכען מי־ראן. ווי אזוי האט ער איהם אפגעזאגט? טאראס האט דען ביי איהם געבעטען?

— גאטעניו! — האט אליא א מאך געטאן מיט'ן האנט. — ס'ארא מין אפגעריסענער נאר איך בין! דאס וויכטיגסטע האב איך ניט געזאגט... אט וואס דאס מיינט... און איהר אויך... הערט זיך

איין. ער האט דאך נעכטען ביי איהם געבעטען. יענער האט איהם אפילו ניט געוואלט אויסהערען און האט גלייך צוגעזאגט געבען. נו, און דאס איז ביי זיי שוין א זיכערע זאך, אז אויב ער זאגט צו, הייסט עס, אז ער וועט ניט געבען...

— אזוי! — האט אויסגעשריען מיראן. — אזוי. איצט איז פארשטענדליך. נו, ווייטער.

אליא האט זיך אויף שנעל אויסגעקערעוועט. נאר די גאס איז געווען ניט קיין גרויסע, א האלב פינסטערע און לערע.

— אבער, וואס האלט איהר זיך אין איין אומקוקען, א? אליא?

— גאר ניט... איך ווייס אליין ניט... נו, גוט... נו, אט אזוי. יא, ווענען וואס־זשע רעד איך? דער קאפ טוט מיר שטארק וועה... אהא! אט וואס, עס ווייזט אויס, אז א גדאנק איז ביי איהם דא... אבער איך האב מורא, מיראן אנטאנאוויטש, אז ניט קיין גוטער גע־דאנק. פיליכט האט ער פארטראכט צו מאכען אן עקספראפריאציע? איך האב שרעקליך מורא... און ווי כ'האב זיך ביי איהם ניט דער־פרעגט, האב איך זיך דאך גארניט דערוואוסט. ער האלט אין איין טענה'נען, „אז געלט וועט זיין" און מעהר גארניט. אפילו די מאמא זאגט זיך אפ פון איהרע ווערטער. אזוי האט זי איהם די גאנ־צע צייט גערעדט צו איהם: „נעהם און בעט געלט ביי דיינע פריצים. זיי האבען דיך אריינגענארט, און אריינגעזעצט אין טיורמע, זאלען זיי געבען". אט ס'ארא באגריפען. און איצט וויל זי שוין דאס אויך ניט. „זאל מען נאר זיין געזונט, וועט שוין זיין געלט." —„ניין". זאגט ער, „אזוי לאנג, ווי עס וועט ניט זיין קיין געלט, וועט קיין גע־זונט אויך ניט זיין". און געהט רעדט. און אמת, טאקע, ווי קען ער ארבייטען! מען דארף איהם היילען, איהם און דעם טאטען דארף מען היילען, אבער מיט וואס היילט מען? מיראן אנטאנא־וויטש, טייערער, פונדעסטוועגען רעדט איהר זיך דורך מיט איהם, איהר זענט א קלוגער, איהר וועט קענען ביי איהם אויספרעגען, איהם איינריידען... אום גאטעס ווילען! ער האט אייך ניט ליעב, אבער שענקט דעם ניט קיין אויפמערקזאמקייט. — ער קען אייך ניט... אום גאטעס ווילען!

— ממ! — האט באזארגט אויסגעצויגען מיראן. — דא האנ־

דעלט זיך ניט אין דעם צי האָט ער מיך ליעב, אָדער ניט, נאָר אין דעם וואָס ער וועט גאָר ניט זאָגען. איך וועל פּרואוּוען. מאָרגען דאַרף ער זיך זעהן ביי מיר מיט א מענשען... איך דאַרף איהם זעהן. ער וועט זיין היינט אויף דער פאַרזאַמלונג ביי די קיסעלסקיס, איהר ווייסט ניט?

— דאָס הייסט צו דער געריכטס זיצונג? — האָט לעבעדיג געפרעגט אַליאַ. — ער וועט זיין. — ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט זיין. און וועגען סטרייק אויפ'ן זאַוואָד וועט מען היינט באַשליסען. גאַטעניו! ווי מען וועט פאַרמאַכען דעם זאַוואָד, און גאַוורילאַ וועט נאָך אייך בלייבען אָהן אַרבייט... נו, אַלץ איינס! הערט זיך איין מיראַן. קען איך געהן מיט אייך צו אַט דעם געריכט? קען איך? אוי, ווען איהר זאָלט וויסען ווי מיר ווילט זיך! מען קען? זאָגט. איך וועל זיין ערגעץ אין א ווינקעלע...

מיראַן האָט זיך צולאַכט.

—עס ווילט זיך אייך א קוק טאָן, ווי מען וועט מיך אַרויסטרייבען?

— ווי הייסט? — האָט דערשראָקען אויסגעשריהען אַליאַ. — טאַראַס האָט מיר זעאָגט... אָבער פאַרוואָס אַרויסוואַרפען?

— פּאָר א שעדליכער געדאַנקען־ריכטונג... אַט קלייבט מען זיך מיך אויך פון זאַוואָד פאַרטרייבען. אָבער דאָס איז ניט וויכטיג... נאָר געהן קענט איהר. כ'דענק אַז אַלע קענען דאָס זעהן...

— אָבער פאַר וואָס־זשע? — האָט אַליאַ פאַרטגעזעצט צו קוקען אויף איהם מיט ברייט צעפענטע אויגען.

— מיר שטימען ניט מיט די געדאַנקען...

נו, ניין! זיי וועלען דאָס ניט וואַגען... די אַרבייטער וועלען זיין פאַר אייך... אומבאַדינגט! מיט וואָס פאַר א רעכט!

מיראַן האָט א שמייכעל געטאָן קוקענדיג אויף איהר.

— געוויס! — האָט ער באַרוהיגענד צוגעגעבען, איך מאַך שפּאַס. עס וועט פּשוט זיין א געשפּרעך... קומט וועט איהר הערען... איצט איז שוין אַרום זיעבען אַזייגער?... ער האָט א קוק געטאָן אויפ'ן זייגער...

— עס איז נאָך פריה...

— הערט זיך איין מיראן, — האט פלוצלינג, מיט איין אנדער טאן געזאגט אליא. — קען איך זיך באקאנען מיט אייער שוועסטער?

מיראן האט א לאך געטאן.

— מיט מיין שוועסטער? ממ!... איך האב דאס אליין ניט איין מאל געטראכט... איך האב זי אויך געוואלט פארשלעפען צו פיאדארען... ווייל זי ניט... זי וויל קיינעם ניט... נאר איצט ווייסט איהר וואס, קומט, לאמיר איצט גלייך צוגעהן צו מיר, פילייכט מיט אייך צוזאמען וועט זיך מיר איינגעבען זי אויך צו דער פארזאמלונג ארויס־שלעפען... ווירקליך! קומט!

— נאר אליא האט זיך פלוצלונג עפעס אזוי מאדנע פארטראכט. דערנאך האט זי זיך דערשראקען און אומרוהיג זיך אומגעקוקט, און אט ווי זי וואלט איהם ניט הערען, האט זי זיך שטארק צוגעדריקט צו איהם און גענומען אויפגערעגט און שווער צו אטעמען.

מיראן האט מיט פארוואונדערונג איהר אריינגעקוקט אין פנים.

— אליא, וואס איז מיט אייך? וואס איז מיט אייך?

זי האט זיך געשטארקט עפעס צו זאגען, נאר זי האט זיך ניט באשלאסען.

מיראנען האט זיך אויסגעדוכט, אז זי איז אזוי מאדנע בלאס געווארען.

— אבער וואס איז מיט אייך, קינדעלע?

פלוצלינג האט זי זיך אפגעשטעלט,און אריינקוקענדיג איהם אין פנים מיט גרויסע אנגעשטרענגטע אויגען, האט זי געזאגט:

— איך... האב זיך באשלאסען.

— אויף וואס האט איהר זיך באשלאסען? — האט זיך מיראן אויך אפגעשטעלט.

— איך... געה ווערען א פראסטיטוטקע.

— וואַ־אס?

נאר נאכדעם ווי זי האט געוואגט ארויסצוזאגען דאס ערשטע ווארט, האט שוין אליא, ווי פון זיך פארטגעזעצט ווייטער. שטיקענ־דיג זיך און כאפענדיג מיראנען פאר די הענט, האט זי אין היילעניש מיט אויפרעגונג אנגעהויבען רעדען:

— יא, יא. איך האב זיך באשלאסען! נאכדעם ווי טראס

איז אוועקגעגאנגען האָב איך באַשלאָסען. געווים, קען איך ניט... איך קען ניט מעהר. איך קען ניט צוזעהן. איך מוז... איהר האָט דאָך גאָרניט דאַגעגען? אמת? און וואָס איז דאָ אַזוינס? איך וועל אויך אַזוי דיענען די מענשען, ווי אַלע. נאָר צוערשט וועל איך געהן צו סאָלדעיעווען... איך וועל נעהמען די הונדערט רובעל און זיי אוועקגעבען אהיים, און ערשט דאַן וועל איך אוועקגעהן אהין. גלייך אין שאַנד הויז, גלייך אין א הייזעל, אין דעם אמת'ן הייזעל, וואו... דאָס אַלעס. און אפשר וועט מען מיר אין שאַנד הויז גלייך געבען הונדערט רובעל? וועט מען געבען, אָדער ניט? איך דענק אַז דאָרטען וועט מען ניט געבען. נו, אַלץ איינס וועל איך צוערשט געהן צו סאָלדעיעווען...

מיראָן האָט זיך אומגעקוקט. ער האָט דערזעהן א באַנק ביי א קליינינקען טויער און האָט שווייגענדיג אוועקגעפיהרט אהין אַליא'ן.

— זעצט זיך... האָט ער שטיל געזאָגט.

— איך וועל ערקלערען סאָלדעיעווען, אַז וואוינען ביי איהם וועל איך ניט, ווייל... אויב א פּראָסטיטוטקע, דאַרף מען זיין אַן אמת'ע. איך וועל אַליין באַשטעלען א וויזיט קאַרטעל אויף וועלכער איך וועל אָפּדרוקען: „אַלגאַ מאַטוועיעוונאַ שטשעבּרינאַ". אַט דעם וויזיט־קאַרטעל וויל איך שיקען א היים און אַלעמען... און וועל גלייך אָנהויבען די אַגיטאַציע... דאָרטען. מען וועט דאַרפען האָבען פּראָקלאַמאַציעס... ניין, איבעריגענס האָב איך באַשלאָסען, אַז אין אָנפאַנג דאַרף מען ניט קיינע פּראָקלאַמאַציעס, צוערשט אַזוי רעדען... צו די חבר'טעס...

מיראָן האָט קיין אויג ניט אַראָפּגענומען פון איהר. קוים באַמערקבאַר, שמייכלענדיג מיט זיין מאָדנע־אומעטיגען שמייכעל, האָט ער זי אָנגענומען פאַר'ן האַנט — די האַנט איהרע איז געווען מורא'דיג קאַלט און ער האָט פאַרזיכטיג געזאָגט:

— פאָלגט מיך, אַלעטשקאַ: פריהער פון אַלץ זיצט אַביסעל שווייגענדיג. פאַרשטעהט איהר. שווייגט א ווייַלע, באַרוהיגט אייך און איך וועל א טראַכט טאָן, גוט?

— אָבער פאַרוואָס? פאַרוואָס?

— נו גלאַט אַזוי זיך...

— וואַרט. איהר דענקט, אַז דאָס האָב איך אַזוי באַשלאָסען

אויף דער הייסער מינוט? אזוי דענקט איהר? אבער איך זאג דאך אייך, אז איך האב דאס באשלאסען ערשט נאך מיטאג. וואס לאכט איהר? איהר גלויבט ניט? פון אנפאנג האב איך, ווירקליך, גאר ניט געטראכט, וועגען א שאנד־הויז... איך האב בלויז געדענקט, אז עס וועט מיר אויסקומען צו געהן צו סאלדעיעוו׳ן... נאר היינט האב איך באשלאסען צו געהן גלייך אין א שאנד־הויז... אבער פארוואס שמייכעלט איהר איראניש? נו, פארוואס? איהר גלויבט מיר ניט? ניין?

— ניין, אליא, איך גלויב...

— נו, פארוואס־זשע? פארוואס? איהר זענט ניט איינשטימיג? איהר זאגט דאך אליין אלעמען, אז עס איז דערביי קיין שום שאנדע ניטא... צי דאס זאגט איהר בלויז — וועגען אנדערע, און אויב... מען דארף, זענט איהר ניט איינשטימיג?

— איך האב געזאגט און בין איינשטימיג. און איך בין זעהר צופרידען, וואס איהר האט דאס באשלאסען... אבער מען דארף צו־ווארטען אביסעל... פארשטעהט איהר! א צוויי דריי טעג...

— אבער ווארום־זשע? ווארום?

— איהר זענט א מאדנע, קינדעלע. נו, פילייכט וועט עפעס זיך אויסדרעהען, אפשר וועלען מיר עפעס אן אנדער זאך צוטראכטען. ווייל איהר געהט דאך אהין, ניט דערפאר, וואס אייך געפעלט עס, נאר דערפאר, וואס עס איז ניטא פון וואס צו לעבען. אויב עס איז ניט קיין שאנדע, מיינט דאס נאך ניט, אז עס איז גוט... רייניגען פאראומרייניגטע פלעצער איז קיין שאנדע ניט, נאר ווארום זאל מען ניט זוכען קיין בעסערע ארבייט, אויב עס איז נאר מעגליך? פאר־שטעהט איהר? מען קען דאך, באמת, ניט אזוי... און קיינע סאלדע־יעווס דארפט איהר ניט. צוואווארטען דארף מען...

— גאטעניו! ס׳ארא מענש איהר זענט! — האט אומגעדולדיג מיט אנגסט, אויסגעשריען אליא — ווירקליך, אפשר וועל איך שוין אין צוויי־דריי טעג ארום... אגב דאס איז נארישקייטען. איך וועל זיך באשליסען... נו, וואס איז דא אזוינס? וואס?

— פאר אייך, אליא איז דאס א העלדענטאט.

— נו איז וואס? איז וואס? שוין־זשע קען איך ניט געהן אויף

קיין העלדענטאט. געהט מען דאך אויף קאטארגע פאר אייגענע גע־דאנקען, מען געהט אין טיורמעס און מען ווערט פארשיקט, ווארום־זשע טאר מען ניט געהן אין אן שאנד־הויז? ווייל דאס איז א חרפה? ווייל די שאנד־הייזער זענען פול מיט קראנקהייטען? אבער ווארום טאר מען ניט נעהמען אויף זיך אי די חרפה, אי די קראנקהייטען פאר דיינע אייגענע געדאנקען? וואס שווערער, אלץ בעסער איז דער העל־דענטאט, אמת? איהר האט דאך מיר אמאל אליין געזאגט, אז ווען אייער שוועסטער זאל גלויבען, וואלט איהר, איהר אליין פארגעשלאגען צו געהן... שוין־זשע גלויב איך ניט?

— ניין.. — האט מיראן אומעטיג א לאך געטאן.

אליא איז געוועזן ערשטוינט.

— ווי? איך גלויב ניט?

— ניין, אליא, איהר גלויבט ניט. און נעהמט זיך ניט צום הארצען דערפון, דאס טוט זיך ניט אזוי גיך...

— אבער ווארום? ווארום? גאטעניו! ווייל איך...

— לאמיר זאגען, אז אפילו נאר דערפאר, וואס אייך איז איצט שווער, בלויז פון דעם איינעם געדאנק... ווארט! און דערצו האט איהר גערעדט וועגען שאנדע. אויב עס איז א שאנדע, איז... ניטא דאס וועגען וואס איך האב מיט אייך גערעדט. איהר האט מיך ניט פאר־שטאנען, קינדעלע. איך דארף ניט, אז מענשען זאלען דענקען, ווי איך. דאס איז אוממעגליך. זיי וועלען אימער דענקען אזוי, ווי זיי לעבען. אט, למשל, ביי מיר מיט אייך. איך האב געלעבט אזוי און איהר אנדערש, מוזען מיר אויך טראכטען פארשיידענארטיג, דאס איז נאטירליך. איך וואלט בלויז וועלען, אז יעדער איינער זאל זיך האבען זיינע אייגענע געדאנקען, אזוינע ערליכע און דורכגעטראכטע, אז עס זאל ביי איהם ניט בלייבען קיינע צווייפלען, בלויז צו טאטען זאלען פיהרען זיינע געדאנקען. פארשטעהט איהר? און איהר רע־כענט דאס פאר א שאנדע און פונדעסטוועגען ווילט איהר דאס טאן. מען טאר דאס קיינמאל ניט דערלאזען. איז עס א שאנדע, טוט דאס ניט. דענקט איהר, אז עס איז ניט קיין שאנדע, דאן טראכט אזוי אז דער געדאנק וועגען שאנדע זאל אייך אויסזעהן פשוט נאריש און לעכערליך. נאר דאס קינדעלע איז מורא'דיג שווער. מען האט אזוי

לאנג אין אונז אריינגעקלאפט פארשידענע באגריפען, אז פון בייטאג ביז פארנאכט איז אוממעגליך פון זיי פטור ווערען. מיט גרויסע ליידען און מיט אן איינגעשפארטען גערנאנק פארברענט מען זיי. אט רעדט איהר וועגען מיין שוועסטער... מיין שוועסטער, דאס איז גאר אן אנ־דער זאך. זי איז א פראסטיטוטקע אהן א שום העלדענטאט. דאס איז איהר פאך. און דערצו — איז זי א שטארקע. עט, ווען זי זאל קוקען אויף דעם, ווי איך! אבער אויך זי... נאר ניט אין דעם איז דער עיקר. זאל זיך נאר ווייזען א געדאנק, וועט שוין דאס לעבען דיך צווינגען אט דעם געדאנק אויפנעמען, אדער אראפוואַרפען. מען דארף נאר ניט באצווינגען דאס לעבען, אליא. זאלען די פראסטיטוטקעס אליין פאר זיך קעמפען... פריהער פון אלץ דארפען זיי אליין אראפוואַרפען פון זיך די שאנדע, דאן וועלען אויך אנדערע אנדערש קוקען אויף זיי... אבער וואס האט א י ה ר דא צו טאן? איהר ווילט פארשפרייטען, פראַ־פאגאנדירען אט דעם געדאנק? געהט ארויס אין אוועגט אין גאס, באקאנט זיך מיט פראסטיטוטקעס און רעדט מיט זיי. און אויב עס וועט קיין אנדער אויסוועג ניט זיין, וועט איהר אליין אריינגעהן אין אט דעם פאך, דאן וועט אייער פראפאגאנדע זיין א עכט אמת'ע א נארמאלע... אט האב איך געלעזען אין די צייטונגען, אז די פראַכטי־טוטקעס האבען דערלאנגט דעם גובערנאטאר א קאלעקטיווע ערקלערונג, אז זיי פאדערען בעסערע באדינגונגען פון אונטערזוכונג. דאס איז שוין א שריט צו זעלבסט אכטונג... מען האט זיי ניט אגיטירט, דאס לעבען האט זיי אויסגעלערענט. איהר וואלט סיי ווי סיי ניט אויסגעהאלטען אט די באשעפטיגונג. איהר, קינדעלע, זענט אן איידעלע, א שוואכינ־קע...

אליא האט איהם אומגעדולדיג אויסגעהערט, און פון צייט צו צייט געוואָרפען אויף מיראנען א שארפען בליק. אם ענדע האט זי ניט אויס־געהאלטען און האט איהם אונטערבראכען:

— איהר האט געענדיגט? גוט, נו וועל איך אייך אט וואס זאָ־גען: אויב איך וועל געהן אהין... גוט, זאל זיין אזוי, אליין רע־כען איך דאס נאך פאר א שאנדע. נאר זאל זיין! גוט, זאל זיין, אז דאס איז אפילו אינגאנצען ניט אזוי גוט, אבער איז דען מיין

טאַט ניט גרעסער... ווי אייער שוועסטערס? פאַר איהר איז דאָס אַ פּאַר, איז איהר גרינגער, אָבער מיר איז שווער.

נאַר שוין־זשע איז יענער טאַט גרעסער, וועלכער איז גרינגער? שאַנדע איז זעהר אַ שווערע זאַך... און אויב איך געה אויף שאַנדע, שוין־זשע איז דאָס ניט גוט. דערצו, וואָס פאַר אַ קונץ, ווען עס זאָל קומען אַ שטאַרקער מענש און זאָל צוברעכען אָט יענע בוימעלע? קיין וואונדער ניט. אָבער ווען דאָס זאָל טאָן אַ קינד? שוין־ז־שע איז דאָס ניט קיין העלדענטאַט?

— ממ! אָבער אויב דאָס קינד וועט ניט צוברעכען דאָס בוימעלע נאָר די הענט בלויז?

— ניין, איך האָב דאָס בלויז גענומען אלס אַ ביישפּיל.

— איך פאַרשטעה... אָבער דער ביישפּיל איז גראַד ניט קיין געלונגענער... איך בין דאָך ניט געגען העלדענטאַטען, אָליאַ... אָבער אַ העלדענטאַט דאַרף קומען פון אַן איבערפלוס פון כוחות, פאַרשטעהט איהר? פון אַזאַ קראַפט, ווען דו פּיהלסט, אַז... עך! — מיראָן האָט אפילו פאַרדריקט אַ פויסט, כוח פאַרערט אַן אויסוועג. בלויז דאָן, איז דער העלדענטאַט גוט. אָבער ווען עס קומט פון פאַרצווייפלונג... נו, וואָס פאַר אַ העלדענטאַט איז דאָס? אָט, למשל, אונזערע אינטעליגענטען... פיעלע פון זיי האָבען זיך אריינגעוואָרפען אין דער רעוואָלוציע און אויף קאַטאָרגע, אָדער דערפאַר, וואָס זיי האָבען זיך אָנגעשטעקט מיט די העלדענטאַטען אידעען פון אַנדערע, אָדער פון פאַרצווייפלונג און בושה פאַר זייער זאַטען לעבען... נו, און וואָס זעהען מיר? אַז עס איז ניט פאַר זייערע כוחות און זיי זענען אַנטלאָפען, ווי מייז פון אונטער דער ערד. ניט זייער זאַך איז דאָס געווען, ניט קיין עכטע נויטווענדיגקייט פאַר זיי, ווי לופט, נאָר אָדער העלדישקייט, אָדער געוויסענביסע. העלדישקייט, אַהן העלדענטאַט פאַר אַ ווייל, קינדעלע, זענען גוט פאַר'ן העלד אליין אויף דער מינוט, אָבער אויב דאָס איז אויפ'ן גאַנצען לעבען, און דערצו נאָך געצוואונגענערהייט...

ע... לאַנגווייליג און נוצלאָז. ביי אייך וועט אויך זיין דאָסזעלבע, איהר וועט אויך חרטה האָבען. באמת, אָלעטשקאַ, אויף אַ העלדענטאַט דאַרף מען געהן פאַרזיכטיג און ערליך צו זיך. אָט, איהר, צום ביישפּיעל, געהט געצוואונגען: פון פאַרצווייפלונג, און ווילט מאַכען דער־

פון א העלדענטאט, איהר ווילט זיך אליין אפנארען, און דאס דארף מען ניט, איהר קענט נארען וועמען איהר ווילט, אבער זיך... דארף מען קיינמאל ניט.

— ניין איך בין ניט איינשטימיג, איך בין ניט איינשטימיג! און ווארום זענט איהר אזוי? צו וואס רעדט איהר אזוי? — האט איהם אליא אונטערבראכען מיט פארדרוס און אנגסט — איהר טוט עס אומיסטען אום צו דערנידעריגען מיין פארלאנג, כדי איך זאל ניט געהן... איך זעה, איהר לאכט איראניש... איהר זענט, גאנץ געוויס, קלוגער... און איך... אבער איהר האט קיין רעכט ניט אזוי צו רעדען! איהר האט קיין רעכט ניט! איהר דארפט זיין ערליך צו זיך! אויב איהר רעדט איינמאל אזוי, דארפט איהר ניט רעדען א צווייטען מאל אנדערש... און דערצו פארשטעהט איהר מיך ניט! איהר פארשטעהט מיך ניט! אבער איך געה. איך האב דאס באשלאסען. איך וועל אליין געהן! זאל זיין, אז איך וועל זיין אינגאנצען, אינגאנצען אליין. זאל זיין! אזוי איז נאך בעסער, נאך בעסער... זאל זיין... הערט זיך איין, דערצעהלט מיר בלויז, ווי דאס אלעס קומט פאר... וואוהין מען דארף געהן, און וואס מען דארף רעדען... ווייל איך וויים דאך ניט. און אויסער דעם דערצעהלט מיר מעהר גארניט וועגען העלדענטאטען! איך קען ניט אנדערש! און דאס אלעס! אזוי לעבען ווייטער קען איך ניט, כ'קען ניט! און מיר איז אלץ איינס, אבסאליוט אלץ איינס! ווען וועט איהר מיר זאגען?

— אליא! וואס רעדט איהר, באמת?

— אליא האט זיך אפילו א צאפעל געטאן פון פארדרוס און פון נאך עפעס, וואס מען האט די גאנצע צייט געקענט באמערקען אין איהר.

— נו, וואס האלט איהר מיר אין חזרן „אליא, אליא"?!

וואס געהט עס אייך אן, וואס איז אייך נוגע? ווען איהר וואלט מיך געליעבט און געווען אייפערזיכטיג, אבער... איהר פיהלט דאך ניט קיין אייפערזוכט, אפילו קיין קאפעטשקע אויך נימ, אייך איז פשוט... אומאנגענעם וואס איך דענק ניט ווי איהר... אייך איז אלץ איינס, טא וואס־זשע ווילט איהר... ניט אמת אפשר?

מיראַן האָט געשוויגען. אליא האָט פון דער זייט אלע ווײלע, אין ערוואַרטונג, געוואָרפען אויף איהם א בליק.

פלוצלינג איז זי אינגאַנצען עפּעס אַזוי מאָדנע אפּגעשוואַכט געוואָרען און האָט שטיל געזאָגט:

נו, דאָס איז אלץ איינס... איך האָב דאָס געוואוסט... אבער וואָס איז דאַרטען! אבער איך געה... זאָל זיין...

הערט זיך איין! — זי האָט זיך פלוצלינג אויסגעקערעוועט צו איהם מיט'ן גאַנצען קערפּער. — איהר וועט ניט לאַכען פון מיר? ניין?

— ניין, אליא, איך וועל ניט...

— אמת... ניין, מען דאַרף ניט...

זי האָט זיך, ווי עס ווייזט אויס, אויף דאָס ניי אויפגערעגט. אבער דאָס איז געווען גאָר אַן אַנדער מין אויפרעגונג, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט א באַזונדער זיסען און שמערצליך־ביטערען שאַנדע־געפיהל.

— איבעריגענס... הערט זיך איין... איך וויל אייך... א קוש טאָן. אַך, לאַכט גאָר ניט! מען מעג אייך א שטאַרקען, שטאַרקען קוש טאָן? זי, זעהט אויס, האָט זיך געביסען דאָס האַרץ פון אַנגסט און בושה.

מיראַן האָט מיט אַן איבערמעסיגער ערענסטער איילעניש זי אַרומגענומען און האָט איינגעבויגען צו איהר זיין פּנים. אליא, האָט איהם אַזוי נאָהענט, נאָהענט אַריינגעקוקט אין די אויגען, און פּלוצלינג, אפּשטופּענדיג איהם פון זיך, איז זי שנעל אויפגעשטאַנען:

— ניין! איך וויל ניט... קומט... קומט גיכער! דאָס אלעס...

און איז אין איילעניש אוועק אויפצופריהער. מיראַן, איינבויגענדיג דעם קאָפּ האָט זיך געאיילט נאָך איהר. אַזוי זענען זיי לאַנג געגאַנגען, — זי פאָראויס, און ער א פּאָר טריט הינטער איהר. ביים שיין פון דעם לאַמטערן, האָט מען געקענט זעהן, אַז אליא, איז געווען זעהר בלאַס, און איהרע אויגען זענען געווען אַנגעשטרענגט און האָבען ניט נאַטירליך געפינקעלט, און געדוכט האָט זיך, אַז זיי קוקען ניט פאָראויס, נאָר טיעף אין זיך. זי האָט אומבאַוואוסטזיניג די גאַנצע צייט געהאַלטען אין איין פאַריכטען די שאַל.

פלוצלינג האָט זיך אליא אפּגעשטעלט, זי האָט זיך אומגעקוקט

און צוגעוואַרט אויף מיראַנען. ניט קוקענדיג איהם אין די אויגען האָט זי אויף שנעל אַרויסגערעדט:

— איהר וואַרט דאָ צו, און איך וועל אַריינלויפען און זאָגען אין דער היים, אַז איך געה אוועק... איך וועל דאָס מאַכען שנעל... איהר זאָלט אומבאַדינגט צוואַרטען. איך וויל זיך זעהן מיט אייער שוועס־טער... איצט, וואָס עס זאָל דאַרטען ניט זיין... און צום געריכט... וויל איך אויך זעהר איצט... וועט איהר צוואַרטען?

— איך וועל וואַרטען, געהט.

— איך וועל גיך.

און זי האָט כמעט לויפענדיג פאַרקערעוועט אין הינטער געסעל, וואו עס האָבען געוואוינט די שטשערבינס.

מיראַן האָט פאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס און האָט לאַנגזאַם גענומען אומגעהן איבער'ן טראָטואַר, ניט אַרויסלאָזענדיג דער פּאַפּיראָס פון מויל. צייטענווייז האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביים לאַמטערן און זיך אַנגעשפּאַרט אין איהם מיט די פּלייצעס און האָט לאַנג און באַוועגלאָז געקוקט אויף איין פּינקטעלע. דאַן האָט זיך אין זיינע אויגען באַוויזען יענער אויסדרוק פון שפּאַטישען אַנגסט און אומעט, וואָס פּלעגט זיך ביי איהם אַמאָל ווייזען אין דער צייט פון זיינע געשפּרעכען מיט מאַ־רוסיאַ'ן. דערנאָך, אָפּזיפצענדיג, האָט ער ווידער גענומען לאַנגזאַם אומגעהן אַהין און צוריק.

אַליאַ איז אָנגעקומען עפּעס אַזוי אומערוואַרטעט.

— קומט, — האָט זי אַ פאַרסאָפּעטע שנעל אַרויסגערעדט, און איז ווידער אוועק פאָראויס.

— וואַרט צו... נעהמט מיין האַנט.

— מען דאַרף ניט.

— נעהמט זאָג איך אייך, האָט איינגעּעקשנ'ט און שטרענג ווידערהאָלט מיראַן.

זי האָט מיט פאַרוואונדערונג אַ קוק געטאָן אויף איהם.

האַרט און שטרענג איז געווען דער אויסדרוק פון זיין אָנגע־כמורעטען געזיכט. געהאָרכזאַם מיט אַ לייכטער מורא האָט אַליאַ גענומען זיין האַנט.

— און איצט אט וואס איך וועל אייך זאגען, אליא. הערט מיך אוים אויפמערקזאם. דעם געדאנק וועגען א שאנד־הויז לאזט צורוה. איהר הערט? איך זאג אייך לאזט צו רוה. קיין דראמעס דארף מען ניט מאכען. שווייגט. קיין דראמעס, זאג איך, דארף מען ניט מאכען. אייך איז שווער און ביטער, אמת, טאקע. אבער דערפון איז ניט גע־דרונגען, אז מען מוז טאן נארישקייטען. מען דארף טאן דאס, וואס עס וועט אייך העלפען געפינען אן אויסוועג פון אייער שווערער לאגע, אבער ניט פארקריכען נאך אין אן ערגערער. איך וועל זיך מארגען דורכרעדען מיט טאראס'ן... אין ערגסטען פאל וועל איך זיך דורכ־שמועסן מיט אימיצען פון דער „הויך מאראלער פאמיליע קיסעלסקעס"

— ניין! — האט אפגעשניטען אליא. פאר קיין פאל ניט מיט די קיסעלסקים! בשום אופן ניט! נאך דער געשיכטע מיט טאראס'ן — בשום אופן!

מיראן האט שווייגענדיג א קוק געטאן אויף איהר.

— אמת. איהר זענט גערעכט. גוט וואס איהר באציהט זיך דערצו אזוי. אבער דאס — איז ניט דער איינציגער אויסוועג. עס איז דא א סך אנדערע.

— איך בעט ביי קיינעם קיין הילף ניט!

— דאס איז אויך גוט. נאר שרייט ניט אזוי, מען קוקט אויף אונז. פון טאראס'ן וועט זיך דאס ניט רעכענען פאר קיין הילף. נו, וועט אלעם טאן טאראס.

— ווי אזוי?

— דאס וועלען מיר שוין זעהן.

אבער איהר גיט מיר גלייך אייער ווארט, אז איהר וועט קיין זאך ניט אונטערנעהמען, איידער איהר וועט ניט איבערעדען מיט מיר. איהר הערט? גלייך שוין.

— ערלויבט מיר, איך...

— אליא! מען דארף קיין סך ניט רעדען.

אליא האט געשוויגען.

— אליא איך ווארט.

— גוט, איך גיב אייך מיין ווארט, נאר...

— אט דאס איז גוט. איצט נאך א זאך. קיינע רייד מיט מיין שוועסטער. וועגן שאנד־הייזער און... וועגן דעם אלעם. איהר הערט?

— יא.

— אט. אייך איז נים קאלט? ווארום ציטערט אייער האנט?

— אזוי... איך ווייס ניט...

— וויפיעל קריגט גאווריל א חודש?

— גאווריל... באמת, כ'ווייס נים גענוי...

ניין, איך ווייס! באלד. דער חודש איז אויסגעקומען צוויי און דרייסיג רובעל.

— ווארום נאך צוויי?

— כ'ווייס ניט... ווי עס איז דארטען ביי זיי.

— און פעטיא פינף?

— יא...

זיי זענען אנטשוויגען געווארען. עס האט גענומען גיסען א קוים באמערקבארער דריבנער רעגען, ווי די וואסער שטויב פון א פאנטאן.

— מיראן אנטאנאוויטש! — האט שעמעוודיג און שטיל ארויס־גערעדט אליא.

— וואס?

— איך וועל אייך פרעגען איין זאך.

— פרעגט.

— אליא האט זיך ניט באשלאסען און האט שעמעוודיג געקוקט אויף איהם. דערנאך האט זי זיך מיט אמאל אנגעכמורעט און בייז געזאגט:

— איהר קענט זיך כעס'ן, אבער איך וועל פרעגען... איז דאס אמת, וואס מען זאגט, אז איהר קענט זיך צוזאמענקומען מיט א פרוי, אפילו ווען איהר ליעבט זי ניט? פשוט אזוי זיך... נאר פון פארגעניגען וועגען?

מיראן האט פון דער זייט א בליק געטאן אויף איהר.

— יא. אויב זי איז איינשטימיג...

— נו, יא, געוויס... געוויס...

זי האט זיך אויפגערעגט, דאס איז געווען קלאר.

— און אויב א קינד, אויב דערפון קומט א קינד...

— כ׳מיין דערפון קען דאך געבוירען ווערען א קינד?

— ניין, אין אזוינע פעלע דארפען ניט זיין קיין קינדער...

מיראן האט זיך נאך אויפמערקזאמער צוגעקוקט צו איהר.

— אבער פארוואס דארפען ניט זיין? און אויב זי וויל?

מיראן האט אינגאנצען אויסגעדרעהט צו איהר דעם פנים און האט איהר שווייגענדיג א קורצע ווײלע געקוקט אין די אויגען. זי האט אזוי מאדנע אנגעשטרענגט, שמייכלענדיג באוואוסטזיניג מיט א קרומען שמייכעל, איהם געענטפערט מיט א בליק.

— הערט זיך איין אליא, — האט הארט אנגעהויבען מיראן.

— שטריקען זאקען האט מען אייך ג ע ל ע ר נ ט?

— יא... — האט זי געענטפערט אביסעל צומישט.

— און ליעב האבען די מענשהייט פון דער צוקונפט, האט מען אייך געלערנט. יא?

— יא...

— גאנץ געווים. אבער, אמת, אז ווי צו האבען קינדער, ווי צו געבוירען מענשען פאר דער צוקונפט, דאס האט מען אייך ניט געלערנט? ניט געלערנט, אמת? ניט קיין איבערגעשפיצטע זאך. עס האט אפילו א פארנימפטיגער אפשפעטער אמאל געזאגט: „ווער צוםביישפיל האט דאס קיין שכל ניט צו האבען קינדער”. אזוי דאך? צו ניט? האבען אייך דערצעהלט די אויפקלערער דערפון, אז צו גע־בוירען א קינד איז אביסעל אן ערענסטערע זאך, ווי אויסצושטריקען א זאק.

אליא האט אומענטשלאסען געקוקט אויף איהם.

— נו, וואס זאגט איהר? מען האט גערעדט דערפון, אז פאר אן ארבייטער איז ווענינ צו וויסען נאר פאליטישע עקאנאמיע, נאר ער דארף נאך אויך זיין געזונט, שטארק, און גאנץ. אבער אן ארבייטער וועט דאך געבוירען אויפ׳ן זעלבען אופן ווי אלע אנדערע מענשען? ניט אזוי?

— איך האב אייך ארייננעבראכט אין כעס?

— הערט זיך איין אליא, איהר דערצעהלט מיר בעסער האט איהר אמאל געטראכט דערפון, וואס אזוינס זענען קינדער?

— יא... איך ווייס ניט... אמאל...

— נו, הייסט עס, אז איהר האט ניט געטראכט. און טאקע, ווענען וואס איז דא צו טראכטען, מען דארף בלויז חתונה האבען און קינדער וועלען שוין אליין געבוירען ווערען. אמת? אך, אלעטשקא, דאס איז ווענינ בלויז וועלען... ווייל קינדער זענען דאך ניט קיין ליי־אלקעס מיט וועלכע עס איז אנגענעם זיך א שפיל צו טאן. פאר־שטעהט איהר? דאס זענען מענשען, דאס — איז יענע מענשהייט, וועלכע דער סאציאליזם וועט שאפען... שוין־זשע מעג מען אזוי? קינדער קען מען בלויז דאן האבען ווען ביידען ציהט עס זעהר איינע צו די אנדערע, ווען ביידע פיהלען, אז זיי וואלטען וועלען האבען קינדער, ווען זיי ביידע פיהלען, אז זיי האבען זיך אייביג צוזאמענ־געפלאכטען. זאל זיין, אז אין א חודש ארום וועלען זיי זיך פאנאנ־דערגעהן. אבער געבוירען קינדער דארף מען בלויז אזוי, — נו, און אויב נאר זי אליין... שוין זשע איז דאס גוט? ווייל דאס, אלעטשקא, איז דער טיפסטער, דער הייליגסטער אקט, דאס איז ניט קיין זאך שטריקען, נאר א נייער מענש ווערט געשאפען. און אפילו צו מא־כען א זאך דארף מען האבען א פארבערייטונג, קענטניש. אט, אפילו איהר... „ווארום קען מען ניט, אויב זי וויל?" און ווי בין איך? עס איז דאך אויך מיין קינד, צו ניין! און ווי געבויר איך דאס? טראכט איך דערפון, אז איך פארבינד א נייעם לעבען? זוך איך דערביי טיעף אריינצוקוקען אין מיין נשמה, אום צו קענען זא־גען מיט א ריינעם געוויסען, אז איך האב געטאן אלץ וואס איך האב געקענט, אז מיין קינד זאל זיין א געזונטס און א שטארקס? וויל איך ווירקליך האבען קינדער פון אט דער פרוי? געה איך צו צו אט דעם אקט באוואוסטזיניג, מיט ליעבע? אונזער מאראל פרעדיגער רעדען ווענען חיות, און אליין געבוירען זיי קינדער, ווירקליך ווי חיות. ער מעג געבוירען א קאליקע, און פיהלט זיך גערעכט, עס איז אזוי ארויס־געקומען... ער, אלעטשקא, דאס איז א גרויסע זאך, דאס איז א זאך... דערצו טאר מען אזוי ניט צוגעהן... מען טאר ניט, אליא... עס איז ניט גענוג בלויז וועלען...

אליא האט געהערט מיט אן איינגעבויגענעם קאפ. מיראן האט געוואלט איהר ארייננקוקען אין פנים אריין, האט זי זיך נאך מעהר

איינגעבויגען. ער איז אנטשוויגען געווארען. ער האט זיך, ווי עס ווייזט אויס, אויפגערעגט.

— איך וואלט דאס קינד אזוי ליעב געהאט... — האט פּלוצלינג שטיל, ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ געזאָגט אליא. — און קיין זאך... וואלט איך דאן ניט באדארפט... איהר וואלט אפילו... ניט געוואוסט. איך וואלט פון אייך גארניט געפאָדערט...

— אַלעטשקאַ! — האט אויסגעשריען מיראַן, און איז הילפלאָז אנטשוויגען געווארען.

אַליא האט אויך געשוויגען. דער רעגען האט זיך אנגעהויבען פארגרעסערען. מיראַן האט צוגערופען אן איזוואשטשיק, ער האט אריינגעזעצט אַליאַן און, אונטערהאַלטענדיג זי, האט ער זי ארומגע־נומען. זי האט ווייך, נאָר אנטשלאָסען אפּגעשטופּט זיין האנט און איז געזעסען קוים זיך אנרירענדיג אין איהם. זיי האבען ניט גערעדט ביז׳ן סאמע הויז.

— עס איז פינסטער אין די פענסטער... — האט געזאָגט מיראַן, באַצאָלענדיג דעם איזוואשטשיק. — מארוסיא איז, ווייזט אויס, אין קיך.

— זאָל איך דאַ צוואַרטען? — האט שטיל געפרעגט אַליא. איינבויגענדיג דעם קאָפּ און הילענדיג זיך אין שאַל.

— ניין, צו וואָס? אפשר וועט מארוסיא ניט וועלען געהן מיט אונז... קומט.

די שטיגען פון דעם ערשטען שטאָק זענען געווען באַלויכטען. די שטיגען פון אויבערשטען שטאָק, זענען אָהן אַ שום אורזאכע פאר־בליבען אין אַ האלבער דונקעלהייט. פאר דער טיר פון זיין וואוינונג האט זיך מיראַן פּלוצלינג אויסגעקערעוועט צו אַליאַן, האט זי גענומען פאר אַ האנט, און צודריקענדיג די האנט צו זיין געזיכט, האט ער מיט אַ טיעפער און הייסער צערטליכקייט ארויסגעמורמעלט:

— אַרימע קינדעלע מיינע! גוטע, וואוילע! מען דארף ניט זיין בייז אויף מיר.

ער האט ניט באַוויזען צו ענדיגען: ווי אַליא האט זיך האסטיג אַבגעקערעווט, זיך צוגעדריקט מיט׳ן פּנים צום וואַנט, און האט זיך בימער־ביטער צואווינט, ווי אַ פארלאָזען, באַליידיגט קינד. איהר

האנט איז געבליבען אין זיינער. מיראַן איז געשטאַנען שווייגענדיג מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ און זיך ניט גערירט פון אָרט.

פלוצלינג האָט זיך ערגעץ אויפ'ן הינטערשטען שטאָק געעפענט אַ טיר און עס האָבען זיך דערהערט שטימען אויף די שטיגען.

— גוט! אונבאַדינגט! — האָט אימיצער געשריען מיט אַ ליבליכען און פרעהליכען טענאָר. — זיכער! און עס האָבען זיך געהערט געאיילטע שריט איבער די שטיגען. מען האָט אָבער ניט געקאָנט פאַרשטעהן צו געהט מען אַרויף אָדער אַראָפּ. אַליאַ האָט מיט אַ ברעג פון שאַל אויסגעווישט די אויגען. זי האָט צוגענומען ביי מיראַנען די האַנט און האָט זיך אויסגעקערעוועט צו איהם. מיראַן האָט גענומען אָפּשליסען די טיר.

אין הויז איז געווען שטיל און פינסטער, אין קיך אויך.

— מאַדנע... — האָט אַרויסגעמורמעלט מיראַן, אָנצידענדיג דאָס צווייטע שוועבעלע.

אַליאַ האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים אַריינגאַנג און האָט געוואַרט. איהרע אויגען זענען געווען רויטליך און האָבען געקוקט עפּעס אַזוי גלייכגילטיג און אומבאַהאָלפענליך; די ליפּען האָבען זיך אַזוי ביטער צוזאַמענגעלייגט.

— מאַרוסיאַ! — האָט מיראַן אָנגעקלאַפּט צו איהר.

שטיל.

ער האָט אויפגעעפענט די טיר און איז אַריין אין צימער. דאָס שוועבעלע האָט שוין געהאַלטען ביים אויסברענען. ער האָט אָנגעצונדען אַ נייעס און איהם האָט זיך גלייך געוואָרפען אין די אויגען עפּעס ווייסעס אויפ'ן טיש. ער איז געשווינד צוגעגאַנגען נעהענטער.

אויפ'ן טואַלעטען שפּיגעל איז געשטאַנען אַ ווייסער בויגען פּאַפּיר אויף וועלכען עס איז געווען עפּעס אָנגעשריבען. מיראַן האָט איילענדיג אָנגעצונדען דעם לאָמפּ און גענומען לעזען.

„טייערער, האַרציגער ראָניאַ. פאַרגיב מיר דער שלעכטער, אָבער אַנדערש קען איך ניט. און געה טאָקע אַוועק. זוך מיך ניט און ציה מיך מעהר פון דאָרטען ניט אַרויס. מען דאַרף ניט, איך בעט דיך און פאַרשווער דיך. דו האָסט אַליין געזאָגט, אַז מען דאַרך ניט אַרויפצווינגען אויף אַנדערע צו לעבען אַזוי, ווי דו דענקסט, אַז עס איז

בעסער. זאלען זיי לעבען, ווי זיי קענען. פאר דיין הילף וועל איך דיך ניט פארגעסען ביז'ן סוף פון מיין לעבען. דו ביזט מיין איין און איינציגע ליעבע, און אלע... (פארמעקט). פאר יעדערען זיין לע־בען, לעב דו אזוי, און איך אזוי. מיר וועט זיין אזוי בעסער, כ'וועל כאטש דיך ניט מאטערען, ווארום, כאטש דו ווייזט עס ניט ארויס, דאך דוכט זיך מיר, אז דו שעמסט זיך מיט מיר. זיי ניט בייז, מיר דוכט זיך אלץ אזוי, און דאס פלעגט מיך מאכען בייז און איך האב געטראגען אויף דיר גרויס פארדרוס, מיין געליעבטער, טייערער ברו־דער. די שליסעל זענען אלע ביי דיר אויפ'ן טיש. ווען די פרוי, וואס וואשט וועש וועט ברענגען דאס גרעט, זאלסטו זי אויסזידלען דערפאר, וואס זי האט צופאטערט דיין באליעבטע העמדר. איך האב דאס געוואלט אליין טאן, האב איך ניט באוויזען. איך דריק דיך שטארק, שטארק צו זיך און ווינש דיר זאלסט מיך אינגאנצען ניט געדענקען. אבער איך וועל דיך קיינמאל ניט פארגעסען. דיינע נ י ט שוועסטער, מארוסיא".

„נים" איז געווען צוויי מאל אונטערשטראכען.

מיראן האט איבערגעלעזען און איז געשטאנען זיך ניט רירענדיג פון ארט. בלויז די פינגער זיינע, אט ווי זיי וואלטען זיך אייגעסען, האבען צוזאמענגעדריקט דאס פאפיר. און זיין געזיכט איז געווארען אלץ פינסטערער און פינסטערער, עס האט זיך אנגעגאסען מיט בלוט. זיינע ניט גרויסע אויגען זענען אויך אזוי ווי רויט געווארען, זיינע וואנצען האבען געציטערט. עפעס א מין ווילדע, ליידענשאפטליכע משגעת האט צוזאמענגעפרעסט אלע זיינע שטריכען. מיט אן אויפ־געטרייסעלטער קורצער באוועגונג האט ער צוזאמענגעדריקט דאס צעטעלע אין פויסט, דאן האט ער פארלאשען דעם לאמפ, און איז ארויסגעגאנגען.

אליא האט צוליעב דער פינסטערניש אויפגעציטערט.

— וואס? — האט זי, ווי זיך אויפכאפענדיג פון שלאף, דער־שראקען ארויסגערעדט.

— גארניט. קוממ.

— און וואו איז מארוסיא?

— זי איז אוועקגעגאנגען צו באַקאַנטע. זי וועט קומען שפּעט. קומט !

אין זיין שטים איז געווען עטוואס אַזוינס, אַז אויף די שטיגען האָט אַליאַ דערשראָקען און אויפמערקזאַם צוויי מאָל איהם אריינגעקוקט אין פּנים. נאָר דאָס געזיכט איז געווען ווי געוועהנליך, די אויגען בלויז האָבען מאָדנע געפינטעלט, ווי ביי אַ ווילדער חיה וואָס גרייט זיך אַ שפּרינג טאָן אויפ׳ן שונא.

קיין רעגען איז שוין ניט געווען. די וואָלקענס האָבען זיך געאיילט צוזאַמען מיט מיראַנען ערגעץ וואו אין אַנדער פּלאַץ.

די שטיינער פון טראָטואַר האָבען ווי פון פעטס, געבלאַנקעט ביים שיין פון די לאַמטערענס, און ביי די לאַנגע פּאַרקענס, איבער וועלכע עס האָבען זיך איבערגעהאַנגען די נאַקעטע צווייגען פון די בוימער, האָט געשמעקט מיט פייכטע אָפּגעפאַלענע בלעטער.



# VI.

ביי די קיסעלסקים אין גאסט־צימער האבען זיך פארזאמעלט א מענשען צוואנציג. מיראן איז נאך ניט געוועז, אבער אין אלע ווינקעלאר האט מען שוין היציג ארגומענטירט וועגען איהם. עס זענען אויך געוועזן אייניגע מענשען וועלכע האבען ניט באלאנגט צו דער פארטיי און וועמען די אלטע קיסעלסקים, סעמיאן וואסילעוויטש און יעקאטערינא אנדרעיעוונא, האבען איינגעלאדען מיט דער צושטימונג פון די פארטיי מיטגלידער.

מען האט זיך ארומגעקריגט ניט הערענדיג איינע די אנדערע, מיט פארדרוס שנאה און האס. באזונדערס איז מען אנגעפאלען אויף פיאטער'ן, אז אנהייענגער פון מיראנען, וואס האט מיט א בייזען שמייבעל דערוויזען, אז יעדע פראסטיטוטקע שטעהט העכער פון דער הערליכסטער צניות'דיגער בורזשואזער מיידעל. פיאטער'ס געזיכט איז געוועזן שעהן, בלאס, און מיעד; אין זיינע חצפה'דיגע אויגען האט געפינקעלט א פארהארטעוועטער, אלטער האס. ער האט געווארפען אפטע בליקען אויף ווערא'ן, וואס איז געזעסען אין א ווינקעל מיט פארמאכטע אויגען. זי האט ניט גענומען קיין שום אנטייל אין דער דיסקוסיע. עס האט איהר וועה געטאן דער קאפ.

אויף פיאטער'ן זענען אלע געוועזן אויפגעבראכט, נאר ווייסענדיג זיין געוואוינהייט אויסצולאכען זיך אליין, האט מען ניט איבעריג שטארק געגלויבט אין זיין אויפריכטיגקייט.

אין א צווייטען ווינקעל האט זיך סעמיאן וואסילעוויטש צעהיצט, און האט מיט א דינעם איראנישען שמייכעל אויף די פארשפיצטע ליפען, פארזיכערט יאנ'עז, קיט'עז און אנדערע פארטיי־חברים, אז זיי וועלען קיינמאל ניט וואגען ארויסצוווארפען מיראנען פון דער אר־

גאניזאציע. ניט קוקענדיג דערויף, וואס זיי געפינען, אז דאס איז דער איינציגער מיטעל, זיך צו פארהיטען פון דער דעמאראליזירונג, וועלען זיי דאך ניט וואגען דאס צו טאן. די פארטיי־מענשען האבען איראניש אונטערגעלאכט.

— מיר וועלען זעהן, — האט יאנא געזאגט אונטערזינגענדיג.

— לאמיר זעהן האט שפאטיש צוגעשטימט סעמיאן וואסילע־וויטש.

סערגעי האט רוהיג, אביעקטיוו און מיט א קוים באמערקבארען אומעט געזוכט צו איבערצייגען דעם רעדאקטאר פון דער היגער לי־בעראלער צייטונג און זיין פעטער איוואן אנדרעיעוויטש, אז מיראן איז בכלל ניט קיין איינצעלנע און צופעליגע ערשיינונג, ווי עס פאר־זיכערט דער רעדאקטאר, און אויך ניט קיין פסיכיש קראנקער, ווי עס וויל דערווייזען איוואן אנדרעיעוויטש, נאר א פראדוקט פון דער רע־אקציע, עהנליך צו שוים, וואס מוז זיך ווייזען אין דער צייט פון זי־דען. ווערענד ער האט דאס ארויסגעבראכט, האט ער פון צייט צו צייט זיך אפגעשטעלט מיט די אויגען אויף דאראן. דארא איז געווען אויסערגעוועהנליך מונטער און פרעהליך, די אויגען האבען געפינ־קעלט און די באקען זענען געווען אזוי העל פארויטעלט, אז עס האט זיך געדוכט, אז אפילו פון דערווייטענס קען מען פיהלען זייער וואַ־רימקייט. זי האט זיך מיט קיינעם ניט געקריגט.

פארזאמלענדיג ארום זיך די יונגוארג, האט זי גערייצט ריסעצ־קין, אן אומגעלומפערט־שווערען חבר, מיט א פרויען פיגור, וועלכער האט אליין דאס ניט באמערקענדיג, אלע מאל גערינט אלס אורזאכע פאר די וויצען און שפאסען פון אלע חברות. ער האט ליעב גע־האט צו דיסקוטירען. און דיסקוטירט האט ער אזוי ווי ער איז גע־גאנגען, שווער זיך איבערווארפענדיג פון איין ווארט אויפ'ן צווייטען, האט ער אימער פארעקשנט געשטרעבט צו זיין ציעל, און האט קיינ־מאל קיינעם ניט אויסגעהערט. אבער דעם מאל האט ריסעצקי בלויז געשמייכעלט און אויף אלע ארגומענטען געענטפערט לפנים מיט א פאר פראזען, אין וועלכע עס האט אפגעקלונגען א מין הויכמוטיגקייט און פאראכטונג. אט די פראזען האבען ארויסגערופען נאך א גרע־

סערען געלעכטער. זשעניא, מיט די געקרייזעלטע האר, האט די גאנצע צייט דורשטיג געשלונגען זיינע ווערטער און איז כמעט נאך יעדעןווארט געפאלען מיט'ן קאפ צו זיך אויף די קני און זיך פארגאנגען פון געלעכטער.

טאראס איז געזעסען ארום דאראן. ער האט אלע ווילע אפגעלעקט די ליפען און אין פארלעגענהייט געשמייכעלט. עס זעהט אויס, אז ער האט זיך געפיהלט ניט אינגאנצען גוט. מכוח דעם נעכטיגען האבען די יונגע קיסעלסקים געהאט מיט איהם א שמועס, וואס האט זיך פארענדיגט מיט א פולען שלום. דערביי האט טאראס ערקלערט, אז ער איז אן אפגעריסענער נאר און א נידערטרעכטיגער מענש, אויב ניט באוואוסטזיניג איז זיכער אומבאוואוסטזיניג. נאר וועגען געלט האט ער געבעטען קיינמאל מעהר ניט דערמאנען, ווייל ער וועט קריגען געלט ערגעץ אנדערש. מען האט באשלאסען איהם ניט אויפצורעגען און ביז א צייט ערפיהלען זיין בקשה.

דארא האט, פון צייט צו צייט, געשפירט אויף זיך סערגעי'ס בליקען און אלס ענטפער האט זי פריידיג געשמייכעלט צו איהם. נאר סערגעי האט נאך אויפמערקזאמער באטראכט איהר שלאנקע שיינענדע פיגור מיט דער קרוין פון טונקעל־גאלדענע האר אויפ'ן קאפ און האט נאך רוהיגער געענטפערט זיינע געגנער. דארא האט זיך אביסעל פארוואלקענט, אבער גלייך האט זי זיך ווידער געווענדט צו ריסעציקין. דערנאך האט זי פלוצלינג הויך אויפ'ן קול אפגערופען פיאטער'ן און איהם געהייסען ניט אפטרעטען פון איהר דעם גאנצען אבענד, און דערווייל אוועקווארפען די דיסקוסיעס. זי האט זיך אריינגעמישט אין דעם הייסען געשפרעך פון יעקאטערינא אנדרעיעווגא מיט נאטאליא'ן, און האט מיט א געלעכטער געבעטען נאטאליא'ן זינגען, און האט דאס געפיעלט. נאטאליא האט פארמאגט א ווייכע קאנטראלטא, און זי האט גוט געזונגען פאלקס־ליעדער. קאטערינא אנדרעיעווגא איז געווען אומצופרידען: זי האט נאר וואס אנגעהויבען ארויסזאגען א געדאנק, אז דער איינציגער מיטעל אויפצוהויבען די זינקענדע מאראל פון דער יוגענד, — איז מיט'ן ווארצעל ארויסצורייסען און אפווארפען יענע עלעמענטען, וואס דעמאראליזירען זי. נאטאליא, פארקערט, איז געווען צופרידען: קאטערינא אנדרעיעווגא'ס

הייסע, אָרדנונגסלאָזע ליידענשאַפטליכקייט, איהרע אָנגעשטרענגטע אויגען, און איסטעריש צורייצטע שטימע האָבען זי מיעד געמאַכט. נאַטליא אַליין איז געווען עטוואָס אַ פולע, אַ היבשע, מיט קאָקעטיש־שעהנע אויגען, האָט געהאַט זעהר אַ בלאַסען געזיכט און אַ פרישען ליידענשאַפטליכען מויל.

נאָך אַוועקנעמענדיג נאַטאַליא׳ן, האָט דאַרא ווי פאַרגעסען אַן איהר און האָט אויף דאָס ניי אויפגעהויבען אַ געלעכטער אַרום ריי־סעצקין. זי האָט ווידער אָפּגערופען פּיאָטער׳ן און האָט איהם אויס־גערעדט דערפאַר וואָס ער איז פון איהר אַוועקגעגאַנגען. פּיאָטער האָט זיך פאַר איהר פאַרנייגט ווי פאַר אַ קעניגען און האָט זיך אָראָפּ־געלאָזען אויף איין קני. ביי יעדען קלאַנג פלעגט זי מיט אַמאָל אַנט־שווינגען ווערען, איהרע נאַז־פליגעל האָבען זיך גענומען הויבען און ווייס ווערען ביי די ברעגען; אָבער דאָס פלעגט דויערן נאָר איין אויגענבליק, דערנאָך פלעגט זי ווערען נאָך פרעהליכער. עס האָט זיך געדוכט, אַז זי האָט אפילו ניט געוואוסט דערפון, אַז מען האָט זיך דאָ פאַרזאַמעלט צוליעב געוויסע קריגערייען, און האָט אַלעמען גע־שטערט אין זייערע דיסקוסיעס.

ווערא האָט, פון צייט צו צייט, אויפגעהויבען אויף איהר די אויגען און אויפמערקזאם נאָכגעפאָלגט.

און מיראָן איז נאָך אַלץ ניט געקומען. דאָס האָט שוין אָנגע־הויבען צו פאַרדריסען. עס האָבען זיך דערהערט שטימען, אַז ער ערלויבט זיך צופיעל און אַז מען וואָלט איהם באַדאַרפט אָנלערנען. אימיצער האָט אפילו פאָרגעשלאָגען מען זאָל אָנהויבען אָהן איהם, און אויב ער וועט ניט קומען זאָל מען אָהן איהם ביז׳ן סוף זיך פאָנ־אַנדערקלייבען אין זיין „טעטיגקייט“. דער פאָרשלאָג איז אונטער־שטיצט געוואָרען, נאָר סערגעי, קיט, סעמיאָן וואַסילעוויטש און אַנ־דערע האָבען ענטשלאָסען און הייס פּראָטעסטירט. עס האָט זיך צו־ברענט אַ וויכוח.

עס האָט זיך דערהערט אַ קלונג, און עס זענען אַריינגעקומען מיראָן מיט אַליא׳ן. אַליא׳ס קומען האָט אַרויסגערופען אַ לייכטע פאַרוואונדערונג. אָבער ווערא האָט זי גענומען אונטער איהר שוץ און צו איהר איז גלייך צוגעשטאַנען טאַראַס. אַליא האָט שעמעוודיג

געשמייכעלט און ניט געוואגט זיך צוגעקוקט צו דער גרויסער און טו־מעלדיגער פארזאמלונג.

מיראַנען האָט מען באגעגענט מיט אַן אונטערגעשטראָכענער גלייכגילטיגקייט. כאָטש ביים באַגריסען זיך האָט יעדערער איהם געזאָגט אַ פּאָר פרעהליכע און ליעבליכע ווערטער. סעמיאַן וואַסי־לעוויטש האָט איהם אפילו ארומגענומען ביי דער טאַליע און איז אַזוי דורכגעגאַנגען מיט איהם דעם גאַנצען גאַסט־צימער.

מיראַן האָט אונטערגעלאַכט און האָט קאַפּריזנע צוצויגען די ווער־טער. זיין געזיכט איז געווען גרוי, געגאַנגען איז ער מיט זיין שווע־רען, אַזוי ווי נאַכלעסיגען גאַנג און מיט איין האַנט געצויגען אַ וואָנץ צום אויג צו. נאָר זיינע אויגען זענען שאַרף און קאַלט מיט פונקען פון עטוואָס פארבאַהאַלטענעם און ברענעדען אומגעלאָפען איבער די פּנים׳ער פון די פארזאַמעלטע.

דאַראַ האָט גלייכגילטיג אַ שאָקעל געטאָן צו איהם מיט׳ן קאָפּ און האָט גלייך עפּעס געזאָגט ריסעצקין אלס ענטפער. פון אָט דעם ענטפער האָט זיך ריסעצקי׳ס פּנים פון פּראַבקע קאָליר און זיינע קליינע מייזענע אויגעלאַך אָנגעגאָסען מיט בלוט און ער איז אין גאַנצען צו־מישט געוואָרען. די צוהערער האָבען אויסגעשאָסען אַ געלעכטער. דאַראַ האָט זיך אויך צולאַכט.

מען האָט זיך גענומען גרייטען צו דער זיצונג. עס האָט זיך דערהערט אַ „ש־ש־ש־שאַ" און אַ גערודער פון ביינקלאַך.

דאַראַ האָט פּלוצלינג גענומען ריסעצקי׳ס האַנט, זי שטאַרק גע־דריקט, און אריינקוקענדיג איהם אין פּנים, פּשוט און מילד געזאָגט:

— זייט ניט בייז אויף מיר, טייערער... גוט? איך פיהר זיך היינט אַ ביסעל ניט גוט... יאָ?

ריסעצקי האָט זיך פאַרלאָרען, אָבער ער האָט גלייך גענומען שוי־נען, זיכער, אַז ער האָט טריאומפירט אין דער דיסקוסיע.

— נו, איצט, מיינע הערען, זעצט זיך אויף אייערע פּלעצער — און שאַ, שטיל! — האָט ערענסט צוגעגעבען דאַראַ, ווענדענדיג זיך צו אַלעמען און אויסקערעווענדיג זיך, איז זי אונערוואַרטעט צוגעגאַנ־גען צו מיראַנען.

מיראַן איז געשטאַנען אין ווייטסטען ווינקעל פון צימער. דאָס

איז געווען זיין געוואוינהייט אויף אַלע זיצונגען, אויסצוקלייבן דעם ווייטסטן ווינקעל און פון דאָרטן, שטעהענדיג און ציהענדיג די וואָנצען ארויף, אָפּענטפּערן און דיסקוטירען.

— ביי מיר איז היינט געווען אייער שוועסטער, — האָט גלייך אָנגעהויבן דאָראַ, קאַלט און פאַרשענד קוקענדיג איהם אין פּנים.

מיראָן האָט פלינק אַ קוק געטאָן אויף איהר.

— ווען? היינט? אין אָווענד?

— יאָ, פאַרנאַכט. דאָס וואונדערט אייך?

מיראָן האָט פאַרביסען אַ ליפּ.

— אָר־אָו! — האָט ער אַרויסגעברומט, — יאָ־אָ, ס׳וואונדערט מיך אַביסעל... האָט ער שוין נאָכלעסיג און קאַלט צוצויגען.

— וואָס־זשע האָט זי ביי אייך געטאָן?

— מיר האָבען גערעדט... וועגען איהר און וועגען אייך...

מיראָן האָט מיט אַ מאָדנעם שפּאָט איהר אַריינגעקוקט אין די אויגען. דערנאָך האָט ער לאַנגזאַם אַריינגעלייגט די האַנט אין בוזעם־קעשענע און האָט אַרויסגענומען מאַרוסיאַ׳ס צעטעל און האָט דאָס פּויל איבערגעגעבען דאָראַ׳ן מיט די ווערטער:

— לעזט דאָס איבער... אינטערעסאַנט... עס איז געווים אַ רע־זולטאַט פון אייערע געשפּרעכען.

דאָראַ האָט גענומען דאָס צעטעלע און אָנגעהויבען לייענען. אין דער צייט פּונ׳ם לעזען האָט זי אַ קוק געטאָן אויף מיראָנ׳ען. ער האָט געקוקט ערגעץ וואו אין דער ווייטקייט, פינטלענדיג מיט די אויגען, אַט ווי ער וואָלט זיך צוקוקען צו עפּעס, און האָט קוים־קוים גע־שמייכעלט.

— איך האָב דאָס געוואוסט. — האָט געזאָגט דאָראַ, אומקע־רענדיג דאָס צעטעלע און האָט איהם אַ קוק געטאָן גלייך אין פּנים.

ער האָט זיך ניט אָפּגעענטפערטווענדיג דאָס באַהאַלטען אין קעשענע.

— יאָ? פיליייכט האָט איהר דאָס געראַטען איהר צו טאָן.

— ניין.

— וואָס־זשע האָט איהר איהר געזאָגט?

ער האָט אַלץ געקוקט ערגעץ וואו אין דער ווייטקייט און שפּאָ־טיש אונטערגעשמייכעלט.

— וואס מען האט גערעדט, דאס האט מען שוין גערעדט. ווען איהר וועט זי זעהן, זאגט איהר, אז אומזיסט איז זי אזוי שנעל אוועק־געגאנגען. זאגט איהר, אז עס טוט מיר זעהר לייד.

— נאך וואס־זשע איז זי געקומען, און פארוואס איז זי שנעל אוועקגעגאנגען?

— געקומען איז זי, זעהט אויס, דערפאר, ווייל איהר איז שווער!

— האט בייז געזאגט דארא. — און אוועקגעגאנגען... זי איז נישט לאנג געוועזן ביי מיר. ווערא איז געקומען צו מיר, און זי האט זיך פארלארען... און... האט זיך אביסעל מאדנע געהאלטען... דאס פאסט גאר ניט פאר אייער שוועסטער, לויט מיין מיינונג. סערגעי און ווערא דענקען ניט אזוי. אייער שוועסטער איז גלייך אוועקגעגאנגען. גיט איהר איבער, אז אויף מיר איז זי אומזיסט אין כעס געווארען. דאס אלעס. וועט איהר איהר איבערגעבען?

מיראן האט מיט א שווערען בליק א קוק געטאן אויף איהר.

— דאס בין איך שולדיג. איך האב איהר געראטען זיך נע־הענטער מיט אייך צו באקאנען. עס טוט מיר באנג. נאר איך וועל איבערגעבען.

עס האט זיך דערהערט א קלונג, וואס האט גערופען די פארזאמ־לונג צו ארדנונג. דארא האט געוואלט נאך עפעס זאגען, נאר זי איז אוועקגעגאנגען און האט זיך געזעצט נעבען נאטאליא'ן אויפ'ן דיוואן. מיראן האט גענומען דרעהען די וואנצען. די פונקען אין זיינע אויגען זענען שארפער געווארען. צומאל האט זיך געדאכט, אז אויפ'ן פלאץ פון אויגען זיצען ביי איהם צוויי שטארק פארשארפטע שפיצען פון בלאנקענדע צוועקעס. אבער זיין פאזע איז געוועזן א פויל־נאכלעסיגע, און די באוועגונגען פון די הענט לאנגזאמע.

קימ'ען האט מען אויסגעקליבען אלס פארזיצענדען. ער האט פאריכט זיינע געדיכטע שעהנע וואנצען און צוגעגעבען נאך מעהר קעלט זיין באוועגלאז־שעהנעם פנים. ער האט פארגעשלאגען דעם פארטרעגער, חבר יאנא'ן, צו באקאנט מאכען די טעמא פון דער פאר־זאמלונג.

יאנא איז לאנגזאם צוגעגאנגען צום פארזיצענדערס טיש, האט זיך אנגעשפארט אן איהם מיט דער האנט און האט באטראכט דעם צימער

מיט זיינע גרינגליך גרויע אויגען. זיין אפגעגאלענער מויל האט זיך צוצויגען אין א דינעם שמייכעל.

ניט ווילענדיג האבען אלע א קוק געטאן אין מיראנ׳ס זייט. ער האט ווי פריהער געדרעהט די וואנצען און געפינטעלט מיט די אויגען.

יאנא האט גענומען באקאנט מאכען די אויפגאבען פון דער פאר־זאמלונג, וואס איז באשטאנען אייגענטליך אין אן אנפראגע צו חבר מי־ראן וועגען אייניגע זיינע אידעען, וואס ער פראפאגאנדירט צווישען די ארבייטער. ער פרעדיגט פאלגענדעס:

יאנא האט פונאנדערגענומען א פאפירעל, וואס ער האט געהאל־טען אין די הענט און ארייגקוקענדיג אין דעם, האט ער פארטגעזעצט מיט דעם זעלבען איינגעהאלטענעם שפאטישען שמייכעל.

— ניט קוקענדיג דערויף וואס עס זענען פאראיבער די צייטען פון אלערליי געשלעכטליכע פרייהייטען און די געזעלשאפט טרעט ארויף אויפ׳ן וועג פון ניכטערער טעטיגקייט; ניט קוקענדיג דערויף, געפינען זיך דאך מענשען, וואס קאנען זיך פון די „פרייהייטען“ ניט אפזאגען. חבר מיראן איז איינער פון זיי. ער פארמאגט א סך פון אט די „פרייהייטען“.

יאנא האט ווידער ארייגעקוקט אין פאפירעל.

— די ערשטע — איז די פרייהייט צו געהן אין שאנד־הייזער. לויט חבר מיראנ׳ס לעהרע איז געהן אין א שאנד־הויז ניט נאר ניט קיין בזיון, נאר פארקערט א ליבענסווערטע זאך, וועלכע עס איז כדאי נאכצוטאן.

— דאס איז א ליגען! — האט פלוצלינג פון א ווינקעל א גע־שרעה געטאן קאליא, וואס איז דערביי אינגאנצען רויט געווארען. דער עולם האט גענומען שרייען עס זאל זיין שטיל. יאנא האט א קוק געטאן אין זיין זייט און מיט א שמייכעל געזאגט:

— אפילו קינדער אין די וויגען שטעלען זיך איין פאר חבר מי־ראן.

— איהר זענט אליין א וויג־קינד!

— שטילער! שטילער!

יאנא האט פארטגעזעצט.

— די צווייטע פרייהייט, — איז די פרייהייט פון פראסטיטו־

ציאָנס אַרבייט. אַז די אַרבייט איז ניט נאָר ניט שעדליך, ניט נאָר ניט קיין שענדליכע און ערנידעריגענדע, נאָר גראָד פאַרקערט, זעהר אַ ניצליכע און אַ ווינשענסווערטע פאַר דער געזעלשאַפט, און קען זיך גלייכען צו דער אַרבייט פון פּאָעטען און פילאָזאָפען און פאַר־דינט ערמוטיגונג. דערפאַר רעקאָמענדירט דער חבר מיראָן די אַר־בייטער מיט אַלע מעגליכקייטען און מיטלען אונטערהאַלטען די פּראָס־טיטוציע. אַלס איינעם פון אַט די מיטלען באַטראַכט ער די אָרגאַני־זאַציע פון פאַך — פאַראיינען פון די „אַרבייטענדע“ פּראָסטיטוטקעס. זאָל דאָס די פאַרזאַמלונג באַמערקען: ניט קיין קאַמף געגען, נאָר הילף און אַנטוויקלונג פאַר אַט דער ניצליכער און ווינשענסווערטער אינ־סטיטוציע.

— אויך דאָס איז אַ ליגען! — האָט ווידער אויסגעשריען קאַליאַ.

— קאַליאַ! — אויב דו וועסט זאָגען כאָטש נאָך איין וואָרט, וועסטו געהן מאַכען דיינע לעקציעס. — האָט זיך צושריען קאַטערינאַ אַנדרעיעוונאַ.

עס האָט זיך דערהערט אַ געלעכטער.

— דאָס איז שוואַך! זאָל ער ניט לייגען.

מיראָן האָט אַליין געדרעהט דעם וואָנץ.

— אויב איך ליג, קען דער חבר מיראָן דאָס דערווייזען, — האָט אָנהויבענדיג רויט ווערען, געזאָגט יאַנאַ — חבר מיראָן! — איך ליג, אָדער ניט.

— זעצט פאַר... — האָט ער אומדייטליך אַ שמייכעל געטאָן.

יאַנאַ האָט מיט שפּאָט אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ, און האָט אַריינקוקענדיג אין פּאַפּירעל פאָרטגעזעצט:

—די דריטע פרייהייט, דאָס איז פרייע ליעבע. זאָל די פאַר־זאַמלונג ניט פאַרגעסען, אַז חבר מיראָנ׳ס טעטיגקייט באַגרעניצט זיך בלויז אויף אַ געוויסען פעלד. אונטערן נאָמען „פרייע ליעבע“ פאַר־שטעהט חבר מיראָן אייגענטליך די פרייהייט פון ריין פיזישע גע־שלעכטליכע באַציהונגען. לויט חבר מיראָנ׳ס „לעהרע“ איז אַט די פרייהייט די נייע פאָרמע פון דער פאָרמולע, ווייל די אַלטע האָט שוין אָפּגעלעבט איהר צייט. מיט׳ן צוועק צו פּראָפּאַגאַנדירען אַט די

„נייע“ פֿאַרמע, מאַכט דער חבר מיראָן אַזוינע פֿאַרזאַמלונגען צווישען די אַרבייטער, אויף וועלכע עס ווערט געפֿערדיגט פּרוואור־חתונות, — דאָס הייסט אַ צייטווייליגער צוזאַמענלעבען (אויך זעהר אַ באַקוועמע הייראַטס־פֿאַרמע, ווי די פֿאַרזאַמלונג קען זיך פֿאַרשטע־לען). נאָך אַזוינע חתונות געפֿינט די פּראָסטיטוציע, זעהט אויס, איהר נאַטירליכע דערהאַלטונג.

אַליאַ האָט מיט גרויסע פֿאַרוואונדערטע אויגען געקוקט, אַט אויף יאַנאַ׳ן, אַט אויף מיראָנ׳ען און אַט אויף פּיאָדאָר׳ען.

פּיאָדאָר איז געזעסען אַ רויטער און געריבען די הענט, וואָס ער פֿלעגט אימער טאָן, ווען ער איז געווען אויפגערעגט, אָדער ווען ער האָט זיך געקליבען רעדען.

— אויף אַט די פֿאַרזאַמלונגען ווערען באַזאָרגט אויך אַנדערע געשעפֿטען פֿון דעם זעלבען סאָרט. ער, יאַנאַ,וואָלט אום קלאָרער צו מאַכען דעם ענין, זיי געקענט אַנרופֿען מיט דעם באַקאַנטען נאָמען „די ליגעס פֿון פֿרייער ליבע“, אָבער ניט ביי גימנאַזיסטען, נאָר ביי די אַרבייטער.

— דאָס איז ניט אמת! — האָט זיך אומערוואַרטעט אַרויסגע־ריסען ביי אַליאַ׳ן

אַלע פּנימער האָבען זיך אויסגעקערעוועט צו איהר. זי איז שטאַרק רויט געוואָרען, אָבער זי האָט פֿעסט געקוקט אויף יאַנאַ׳ן מיט איהרע גרויסע, צאַרטע אויגען.

— ניט אמת? — האָט יאַנאַ זיך פֿאַרוואונדערט.

— שטילער! — האָט געגומען קלאַפּען דער פֿאַרזיצענדער.

— יאָ, דאָס איז ניט אמת! — האָט פּלוצלינג זיך אָפּגערופֿען פּיאָדאָר פֿון דער אַנדערער זייט. און פֿון ערגערניש איז ער אַזש אויפגעשטאַנען.

— אַט די זעלביגע, ווי איהר האָט געזאָגט, ליגעס פֿאַרזאַמלען זיך ביי מיר, אָבער... עס איז גאָר ניט אַזוי ווי איהר דערצעהלט עס... דאָס... טוען מיר אום זיך אָפּרוהען... מיר זאָלען אימיצען שטערען, דאָס איז, ווירקליך, ניטאָ ביי אונז, אָבער קיין פּרוואור־חתונות פֿיהרען מיר ניט איין... מיראָן אַנטאָנאָוויטש קומט זעהר אָפֿט צו אונזערע פֿאַרזאַמלונגען... מען שמועסט, געוויינטליך, וועגען פֿאַרשיעדענע זאַ־

בען, אבער ניט אזוי... דאס, ענטשולדיגט, האט איהר ניט ריכטיג געזאגט״.. און דאס איז א גרויסע באליידיגונג. אן ארבייטער איז אויך א מענש און וויל אויך פארגעניגען... עס איז שווער צו לעבען בלויז מיט איין פאליטישער עקאנאמיע... דאס... יא... ניט גוט אזוי.

ער האט זיך אוועקגעזעצט און האט מיט דער דאלאני אויסגע־ווישט דעם שטערען.

מיראן האט זיך אליין אזוי אונטערגעשמייכעלט און געדרעהט די וואנץ. בלויז די אויגען זיינע האבען געפינקעלט שארפער.

יאנא האט זיך אביסעל פארלארען, אבער ער איז גלייך געקומען צו זיך. דער פארזיצענדער האט מיט א קלאפ פון האמער געמאכט א סוף צום שושקען זיך. יאנא האט פארטגעזעצט.

עס איז גאנץ מעגליך, אז ער מאכט א טעות אין באצוג צו דעם גאנצען כאראקטער פון אט די פארזאמלונגען, ווי אויך אין אלגעמיין אין באצוג צו דעם כאראקטער פון דער גאנצער טעטיגקייט פון חבר מיראן, אבער צוליעב דעם טאקע איז פארופען געווארען די היינטיגע זיצונג אום דאס קלאר צו מאכען. ער, יאנא, האפט, אז חבר מיראן וועט אליין אנווייזען אויף די טעות'ן פון פארטראג. און דערוויי־ל וועט ער פארטזעצען״.. וועגען דער פערטער פרייהייט, נעמליך וועגען דער פרייהייט פון געזעלשאפטליכען קאנטראל אין די ענינים פון ליעבע, דאס הייסט די אפלייקענונג אפילו פון בירגערליכער הייראט. אייגענטליך איז דאס בלויז א ספעציעלע פארמע פון „הייראט אויף פראבע“. די פארזאמלונג קען זיכער אפשאצען אויף וויפיעל אט די פרייהייט איז ניט אומנוצליך... ענדליך נאך איין פרייהייט: די פריי־הייט פון דער אינטעליגענץ. חבר מיראן דענקט, אז די אינטעליגענץ דארף קיין שום ראל ניט שפילען אין דער ארבייטער באוועגונג. דער־פאר...

— פע, ווי ער ליוגט! — האט אין ענטריסטונג אויסגעשריען קאליא און איז דעמאנסטראטיוו ארויסגעגאנגען פון גאסט־צימער.

אלע האבען א שמייכעל געטאן.

— דערפאר וויל חבר מיראן ניט אריין אין קאמיטעט ניט קו־קענדיג אויף דעם, וואס מען האט דאס איהם פיעל מאל פארגעשלא־גען. דער קאמיטעט האט ידיעות וועגען דעם, אז חבר מיראן פיהרט

אַן אַגיטאַציע פאַר דער אָרגאַניזירונג פון אַן אַרבייטער צייטונג, וואָס זאָל אָנגעפיהרט װערען פון אַרבייטער אַליין. אויף װיפיעל דאָס איז פּראָדוקטיװ און נוצליך פאַר דער באַװעגונג קאָן די פאַרזאַמלונג אַליין אָפּשאַצען. נאָר ער, יאַנאַ, װיל בלויז דערמיט אָנװייזען אויף אַ געװיסער בירגערליך־אַנאַרכישער טענדענץ פון חבר מיראָן׳ס טעטיגקייט. אויב אַלעס, װאָס ער האָט דאָ באַריכטעט איז ניט ריכטיג, זאָל חבר מיראָן זיין אַזוי גוט און אָנװייזען אין װאָס אייגענטליך דער באַריכט שטימט ניט מיט דער װירקליכקייט.

יאַנאַ האָט פאַרענדיגט און איז צוגעגאַנגען צו סערגייען. יענער האָט איהם גלייך עפּעס אַריינגערוימט אין אויער; יאַנאַ האָט צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

אַלעמענס אויגען זענען געװען געריכטעט אויף מיראָנ׳ען. פיעלע האָבען זיך געשושקעט. די אומפּאַרטייאישע האָבען זיך איבערגעקוקט. דער רעדאַקטאָר, האָט אויפמערקזאַם און מיט גרויס נייגעריגקייט באַטראַכט מיראָנען.

— איהר װילט ערקלערען, חבר? — האָט זיך געװענדעט צו מיראָנען דער פאַרזיצענדער.

— יאָ, איך װיל ערקלערען, האָט מיראָן פאַרלייגענדיג די הענט פון הינטען, און אויסבייגענדיג זיך אַביסעל פאָראויס, געענטפערט. און אַזוי װי אין זיין געזיכט האָט זיך באַװיזען עטװאָס משונה פרעהליכעס און װילדעס, האָט זיך געדוכט, אַז ער קלייבט זיך אַ שפּרונג טאָן אויף אימיצען.

— איהר האָט דאָס װאָרט, — האָט ערלויבט קיט.

מיראָן האָט צוגעװאַרט אַ װיילע ביז עס איז שטיל געװאָרען, און האָט שטיל אָנגעפאַנגען:

— חבר יאַנאַ האָט געמאַכט איין קליינינקען טעות אין זיין פאַרטראַג. אַנשטאַט מיינע בליקען און אַנשויאונגען האָט ער גיכער באַריכטעט װעגען זיינע אייגענע... דאָס טרעפט אָפט מיט קינסטלער... אויסער דעם, האָב איך מעהר גאָר ניט װאָס צו זאָגען.

— ריכטיג! — האָט הויך, אויפ׳ן קול, זיך צולאַכט קאַליאַ, װאָס איז נאָר װאָס װידער אַריינגעקומען.

יאַנאַ האָט אַ שפּאַטישען שמייכעל געטאָן.

— איהר לייקענט, הייסט עס אלעס, וואס איז געזאגט געוואָרען וועגען אייך אינ'ם באריכט פון חבר יאַנא?! האָט זיך פּלוצלינג דאַרא מיט איהר גאַנצען קערפּער אויסגעדרעהט צו מיראַנ'ען. איהרע אויגען האָבען געקוקט כמעט דראָהענד און איהרע נאָזפליגעל האבען זיך אנגעבלאָזען.

— שטילער, מיינע הערען! — האָט זיי אָפּגעשטעלט דער פאַר־זיצענדער. — מען טאָר ניט אזוי, מען דאַרף בעטען א וואָרט. דאָס וואָרט האָט חבר מיראַן.

מיראַן האָט א מאָדנעם קוק געטאָן אויף דאַרא'ן.

— יאָ, איך לייקען דאָס.

— אָבער דאָס איז דאך...

— מיינע הערען! לאָזט רעדען! חבר מיראַן, איהר האָט דאָס וואָרט.

מיראַן האָט זיך אָפּגעקערעוועט פון דאַרא'ן.

— אלזא, מיינע הערען... — האָט ווידער אָנגעהויבען מיראַן, איהר קענט, דוכט מיר, שליסען אונזער זיצונג. די פראַגע איז ער־שעפּט.

— קונציג! — האָט אימיצער שפּאָטיש ארויסגעמורמעלט.

— ערלויבט מיר, חבר! האָט זיך, פּלוצלינג, בייז אריינגע־מישט סערגעי. — אונז איז אלעמען באוואוסט, אז טאַקע אָט די מיינונגען זאָגט איהר אימער ארויס און גיט זיי אָן כמעט פאַר די מיינונגען פון דער פּאַרטיי. אזוי קען מען ניט. מיר פאַרלאַנגען אַן ערקלערונג.

מיראַן האָט געשמייכעלט.

— איהר ווילט וויסען מיינע בליקען אויף אָט די פראַגען, אָדער איהר ווילט וויסען דאָס, וואָס איך זאָג צו ארבייטער?

— דאָס דיינק איך, איז איינס און דאָס זעלבע...

— ניין, ניט אינגאַנצען. טאָ וואָס זשע ווילט איהר?

מיראַן האָט שוין מעהר ניט צוצויגען די ווערטער, זיינע באַוועּ־גונגען זענען געוואָרען האַסטיק און אָפּגעריסען, און אין די אויגען האָבען זיך באוויזען פרעהליכע נקמה פונקען.

— דאָס, וואָס איהר זאָגט די ארבייטער, פאַרשטעהט זיך; דאָס

איבעריגע געהט אונז ניט אָן ! — האט סערגעי אָפּגעענטפערט שארף.

— גוט, איך זאג זיי פאָלגענדעס : אויב איהר טוט עפּעס, טוט עס מיט אייער גאנצען וועזען. ניט נאר מיט'ן שכל, אדער מיט'ן הארצען, נאר מיט ביידע צוזאמען. דאס איז א פשוט'ער געדאנק און בכלל ניט קיין פארברעכערישער. אמת ? איך אילוסטריר איהם מיט אלעם דעם, וועגען וואס עס האט דא אזוי שארפזיניג גערעדט חבר יאנא. לאָמיר נעמען, צום ביישפּיעל, די זעלביגע פראסטיטור־ציע מיט'ן זעלבען חבר יאנא. ער געהט געווים צו די פראסטיטוט־קעס און זיכער...

— אורטיילט ניט לויט זיך ! — האט זיך אנגעצונדען יאנא.

— איהר געהט ניט ? — האט זיך פארוואונדערט מיראן.

איבער דער פערזאמלונג האט זיך דורכגעטראגען א געטומעל פון ענטריסטונג.

מיראן האט דאס אזוי ווי ניט באמערקט. בלויז אויף זיינע ליפּען האט דורכגעשוועבט עטוואס פרעהליכעס.

— איך בעט ניט אנרירען קיין פערזענליכקייטען ! — האט שטרענג באמערקט דער פארזיצענדער.

— מיך וואונדערט... — האט מיראן אויפגעהויבען די ברעמען.

— מיט דריי וואכען צוריק זיינען די חברים פּעטער, ריסעצקי און דער חבר פארזיצענדער צוזאמען מיט אייך געווען אין א שאנד־הויז... ניט אמת, אפשר, חבר פּיאטער ?

— א, יא־א־א... — האט אין דייטש אויסגעצויגען פּיאָטער מיט אזא טאן, ווי ער וואלט זיך געגרויסט דערמיט, וואס ער איז געווען דארט. און ער האט גרויסארטיג פאריכט מיט'ן פינגער זיינע קליינע וואנצען.

דער פארזיצענדער און ריסעצקי זיינען רויט געווארען. אבער יאנא איז אויפגעשפּרונגען, האט א מאך געטאן מיט דער האנט און גענומען שרייען :

— איך בין געגאנגען אהין אום צו באאבאכטען אזוינע... ווי איהר און אייער חבר פּיאטער ! איהר קענט אפילו ביי איהם פרעגען.

— ריכטיג ! — האט רוהיג באשטעטיגט פּיאטער — דער חבר יאנא האט בלויז געהאלטען א ווייליע אויף זיין שויס א קליינינקע

זינדיגע מיידעלע און איז אוועק פון דארטען א ריינער. מיר אלע זיינען פארבליבען.

עס האבען זיך דערהערט אויסגעשרייען פון ענטריסטונג און נע־לעבטער. קאליא האט הויך אויפ׳ן קול זיך גענומען מיט היץ אין עפּעס איבערצייגען זשענען.

— דאס איז נידריג און מיאוס — האט זיך פלוצלונג געשווינד און מיט ענטריסטונג אויפגעהויבען פון איהר ווינקעל ווערא — הער מיראן ענטפערט תמיד אזוי אויף אומאנגענעהמע פראגען. מיר ווילען דא ניט הערען קיין נידערטרעכטיגקייטען! איהר הערט! ענט־פערט אויף די פראגען, וואס מען האט אייך געשטעלט.

— פארזיצענדער! גיט־זשע אכטונג אויף דער ארדנונג פון דער פערזאמלונג!

דער פארזיצענדער האט זיך געשושקעט מיט סערגעיען. אויף ווערא׳ס אויסגעשריי האט ער זיך אויסגעקערעוועט און אנגעהויבען קלאפען מיט׳ן בליישטיפט איבער׳ן טיש. זיינע שעהנע אויגען הא־בען ביין געפינקעלט און פון די באקען זיינען נאך ניט פארשוואונ־דען די רויטע פלעקען.

מיראן האט, שיינבאר, געקליבען נחת פון דער גאנצער געשיכ־טע — און האט מיט נייגעריגקייט זיך צוגעקוקט צו די פנימער. אויף ווערא׳ס געשריי האט ער א שמייכעל געטאן.

— חבר מיראן, ווילט איהר ענטפערען אויף דער אנפראגע פון דער ארגאניזאציע? — האט פלוצלונג שארף געפרעגט דער פארזי־צענדער.

אין גאסט־צימער איז שטיל געווארען.

— איך ענטפער דאך, — האט געזאגט מיראן.

— אויב אזוי, בעט איך אייך אהן פערזענליכקייטען, דאס איז ניט קיין ענטפער! איהר האט דאס ווארט.

— אייך איז דאך קלאר געשטעלט געווארען די פראגע, — האט ווידער פון איהר פלאץ אויסגעשריען ווערא, — דרעהט זשע זיך ניט און ענטפערט: אנערקענט איהר, אז פראסטיטוציע איז א אי־בעל אדער ניט?

— איך אנערקען! — האָט מיראן געענטפערט מיט אן איראָ־נישען שמייכעל.
— הא — הא... אין וואָס זשע באַשטעהט אָט דער איבעל?
— אין וואָס? המ... אין פיעלעס... נו, לאָמיר זאָגען אפילו אין דעם, וואָס די פאַרדאַרבענהייט טריאומפירט, און די צניות'דיגע וואָלטעטיגקייט ערנידעריגט זיך. וואָס די מאָראַל ווערט געטראָטען מיט די פיס, און וואָס מען באַנוצט זיך מיט א מענשען, ווי מיט עפּעס א פּויער אין א פּריצ'ישען הויף.
ווערא איז בלאַס געוואָרען און האָט שטאַרק פאַרביסען די ליפּען.
— און אין נאָך וואָס? — האָט זי, ניט אראָפּנעהמענדיג פון איהם איהרע טונקעל געוואָרענע אויגען, טויב און דראָהענד א פרעג געטאָן.
— נאָך? המ... מאַלע אין וואָס? — האָט ער געדריקט מיט די פּלייצעס. — נו, לאָמיר זאָגען, נאָך אפילו אין דעם, וואָס קיין איין אנשטענדיגע פרוי איז ניט גאַראַנטירט פון פאַראַט מצד איהר מאַן מיט אָט די באַשעפעניש'ען, און קיין איין מוטער קען ניט זיין רוהיג פאַר איהר זוהן, און קיין איין אנשטענדיגע מיידעל קען ניט ארויס אין אָוועגט אין גאַס, און זיך ניט אנשטויסען אויף אָט די געפאַלענע. אָבער דאָס איז ניט אלעס. צומאָל האָבען זיי נאָך די חוצפה צו קומען אין אן אנשטענדיגער הויז! איז דאָס ניט שלעכט גענוג? הייגט ס'אָרא באַאומרוהיגונג פאַר פיעלע באַרעמהערציגע דאַמען, וואָס פאַרנעהמען זיך מיט בויען היימען?
קאַטערינא אנדרעיעוונא איז רויט געוואָרען.
— שוין־זשע איז דאָס ניט קיין בייז? און פאַר די אַלטיטש־קע איז דאָס דען ניט קיין זאָרג? מיר איז איינמאָל אויסגעקומען צו הערען וועגען א ווערטען און הויך־מאָראַלישען אַלטיטשקען, וועלכער האָט זיך אַזוי שטאַרק צופלאַקערט מיט ברידערליכער ליע־בע צו איינער פון אָט די נידערטרעכטיגע נפשות, אז ער האָט אַזש געמוזט אַנקומען צו פאַרגוואַלטיגונג. עס האָבען זיך געפונען נאַרישע מענשען, וועלכע האָבען געוואָלט דערלאַנגען אין געריכט, אָבער די געזעלשאַפט האָט געהאַט אַזוי פיעל צוטרויען צו דעם אַלטיטשקען,

אז עס איז צום געריכט ניט געקומען. טוט נאר א טראכט וויפיעל עס קומט אויס אנשטענדיגע מענשען צו ליידען צוליעב אט די נידריגע מוידען!

איוואן אנדרעיעוויטש איז געזעסען, ווי ניט איהם וואלט מען געמיינט, און גלייך פון אלע זייטען האט מען אויף איהם געווארפען פלינקע בליקען. בלויז קאטערינא אנדרעיעווגא האט זיך אין גרויס ענטריסטונג איינגעבויגען צו סעמיאן וואסילעוויטש׳ן און האט גע־שווינד און הייס איהם גענומען עפּעס דערצעהלען. סעמיאן וואסילע־וויטש האט מיט א קוים מערקבארען שפּאטיש בייזען שמייכעל געבי־סען א וואנץ און געקוקט זיך גלייך אונטער די פיס.

פּיאטאר האט אנגעקוואלען און אין דער הויך אויסגעצויגען — א, יא—א...

פלוצלינג איז צום טיש פון דעם פּארזיצענדען צוגעקומען סערגעי מיט עפּעס א בויגען פּאפּיר אין האנט. אויף זיינע שלייפען זענען ארויסגעטראטען רויטע פלעקען, זיין שטערען איז געווען באדעקט מיט א כוואליע קנייטשען און אויפגערעגט בייז האבען געפינקעלט זיינע אויגען.

— ענטשולדיגט! הער פּארזיצענדער! — האט ער אנגעהויבען הויך.

אלע זענען שטיל געבליבען און זיך אויסגעקערעוועט צו איהם.

— נעמענדיג אין אנבעטראכט, אז הער קופּטשענקא וויל ניט, מסתמה אויס גרויס באשיידענהייט, טיילען מיט אונז זיינע שאצ־בארע געדאנקען וועגען פּראסטיטוציע און וויל אפּקומען מיט... — סערגעי האט זיך ווי איינגעהאלטען, — גראבע ווערטלאך, וועלכע זענען ניט אם פּלאץ, טא ערלויבט מיר איבערלייענען בעפאר דער פּארזאמלונג אט דעם דאקומענט. איך האב איהם נאך ניט געלעזען. מען האט איהם מיר נאר וואס געגעבען, אבער אורטיילענדיג פון קעפּעל און פון איניגע פּלעצער, וואס כ׳האב דורכגעקוקט מוז דאס זיין א מין עשרת הדברות פון די אנהייגגער פון פּראסטיטוציע. עטוואס וואס דערמאנט אין אן אגיטאטארסקע פּראגראמקע. אויב די פּארזאמלונג האט גארניט דאגעגען...

— לייענט, לייענט! — האבען זיך דערהערט שטימען.

— הער קופּטשענקע, איז אייך באַקאַנט אַט דער פּאַפּיר? —
האָט סערגעי אויפגעהויבען דעם פּאַפּיר אביסעל אין דער הויך.

מיראָן האָט א שמייכעל געטאָן.

— יאָ, באַקאַנט.

— מעגליך אז איהר זענט איינשטימיג מיט איהם.

— פאַלשטענדיג...

— אויסגעצייכענט. איך בעט אויפמערקזאַמקייט.

סערגעי האָט פאַריכט די פּענסנע און האָט גענומען לעזען אויפ'ן קול, מיט גרויס אנשטרענגונג זיך פאַרנאַנדערקלייבענדיג אין די אומ־קלאָר עקטאָגראַפירטע בוכשטאַבען.

„באַציהונג צו פּראָסטיטוציע."

„אויב דו געהסט צו א פּראָסטיטוטקע עהרליך, ניט געביטערעוועט מיט זיך אליין, גיב זיך אָפּ חשבון ווארום דו געהסט צו איהר."

— געוויס, — האָט יאַנאַ איבערגעריסען.

„מיט דער ערפאַרונג פון דיין לעבען און מיט'ן שכל אונטערזוך דיין פאַרלאַנג. און אויב דיין לעבענס ערפאַרונג צוזאַמען מיט'ן שכל, שטימען מיט דיין פאַרלאַנג, — דאַן ביזטו גערעכט. געה און טו וואָס דו ווילסט."

— אַהאַ — האָט יאַנאַ ווידער אַרויסגעשריען. מען האָט אויף איהם גענומען ברומען.

„אויב אָבער די לעבענס־ערפאַרונג צוזאַמען מיט'ן געדאַנק רע־וואָלטירען, טאָ מאַך זיי אַזוי קלאָר פאַר זיך אליין, אז עס זאָל געבוירען ווערען פון זיי אן עקעל צו דיין פאַרלאַנג. און דער פאַרלאַנג וועט פאַרשווינדען; דו וועסט ווידער זיין גערעכט.

„אָבער טו ניט דאָס וואָס דיין געפיהל אָדער געדאַנק אנערקענען פאַר מיאוס. ווען מען לייגט צו א צווייטען קען מען נאָך דערפאַר געפינען א באַרעכטיגונג; מען קען אָבער קיינמאָל ניט געפינען קיין שום באַרעכטיגונג פאַר לייגען צו זיך אליין.

„דערפאַר גנב'נען זיך די יעניגע, וואָס לייגען זיך אליין, ווי גנבים צו א פּראָסטיטוטקע מיט'ן באַוואוסטזיין, אז זיי האַנדלען מיאוס. א מאַן, וואָס האָט אַהן ליעבע געקויפט זיין פרוי, ווערט ניט רויט, ווען ער געהט צו איהר. ווייל ער דענקט, אז קויפען א פרוי מיט דער

ברכה פון דער גנזועלשאפט — איז ניט קיין עולה."

— א סטיל פון א הייליגער שריפט! — האט ווידער באמערקט יאנא.

אלע האבען זיך זעהר אויפמערקזאם איינגעהערט; דארא האט זיך איינגאנצען איינגעגעסען מיט די אויגען אין סערגעיען, זי האט זיך אפילו עטוואס אויסגעבויגען פאראויס.

„נאר, אויף וואס פאר אן אופן דו זאלסט ניט געהן, געדענק, אז דו געהסט צו א מענשען פון וועמען דו ערווארטעסט באפרידיגונג פון דיין פארלאנג.

„אויב דו ביזט א פארזעהעניש, אויב דו ביזט איינזאם, אויב דו ביזט פון לעבען באליידיגט, אין פאמיליען לעבען אומגליקליך און דו קענסט אנדערש ניט באפרידיגען דיין קערפערליכען פארלאנג, טא געדענק, געהענדיג צו א פראסטיטוטקע, אז זי טוט דיר א געפעליג־קייט, לויט איהרע כוחות."

„אויב אין דיינע אדערען פליסט הייסע בלוט, און דאס בלוט גיט דיר קיין רוה ניט, און דו געהסט צו א פראסטיטוטקע אום זיך בארוהיגען, געדענק, אז דו געהסט צו א מענשען, אין וועלכען דו פיהלסט א באדערפעניש."

„אויב דו האסט מיט א צולאזענעם לעבען זיך צוגעוואוינט צו תאוה, ווי א שיכור צו בראנפען, געהענדיג צו א פראסטיטוטקע געדענק, אז דו זוכסט אין איהר באפרידיגונג פאר שיכרות."

„אבער ווי דו זאלסט ניט געהן, — צי ווי צו א דאקטאר נאך בארוהיגונג, צי ווי אין א שענק נאך אויפרעגונג, צו ווי אויפ'ן מארק נאך א שטיקעל ברויט, געדענק אז דו געהסט נאך א טובה."

„דערפאר, אויב דו געהסט, געה ניט ווי קיין גנב, ניט ווי איינער וואס פיהלט זיך אלס פארברעכער, נאר ווי א נויטבאדערפטיגער."

„און אוועקגעהענדיג פארדאם ניט די פראסטיטוטקע דערפאר, וואס זי האט דיר ניט געגעבען דאס, וואס זי קען דיר ניט געבען."

„אויב דו וועסט דאס געדענקען וועסט דו ניט פלאגען ניט זיך און ניט די פראסטיטוטקע מיט פאראכטונג צו איהר. דו וועסט פאר־שטעהן, אז איהר זענט ביידע ניט שולדיג אין דעם, וואס דאס לע־בען האט אין משך פון אומענדליכע יאהר־הונדערטע געשאפען."

„דערפאר וועסטו אבער אפשאפען א סך איבעריגע צרות."

„אויפהויבענדיג זי אין איהרע אייגענע אויגען וועסטו פארלייכ־טערען איהר שווערע ארבייט. וועסט איהר געבען א מעגליכקייט צו קעמפפען פאר זיך מיט אלע מעגליכע מיטלען. וועסט איהר אומקערען דאס גרויסע גליק, צו זיין א מוטער, צו זיין א בירגער און צו זיין א מיטגליד פון דער געזעלשאפט."

„געדענק דאס, ווען דו געהסט צו א פראסטיטוטקע. אבער מעהר פאר אלעמען דארפען דאס איהרע נאהענטע געדענקען, און טאקע די פראסטיטוטקע אליין: ניט די וואס פאראכטען, ניט די וואס באדויערען, און ניט די, וואס לייגען זיך אליין שאפען אפ דעם בייז; מיט פאראכטונג, באדויערונג און ליגען פארגרעסערען זיי עס בלויז. אפ־שאפען אט דאס בייז וועלען אויך ניט די זאטע און די צופרידענע, בלויז די נויט באדערפטיגטע, די אומצופרידענע, און די וואס ליידען פון אט דעם איבעל וועלען זיין אימשטאנד דאס צו טאן."

„מעהר פאר אלעמען זאלען די ארבייטער זיך פארטראכטען אי־בער דער פראגע, ווייל זייערע טעכטער און שוועסטער מאכען אויס די גרעסטע צאהל איינוואוינערם פון די עפענטליכע הייזער. זאלען זיי געדענקען, אז זיי פארקויפען זיך פונקט ווי די פראסטיטוטקעס; דער־מיט וואס זיי פארקויפען זייער ארבייט, נעהמען די ארבייטער ביי זיך אוועק די מעגליכקייט צו שאפען, פונקט ווי זייערע שוועסטער פאר־לירען די מעגליכקייט צו געבוירען. ניט מיט דער מאראל דארף מען זיך רעכענען, נאר מיט זיך און מיט דער אייגענער ערפארונג. יעדע מאראל ווערט באשאפען פון די הערשענדע; די ארבייטער זענען אין דער הערשאפט גאר ניט שולדיג, און דערפאר איז די געגענווארטיגע מאראל ניט זייער מאראל. זיי מוזען אבער זיין ערליך מיט זיך אליין."

„אלזא, געדענקט דאס אלעס, און זאל יעדע האנדלונג דיינע זיין א פראדוקט פון פאלשטענדיגער אייניגקייט פון דיין געפיהל און שכל. אבער בלויז פון דיינע אייגענע, אבער ניט פון יענע, וואס לעבען, דענ־קען און פיהלען אנדערש ווי דו. אבער ניט זיך אליין מוזט דו עהרליך זיין!"

סערגעי האט געענדיגט און מיט אן איראנישען שמייכעל צו־זאמענגעלייגט דאס פאפיר.

די פארזאמלונג, זעהט אויס, האט ניט דאס ערוואַרטעט. די אנ־דערע וועזענדע האבען זיך אנגעהויבען שטיל איבער רעדען צווישען זיך. די מערהייט אורטיילענדיג, פון דעם אומענטשלאסענעם אויסדרוק פון די פנים'ער, האט ניט געוואוסט ווי צו רעאגירען. קאליא האט זיך גע־היצט און מיט פלאמענדיגע באקען עפּעס דערוויזען זשעני'ן. פיעלע האבען געוואַרפען בליקען אויף מיראַנען. ער האט מיט א מערקבארען אינטערעס און שפּאַטישען שמייכעל זיך צוגעקוקט צו די פנים'ער.

דאַרא האט ניט אויפגעהויבען די אויגען און האט זיך געשפּילט מיט די פראַנזען פון טישטוך. מען האט בלויז געזעהן דעם הינטער־טען טייל פון איהר באַק, וואס איז געווען פארויטעלט.

דאס שטילע איבעררעדען זיך האט אנגעהויבען ווערען אביסעל מעהר טומעלדיג; אם ענדע האבען זיך גענומען הערען איינצעלנע אויסגעשרייען.

— אבסאַליוט זעהר נאַיוו!... אן אוטאָפּיע!

— דעבאַטען! דעבאַטען!

— פאַרזיצענדער! צו אָרדנונג!

— דערפון — איז בלויז א צוויי שפּאן צום אנאַרכיזם... ביר־גערליכער אינדיווידואליזם.

— פאלשמענדיגע אפּליקענונג!...

— פאַרזיצענדער!

דער געשריי האט זיך פארגרעסערט. מיראַנען האט מען ניט געטשעפּעט, ווי מען וואלט נעוואַרט אויף עפּעס.

אליא האט פון איהם קיין אויג ניט אראפּגענומען, ווי זי וואלט געוואלט כאַפּען זיינעם א בליק, אום איהם עפּעס זאגען, נאר ער האט ניט געקוקט אין איהר זייט.

דער פאַרזיצענדער האט זיך וועגען עפּעס גע'עצה'ט מיט סער־געיען און יאַנא'ן. דער געשריי און די אומאָרדנונג האבען זיך פאר־גרעסערט.

— פאַרזיצענדער! צו אָרדנונג! פאַרזיצענדער!

— מיינע הערען! — האט דער פאַרזיצענדער, פאַרנעמענדיג זיין פּלאַץ געזאגט. — אין אנבאַטראַכט, אז מיר האבען זעהר ווייניג צייט, און די פראַגע ווערט געשטעלט זעהר ערענסט, איז אריינגעקומען

א פארשלאג פון חבר סערגעי אפצולייגען די דעבאטען ביז דער פאל־גענדער זיצונג, וואס ווען צוזאמענגערופען ווערען אזוי שנעל ווי מעג־ליך. די איבעריגע צייט פון דיזער פארזאמלונג זאל אויסגענוצט ווע־רען אום אויסצוהערען די וויטערע ערקלערונגען פון חבר מיראן. אויב ער וויל דאס.

— ניין, ניין! גלייך צו די דעבאטען!.. גלייך! מיר ווילען ניט. איהר האט זיך דערשראקען!...

— אפלייגען! אפלייגען!... עס איז שפעט...

די געשרייען האבען זיך אויסגעמישט. מען האט שוין ניט גע־קענט פארשטעהן. פלוצלינג האט מיראן אויפגעהויבען די האנט און האט געזאגט שארף און מיט שטארקייט:

— מיינע העררן! איין מינוט אויפמערקזאמקייט.

אלע האבען זיך אויסגעקערעוועט צו איהם און עס איז שטיל געווארען.

— מיינע העררן! צו עס ווערען זיין דעבאטען גלייך איצט, אדער שפעטער, איין זאך איז קלאר, אז פאר דיזער פארזאמלונג. טויג ניט אט די „פראגראמקא", ווי אימיצער האט זיך דא אויסגע־דריקט. איהר פלאץ איז ניט דא. מעהר קיין ערקלעהרונג וויל איך ניט געבען. עס איז לאנגווייליג און נוצלאז. באטראכט די „פראג־ראמקע" אהן מיר. וואס אנבאלאנגט די אנדערע פראגען, וואס חבר יאנא האט באריהרט, אויב עס איז ווינשענסווערט קען איך אייך גלייך געבען מיין ערקלערונגען, נאר אזוי ווי צייט האב איך זעהר ווייניג, בעט איך מיך ניט אונטערברעכען.

וויל די פארזאמלונג מיך הערען?

די פנים'ער האבען אויסגעדריקט ענטוישונג, אומצופרידענהייט, און אומענשלאסענהייט.

— ערלויבט מיר אייך שטעלען אייניגע פראגען, האט פלוצלינג שטיל און רוהיג אויסגערעדט איוואן אנדרעיעוויטש.

— וועגען פראסטיטוציע?

— ווי... ווי... באציהט איהר זיך...

— וועגען פראסטיטוציע וויל איך מעהר קיין ערקלערונגען ניט געבען!

— ערלויבט מיר! — האט בייז און שארף א געשריי געטאן ווערא — און ווי ווערט איהר ערקלערען דאס, וואס ניט קוקענדיג אויף דער נוצליכער און עהרענהאפטער מלאכה פון די פראסטיטוטקעס, האט איהר פונדעסטוועגען אייער שוועסטער ארויסגענומען פון אן עפענטליך הויז? הייסט דאס זיין עהרליך צו זיך אליין?

מיראן האט דורכדרינגענד א קוק געטאן אויף ווערא'ן. אויף איהר פנים האבען געשווינד, ווי טראפענס רעגען איבער גלאז, זיך גע־קייקעלט טראפענס שוויים.

עס איז געווארען שטיל.

דארא, וועלכע האט פלינק אויפגעהויבען דעם קאפ ביי דער פראגע, האט ווי פארהאלטען דעם אטעם ערווארטענדיג אן ענטפער.

מיראן האט א לאך געטאן.

— אט מאקע דערפאר, וואס איך בין עהרליך בלויז צו זיך אליין, וויל איך קיינעם ניט אפגעבען קיין חשבון. און איבערהויפט אייך, ווערא סעמיאנאוונא.

— הא — הא! „דין וחשבון"?! צו פרעדיגען פאר אנדערע איז לייכט, אבער אליין לייגט איהר. א ליגען איז אייער גאנצע פראק־לאמאציע. א ליגען! איהר ווילט בלויז אייער אייגענע פארדאר־בענקייט ארומשטעלען מיט טעאריעס... דאס איז מיאוס! איך האב היינט געזעהן אייער שוועסטער און זי האט מיר אליין געזאגט, אז עס איז איהר בלויז איצט גוט ווען זי לעבט צווישען ארענטליכע מענ־שען. אייער שוועסטער אליין! טא וואס־זשע לייגט איהר דא מיט אייער פרעדיגען?! אייער ערליכקייט צו אנדערע איז ניט ערליך! איהר הערט!

— איך האב קיינמאל ניט „געפרעדיגט" צו זיין אמת און ערליך צו אנדערע, ווערא סעמיאנאוונא. אומזיסט ערגערט איהר זיך אזוי, און קריכט אריין אין א פרעמדענס לעבען. צי איך בין ערליך צו ניט צו זיך אליין — דאס איז אלענפאלס עטוואס, וואס ניט איהר קענט וויסען.

אלזא, — האט ער זיך שארף געווענדעט צו דער פארזאמלונג, — ווילט איהר אויסהערען מיינע וויטערדיגע ערקלערונגען? עס איז שוין צייט צו פארענדיגען אט די קאמעדיע!

— אויב זיי וועלען זיין אזוי ווי די... — האט ווידער געהאט אנגעהויבען ווערא. נאר מען האט איהר ניט געגעבען די געלעגענהייט צו ענדיגען.

— מיר הערען!... מיר הערען... זעצט פאר.

מיראן׳ס פנים איז געווען אנגעכמורעט. זיינע ליפען זענען גע־ווארען דין און די שטימע זיינע האט געקלונגען שארף און ענטשלאָ־סען.

— מיינע ערקלערונגען וועלען זיין אין דעם זעלבען גייסט. איך בינד קיינעם ניט אן מיינע בליקען ניט אויף ליעבע, ניט אויף דער אינטעליגענץ, ניט אויף הייראט. אויב איך האב גערעדט מיט די ארבייטער וועגען אינטעליגענטען, האב איך זיי דערמאָנט אלס אילוס־טראציע פון אומגאנצקייט, צוקראכענקייט און ניט ערליכקייט צו זיך. כ׳האב ניט געראטען די ארבייטער זיי נאכצוטאן, איך האב זיי ניט געראטען זיך רעכענען מיט זייער מיינונג. דער אינטעליגענט לעבט מיט די געוואוינהייטען און מיט דער מאראל וועלכע ער האט גע׳יר׳שענט פון זיינע זיידעס אונטערדריקער. בלויז דער אינטולעקט פאסט זיך צו צו די אונטערדריקטע. דערפון קומט ארויס צוריסענ־קייט און ליגנערישקייט מיט זיך. למשל, יעדער אינטעליגענט אנער־קענט מיט׳ן געדאנק דעם פאלשטענדיג אינטימען כאראקטער און די נויטווענדיגקייט פון פולער פרייהייט אין ליעבע. ליעבע איז א פריי־וואט זאך פון יערען איינעם און קיינער קען זיך אין דעם ניט אריינ־מישען. און ניט קוקענדיג דערויף געהט מען נאך חופה קדישה פונקט, ווי די יעניגע, וואס דענקען און גלויבען, אז דער קאנטראל פון קלויסטער אין דער אנגעלעגענהייט פון ליעבע איז א נויטווענדיגקייט. דאס מיינט, אז דער געדאנק און דער געפיהל זענען פאלשטענדיג פרעמד און באאיינפלוסען ניט איינער דעם צווייטען. צום ביישפיל, אפילו די סאמע אויפריכטיגסטע אויף דער פארזאמלונג, וועלכע זענען אויפ־ריכטיג איבערצייגט, אז די סאנקציע פון קלויסטער איז ניט נויטיג, אפילו זיין אליין זענען דאך אויך אלע געגאנגען צו דער חופה. וואס איז דאס? דער געדאנק איז זיך איין זאך, און דאס לעבען ווידער איז זיך א גאנץ אנדער זאך. דאס מיינט זיין פאלש צו זיך אליין, דאס איז צוויי־פנים׳דיגקייט; דאס מיינט אז די סאמע ווארצלען פון די געדאנקען און

פון די געפיהלען זיינען לחלוטין פארשידען. און ווירקליך, איך האב ניט געראטען די ארבייטער נאכטאן, צום ביישפיל, די חברים: סערגעי, דארא, מיכאיל און אנדערע. זאלען זיי זיך רעכענען מיט זייער אייגענער ערפארונג. אויב עמיצער נויטיגט זיך אין דער סאנקציע פון קלויסטער, זאל ער געהן און שטעלען א חופה; נויטיגט ער זיך ווידער ניט, זאל ער ניט זיין פאלש צו זיך אליין.

— ערלויבט מיר! — האט איהם פלוצלינג אונטערבראכען סעמיאן וואסילעוויטש. — די קינדער אייערע וועט איהר ברייננגען אין קלויסטער אום זיי צו טויפען?

מיראן האט זיך אפגעשטעלט. די פראגע איז געקומען אומערווארטעט. שמייכלען האבען זיך גענומען ווייזען אויף די פינמ'ער.

— יא, איך וועל זיי טויפען! — האט ער ענשירען געזאגט.

די שמייכלען האבען זיך צושאטען אין א שיטערן געלעכטער.

— ווי אזוי קומט עס? שוין־זשע אנערקענט איהר די סאנקציע פון קלויסטער?

— ניין, נאר דערפאר וואס אהן מעטריקעס קריגט מען ניט קיין פאספארט, און אהן א פאספארט, איז ווי איהר ווייסט, ערגער ווי אהן א נשמה. מיינע קינדער וועלען ניט קענען לעבען אויף דער וועלט, קיינער וועט זיי קיין ארבייט ניט געבען. קיין ארבייט, פארשטעהט איהר? פון צוויי צרות קלייבט מען אויס די קלענערע.

— אט ווענען דעם האנדעלט זיך עס טאקע! — האט צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ סעמיאן וואסילעוויטש. — דיזעלבע זאך איז מיט חופה — פון צוויי צרות קלייבט מען אויס די קלענערע.

— ניט ריכטיג. אהן א חופה, קענט איהר לעבען און ארבייטען. דאס איז דאס וויכטיגסטע. אהן א פאספארט קענט איהר ניט ארבייטען. דאס מוזט איהר צוגעבען, און אויב אזוי איז אייער באוויין ניט מעהר ווי נארעריי און ניט ערליכקייט צו זיך אליין.

— איהר פארגעסט אן אנדער זאך. — האט פלוצלינג ניט אויסגעהאלטען קאטערינא אנדרעיעוונא.

— וואס, אייגענטליך?

— און דאס צו וואס איהר אונטערווארפט די פרוי מיט אייער

פרייער ליעבע? אייער טעאָריע איז זעהר באקוועם... נאָר ניט פאר פרויען! המ!

— איך פארשטעה ניט צו וואס־זשע אונטערזוכט איך די פרוי?

— איהר פארשטעהט ניט? און די באליידיגונגען, און דער שוש־קען זיך פון אלערליי קרעמער און הויף־משרתים, און די שמוציגע אנ־צוהערעענישען? געוויס, אייך שטערן ניט אזוינע זאכען! המ! אויב אפילו די פרוי איז איינשטימיג דערמיט, וועט יעדער אנשטענדיגער מאן פיהלען, אויב ער האט זי ליעב און וויל זיך ניט באנוצען מיט איהר צוטרויען, אז עס איז זיין פליכט זי צו באשיצען פון שמוץ! ער דארף דאס אליין טאָן!

— זאגט מיר, איך בעט אייך — האט זי אונטערבראכען מיראָן — ווען איהר וואלט אריינגעפאלען צווישען נעגערס, און זיי וואלטען גענומען טייטען אויף אייך מיט די פינגער און אפלאכען פון אייך, ווייל איהר זענט א ווייסע, וואלט דאס אייך באליידיגט, אדער איהר וואלט דאס באטראכט אלס בלויז לעבערליך?

— ענטשולדיגט, גנעדיגער הער, אייער פארגלייך איז זעהר ניט קיין געלונגענער.

— ווי איהר ווילט. נאר מיר דוכט זיך, אז פאר א מענשען, וואס איז אינגאנצען דורכגעדרונגען מיט א וועלכער ניט איז איבער־צייגונג, פאר אזא מענשען איז דאס אפלאכען פון אנדערע פשוט לע־בערליך. דער פשוט'ער אמת איז, אז אט דער מאן און אט די פרוי, וואס באטראכטען דאס שעפטשען זיך פון די הויף משורתים אלס א בא־ליידיגונג, איז ווייל זיי איז טייער די מיינונג פון די הויף־משרתים, ווייל זיי דענקען אליין אויך ווי די הויף־משורתים. דאן צו וואס זיך פאר־גוואלטעווען? זיכער דארפען זיי אהן שום טענות שטעלען א חופה. אבער דער יעניגער, וועלכער עס האט זיך אינגאנצען דורכגעדרונגען מיט אט דער איבערצייגונג, ווער עס איז עהרליך נאר מיט זיך, פאר איהם איז דאס שעפטשען זיך פון די הויף משורתים בלויז לעבערליך. און זיין פרוי האט ער ניט פון וואס אויסצוהיטען, ווייל פאר איהר איז דאס שעפטשען אויך בלויז לעבערליך. אויב עס איז פאר איהר ניט לעבערליך, דאן אויף וואס זשע איז געבויט זייער בונד פון ליעבע? פארשידענע מענשען דארפען זיך שיידען און שוין.

— ווי פשוט און גרינג! און די קינדער? וואו איז די גאראנטיע?

— נו, ווייסט איהר, — האט זיך מיראן פארקרימט, — אויב איהר קלייבט זיך געבוירען קינדער מיט א מענשען, וואס איהר גלויבט ניט איינע די אנדערע פון סאמע אנפאנג אן און שרייבט קאנטראקטען אויף יעדען פאל, בלייבט ווירקליך איבער אייך צו געבען דאס בוך אין האנט. אזא הייראט וועל איך אלענפאלס ניט רעקאמענדירען די ארביימער. יא! און מיט אייער מיינונג וועל איך זיי ווירקליך ניט ראטען זיך צו רעכענען, ווי מיט דער מיינונג פון די הויף משורתים און קרעמער!

— מיט זיך בלויז? — **האט סעמיאן וואסילעוויטש א לאך גע־טאן.**

— **יא! דאס וועט זיך איהם בעסער לוינען, ווי זיך צו רעכענען מיט אייך.**

— און אויב איהם וועט זיך בעסער לוינען צו גנב׳ענען, וועט איהר אויך דאן איהם ראטען זיך צו רעכענען בלויז מיט זיך?

— זיכער.

— ניט אומזיסט האט ער אזוי פיעל גוטע ברידער צווישען די גנבים! — האט אויסגעשריען ווערא.

— א, יא! — האט בייז אונטערגעכאפט מיראן. — מען דארף ניט ווייט זוכען: די ערשטע זענט איהר, דארא, סערגעי, אייערע ווערטע עלטערען... העה...

נאר עס האט זיך איהם ניט איינגעגעבען צו ענדיגען. אזוי ווי א שטורם וואלט זיך אריינגעריסען פון ערגעץ וואו אין צימער אריין.

— נידערטרעכטיגער! — האט אויסגעשריען אינגאנצען אונ־טערשפרינגענדיג קאטערינא אנדרעיעווגא — ארויס פון דאנען! ארויס! ארויס פון מיין שטוב! וואס איז דאס אזוינס?

— דאס איז ווירקליך... — האט זיך אין ענטריסטונג אויפגע־הויבען דער רעדאקטאר, זיך אומקוקענדיג, ווערענד ער האט אויפ־געשפילעט דעם ראק.

— ארויס, נידערטרעכטיגער! פארדארבענער! ארויס!

— מאמא, מאמא! — האט אינגאנצען א בלאסער סערגעי אפ־געצויגען אויף צוריק קאטערינא אנדרעיעווגא, וועלכע האט זיך אין

ווילדער אויפרעגונג, מיט צוזאמענגעדריקטע פויסטען געלאזען צו מי־ראנ׳ען. ביי ווערא׳ן האט זיך אנגעהויבען א היסטעריקא. זי האט ווילד געלאכט. אלע האבען זיך געטומעלט, געשריען, אייניגע האבען זיך געאיילט אין פארצימער און האבען אין איילעניש זיך גענומען אנטאן. אפילו פיאטר איז געווען בלאס און האט עפעס מיט אומ־צופרידענהייט גערעדט צו נאטאליאן, וועלכע איז געווען זעהר אויפ־גערעגט.

אליא האט דערשראקען געצויגען טאראסען, וועלכער האט געריי־בען מיט׳ן האנט דעם שטערען און האט מאדנע געלאכט. אליא האט כמעט געוויינט.

דארא איז אויך אויפגעשטאנען און שווער אטעמענדיג זיך אנ־געשפארט אין וואנט. זי האט גאר ניט גערעדט. איהרע ליפען זיי־נען געווען פעסט געשלאסען, ווי זי וואלט האלטען אין זיי א פאדעם. איהרע אויגען האבען ארומגעשוועבט איבער דער פארזאמלונג, נאר ווי עס שיינט, האבען זיי גאר ניט געזעהן און ניט באמערקט.

יאנא, ריסעצקי און אנדערע, האבען ארומגערינגעלט מיראנען, האבען געשריען, געדראהט און אפילו געזידעלט.

מיראן, איגנאנצען א טונקעל־גרויער, האט מיט א מאדנעם אינ־טערעס, שווייגענדיג און בייז, זיך איינגעקוקט אין די פנימער. עס האט זיך געדוכט, אז ניט צו איהם זיינען געווענדט די געשרייען, נאר צו אימיצען אנדערש.

דער גאסטגעבער האט אנגעהויבען ווערען לעדיג. קאטערינא אנדרעיעוונא מיט ווערא׳ן האט מען ארויסגעפיהרט. די געסט זיינען זיך צוביסלאך צוגאנגען. קיט האט אפגעשטעלט די פארטיי חברים, דערמאנענדיג זיי אן סטרייק. מען איז פארבליבען.

— נו, מיינע הערען, צום ווידערזעהן — האט זיך פלוצלונג מי־ראן געלאזען צום טיר. — מאכט א געריכט, אורטיילט מיך, טוט וואס איהר ווילט, איך בין אויף אלץ איינשטימיג.

מען האט איהם באגלייט מיט א געשריי. אימיצער האט אפילו א פייף געטאן.

— צום ווידערזעהן, אליא! — האט געזאגט מיראן, אנשטוי־סענדיג זיך אויף איהר ביי דער טיר.

אליא האט דערשראקען אויפגעהויבען צו איהם די אויגען און האט שטיל געענטפערט:

— צום ווידערזעהן. קום, טאריק, גיכער.

מיראן האט א לאך געטאן.

— און איהר, טאראס, אויב איהר ווילט דעם אנארכיסט, קומט צוגעהן צו מיר מארגען פינף אזייגער.

טאראס האט איהם פלוצלינג מאדנע באטראכט, האט זיך איינגעקוקט אין זיין פנים און געענטפערט:

— גוט, כ'וועל קומען.

מיראן האט זיך אנגעטאן און איז ארויסגעגאנגען. אין גאס האט ער דעריאגט נאטאליאן און האט געוואלט פארביינעהן, נאר זי האט איהם אפגעשטעלט.

— ווארט. קומט צוזאמען. מיר געהען אין דער זעלבער ריכטונג.

— אויב איהר האט קיין מורא ניט פאר מיר, — קומט.

— איך האב ניט וואס מורא צו האבען.

נאר זיי האבען כמעט דעם גאנצען וועג געשוויגען. מיראן האט פארטראכט אונטערגעפייפט, און נאטאליא האט זיך אלץ געהילט אין די קליידער. עס האט געבלאזען א קאלטער ווינט, אזא שניידענדער און בייזער.

— ניין, מיראן, איהר האט געהאנדעלט זעהר גראב, — האט פלוצלינג ארויסגערעדט נאטאליא — זעהר גראב!

מיראן האט שווייגענדיג א קוק געטאן אויף איהר.

— איהר זענט געווען בייז, נאר דאס איז נאך ניט קיין בארעכטיגונג פאר אזא מין באליידיגונג...

מיראן האט פארטראכט א שמייכעל געטאן.

— און דאס וויכטיגסטע דערביי איז, וואס אייניגע האבען זיך אויפריכטיג באליידיגט, — האט ער שטיל ארויסגערעדט — אט דאס איז אינטערעסאנט... זיי צווייפלען אפילו קיין האר ניט... און טעארעטיש זיינען זיי איינשטימיג, אז עקספלואטאציע — איז גנבה. אלע זיינען פארהייראט, און ליעבע דארף זיין פריי... אט דער סערגעי למשל, ער איז גרייט פון גרוים מיטלייד ארייננעמען אין דער פארטיי דעם פארבאנד פון די פראסטיטוטקעס... דאך טעארעטיש איז

פראסטיטוציע דאס גרעסטע בייז. און זיי מערקען אפילו ניט אט די אפגעריסענקייט זייערע... אט דאס איז אינטערעסאנט. זיי האבען אפילו קיין פארלאנג פאר גאנצקייט... מען בייסט זיך נאך פאר דער אייגענער צוקראכענקייט... „טשעפע ניט!" אנערקענסטו, אז פראס־טיטוציע איז אן אומגליק, טא אנערקען דאס אזוי, אז קיין שום מיט־לייד אדער באדויערונג זאל דערביי קיין פלאץ ניט האבען אין דיין נשמה... אניט קומט אויס אויס מיטלייד צו שטיצען אן איבעל... מען האט זיך פארזאמעלט מיך צו משפט'ען, פון א סאציאליסטישען שטאנדפונקט... זענען זיי באקאנט מיט דער סאציאליסטישער מאַ־ראל? וואו איז זי? ביי די קיסעלסקים? וואו האבען די סאציאליס־טען ארויסגעזאגט אפילו איין און איינציגווארט וועגען פראסטיטור־ציע? וועגען אט דעם ווירקליך ערנידעריגטען קלאס? איינצעלנע מיט־גלידער פון סאציאליסטישע פארטייען חזר'ען זיך איין דאס, וואס פארשידענע מאראליסטען טראכטען צו. אבער די פארטייען שוויי־גען... נו, די סאציאליסטען זענען א ריין צניעות'דיג פאלק, מיט קיין פארנאגראפיע פארנעהמען זיי זיך ניט. נאר מען באנוצט זיך שטי־לינקערהייט מיט די געפעליגקייטען פון פראסטיטוציע, און אט די טובה וויל מען ניט אנערקענען... און מען באליידיגט זיך נאך! און אייניגע זעהר א ו י פ ר י כ ט י ג. אט דאס איז אינטערעסאנט! און דאס איז דאך די גרעסטע פאלשקייט צו זיך, די גרעסטע אפגע־ריסענקייט צווישען געדאנק און געפיהל.

— נו, און איהר זענט דאס זעהר אמת'דיג און עהרליך צו זיך?

— האט פלוצלינג בייז געפרעגט נאטאליא.

— איך וויל זיין אזוינער. דאס איז זעהר שווער, נאר...

— יא? אט האט איהר מיך אייערנעכטען אנגערופען... ליגנער. איהר האט מיר געזאגט, אז איך בין ניט ערליך צו זיך, דערפאר. וואס איך ציה זיך כלומרשט צו אייך מיט'ן גאנצען קערפער, און באַ־האלט זיך דערביי הינטער דער נשמה. ווייל די קערפערליכע ליעבע איז א נ ג ע נ ו מ ע ן צו פארדאמען...

גוט, איהר זאגט מיר נאר...

— אבער, נאטאליא, איז דאס דען ניט ריכטיג?

— זיכער, ניט! אויב איהר ווילט, מעגליך אז די נשמה שפּילט טאַקע די הויפּט ראָלע אין אַט דער סימפּאטיע, נאָר איך ווער אייך...

— אין דער סימפּאטיע צו מיר? — האָט זיך מיראָן צולאכט — אייער סימפּאטיע, אייער סימפּאטיע צו מיר? כאַ־כאַ־כאַ! אויב אזוי, טאַ וואָס אזוינס איז טאַקע די נשמה? דאָס איז אינטערעסאנט. מיר שטימען ניט אין איין און איינציגען גערדאַנק, אונזערע שטרע־בונגען און צוועקען זענען אבסאָלוט פארשידענע. גייסטיג בין איך פאר אייך און איהר פאר מיר מענשען פון פארשידענע פּלאַנעטען. און פּלוצלינג קומט איהר מיט די „נשמות". אך, נאטאליא, דאָס הייסט, באמת נאַרען זיך אליין! די זאך איז גאָר פּשוט: איהר האָט שוין לאַנג אייער מאַן ניט געזעהן, און איך בין אייך אלס א מאַן ניט דער־ווידער. אפשר איז ווירקליך דאָ עפּעס אזוינס, וואָס פארוואַנדעט אונזערע קערפּערס. דאָס אלעס... נו, צו וואָס־זשע דאַרף מען נאָך דאָ נשמות, צו וואָס דער ליגען? ליעבע פון קערפּער? גוט. זי פאַר־שאַפט פריידן? קיין שלעכטס וואָלט זי ניט געטאָן ניט אייך, ניט מיר? וואָס־זשע דאַרפט איהר נאָך? איהר זוכט פּ אַ ל ש ט ע נ־ד י ג ע פאַרייניגונג? זוכט. גייסטיגע און פיזישע ליעבע איז זיכער בעסער ווי בלויז פיזישע? אויסגעצייכענט, נאָר אויב איך גע־פין, אז א פערשקע איז געשמאַקער פון א ווייַנשעל, דאַרף איך זיך דערפאַר אָפּזאָגען פון ווייַנשעל? גראַד פאַרקערט, וואָס מעהר ווייַנ־שעל איך וועל האָבען, אַלץ מיט א גרעסערער ביינקשאַפט וועל איך פאַרלאַנגען די פערשקע. אלס האָט א ווערט: סיי א טרוים, סיי א שור, סיי דער קערפּער, סיי די נשמה. וואָס מעהר אַצרות א מענש זעהט אין דער וועלט, אלץ שאַצבאַרער איז ער אליין... און איהר שרעקט זיך אָפּ פאר פּיעלעס ווייל די אלטע ביבלישע מאָראַל פאַר־דאַמט עס. דער קערפּער איז שוין פון לאַנג געמאַכט געוואָרען צו שאַנד ביי די מאָראַליסטען... און איהר אנערקענט בלומרשט ניט אַט די מאָראַל, נאָר צו דער זעלבער צייט, לעבט איהר פונדעסטוועגען לויט איהרע געבאָטען. ווייל אַט די מאָראַל איז אין אייער בלוט. אַט דאָס באַצייכען איך מיט'ן נאָמען ליגען און אומערליכקייט צו זיך. דערפאַר זאָג איך אייך: אדער ברייננט אייער טונקעלען פאַרלאַנג ביז'ן גערדאַנק און אנערקענט פאַלשטענדיג די קערפּערליכע ליעבע, דאַן

גיט זיך איהר אַפּ אַהן מורא, שעהן און פּשוט, אָדער פאַרקערט ברענגט אייער געדאַנק וועגען דער אוממעגליכקייט פון ריין קערפּער־ליכע ליעבע ביז צום געפיהל, און דער׳הרג׳עט אַט דעם טונקעלען פאַר־לאַנג. אונטערדריקט זיך ניט, נאָר מאַכט די זאַך אַזוי, אַז עס זאָל ווערען פאַר אייך אַ זאַך פון דער אוממעגליכקייט, פּשוט אוממעג־ליכקייט. אַזוי ווי עס איז אוממעגליך פאַר אייך די ליעבע צו אַ זשאַנדאַרם. אַט דאָס וועט זיין שטאַרק און ערליך. אָדער אַזוי, דעם אמת זאָגענדיג, האָט מיר דערעסען די גאַנצע צודרעהטקייט איי־ערע. און אַמאָל אין אַ שלעכטער מינוט רעגט דאָס מיך אויף, און מיר ווילט זיך פּשוט נעמען און אייך באַשטראָפען פאַר אייער עקשנות. ס׳מיינט דערווייזען אויף אייך טאַקע, אַז קערפּערליכע ליעבע איז דאַ — און קען זיין.

— נו, דאָס איז שוואַך! — האָט אַ לאַך געטאָן נאַטאַליאַ. — איך האָב אייך שוין איין מאָל געזאָגט, אַז איך קען ניט געהערען אַזוינעם ווי איהר. איהר מעגט זיין זיכער, אַז איך וועל קענען... זיין ערליך צו זיך. אָבער איהר אַליין, ניט קוקענדיג אויף אייער אַגיטאַציע, קענט דאָס ניט. אויב איהר זענט אַזאַ מין חכם וואָרום דער׳הרג׳עט איהר ניט אייער נייגונג צו דאָראַ׳ן? אַ? איז זי אייך אייגען?

— צו דאַ־אָ־ראַ׳ן? האָט זיך מיראָן אַזש אָפּגעשטעלט פון איי־בעראַשונג.

— יאַ־אַ, טאַקע צו איהר! איהר דענקט, מען זעהט ניט? גאַטוניו, ווי ער איז דאָס פאַרוואונדערט! איהר האָט דאָס ניט ערוואַרטעט? כאַ־כאַ־כאַ! יאַ, דער דאָקטאָר, זאָגט מען, היילט זיך פריהער אַליין אוים. נו, צום ווידערזעהן, איך בין שוין אין דער היים. צו מיר קומט מעהר ניט. אייב מאַכען אַ סוף, זאָל זיין אַ סוף. זיין איינע פון אַ סך וויל איך ניט. געהט צו דאָראַ׳ן, און איך ווינש אייך ערפאָלג. איך צווייפעל אָבער... עס וועט אייך אויסקומען צו דער׳הרג׳ענען אייער סימפּאַטיע, כאַ־כאַ!

נאַטאַליאַ האָט זיך טרוקען צולאַכט, שפּאַטיש אַ שאָקעל געטאָן

מיט'ן קאפ, און איז פארשוואונדען אין טיר פון איהר הויז. מיראן האט איהר שוויינענדיג נאכגעקוקט. ער האט פארטראכטערהייט אויפגעהויבען דעם קאלנער פון מאנטעל, און האט לאנגזאם פארקערעוועט אויף צוריק. אין די אויגען און אויף די ליפען האט זיך ביי איהם באוויזען א שמייכעל אי פון טרויער, אי פון וועהטאג.



# VII.

מיראַן האָט געאַרבייט אויף אַ בילד. עס האָט זיך אָנגערוקט דער אָוונט. די פאַרבען האָבען זיך צוזאַמען גענאָסען, און די צוזאַמענגענאָסענע געשטאַלטען האָבען אויסגעזעהן פרעמד און ניי, אַזוי ווי זיי וואָלטען פון זיך אַליין געבוירען געוואָרען.

מיראַן, מיט פאַרקאַטשעטע אַרבעל, מיט'ן פענזעל און מאָלברעטעל אין האַנט האָט פאַרטראַכט געקוקט אויפ'ן לייוואַנט.

פּלוצלינג האָבען זיך אין פאַרצימער דערהערט טריט אין שטימען. מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. מיראַן האָט זיך פלינק אויסגעקערעוועט דערהערענדיג דעם קלאַפּ. ער האָט געוואָרפען אַן אומרוהיגען בליק אויפ'ן בילד, ער האָט אייַלענדיג עס פאַרדעקט מיט אַ ליילאַך און געענטפערט:

— קומט אַריין!

די טיר האָט זיך לאַנגזאַם און אומענטשלאָסען געעפענט און אויפ'ן שוועל האָט זיך באַוויזען דאַראַ. הינטער דאַראַ'ן איז געשטאַנען טאַראַס. אויף די פעדערען פון הוט, אויף די פּלייצעס און אויף איהרע לאַנגע ווייעס האָט געפינקעלט דער שטויב פון רעגען.

— מען קען צו אייך אַריינגעהן?

— זיכער, זיכער!

מיראַן איז שטאַרק רויט געוואָרען.

— איהר האָט אַזוי לאַנג ניט געענטפערט, אַז איך האָב גערענקט, אַז איהר זענט מיט אימיצען פאַרנומען. איך בין געקומען צו אייך צוליעב אַ קליינעם ענין. וואָס מאַכט איהר.

זי האָט איהם דערלאַנגט די האַנט. ניט קיין פאַרלעגענהייט, ניט קיין גרעסערע, ווי געוועהנליך קאַלטקייט איז געווען צו באַמערקען

אויף דארא'ן. בלויז דער בליק איהרער איז געווען אן אויפמערקזא־מער און שטרענגערער ווי פריער. זי האט מיט א פארדעכטיגען בליק באטראכט דעם צימער, און זיך אפגעשטעלט מיט די אויגען אויפ'ן בילד.

נאך דארא'ן האט טאראס שווייגענדיג געדריקט די האנט מירא־נען. ער איז געווען געלער היינט ווי געוועהנליך און געדוכט האט זיך, אז זיינע אויגען האבען זיך באהאלטען נאך ווייטער, און דער שטערען האט זיך שווער אנגעהאנגען איבער זיי, ווי א פעלז איבער קליינע נארעס.

ער האט גענומען אומגעהן ארום די ווענט און זיך שטארק, אבער אהן א שפור פון אויפמערקזאמקייט, איינגעקוקט אין די צייכנונגען און גלייך זיך אפגעקערעוועט פון זיי.

מיראן האט אומבאמערקבאר מיט חשד איהם נאכגעפאלגט.

— איך בין געקומען צו אייך נאכ'ן ביכעל, וואס איהר האט מיר איינמאל פארשפראכען צו געבען... — האט אנגעהויבען דארא. — וועגען פראסטיטוציע... פון דעם דייטשען פראפעסאר. וואס שטעהט אויף אייער שטאנדפונקט... קענט איהר מיר דאס געבען?

— איך וועל אייך דאס מארגען אומקערען...

מיראן האט פלינק און אויפמערקזאם איהר אריינגעקוקט אין פנים.

— איהר דארפט זיך ניט איילען, — האט ער שטיל פארלארען.

— ניין, איך אייל זיך.

טאראס איז צוגעגאנגען צום לייוועגט און האט זיך גענומען פאר'ן ברעג פון לייוואד.

— ניין, ניין, טאראס! — דאס טאר מען ניט. דאס איז אזוי זיך. דא זעהט איהר... ענטשולדיגט, נאר דאס טאר מען ניט...

און פארלירענדיג זיך האט ער צוזאמענגענומען דאס בילד אין די ארעמס און האט עס אוועקגעשלעפט אין א ווינקעל.

דארא האט ווייך און לאכענדיג א שמייכעל געטאן, און גלייך באהאלטען דעם שמייכעל. טאראס האט פארוואונדערט איינגעבויגען דעם קאפ אויפ'ן לינקען אקסעל און נאכגעפאלגט איהם.

מיראַן, שמייכלענדיג אין פאַרלעגענהייט, איז צוגעגאַנגען צו דער עטאַזשערקע און געזאָגט:

— איך וועל אייך באַלד געפינען דאָס ביכעל, אויב איהר ווילט קענט איהר זיך צוזעצען.

דאָס ביכעל האָט זיך גלייך אָפּגעזוכט. דאַרא האָט עס גענומען, זי האָט איבערגעלייענט דאָס קעפּעל, פאַרמאַכט דאָס ביכעל און געזאָגט:

— גוט. אַ דאַנק. איך וועל דאָס אייך מאָרגען ברענגען.

טאַראָס האָט אויך גענומען עפּעס אַ בוך און מיט דעם זעלבען דורכדרינגענדען, אבער צושטרייטען אויסזעהן עס געבלעטערט.

— איך דאַרף אייך נאָך זאָגען אַ פּאָר ווערטער אויג אויף אויג, — האָט צוגעגעבען דאַרא, — ניט קוקענדיג אויף מיראַנען.

— איך בעט אייך, — האָט אביסעל פאַרוואונדערט אויסגעצויגען מיראַן.

— מיר וועלען ארויסגעהן. צום ווידערזעהען טאַראָס. איהר נעכטיקט היינט ביי אונז? טאַראָס האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון שלאָף. ער האָט געשווינד אוועקגעלעגט דאָס בוך אויפ'ן טיש און האָט זיך אויסגעקערעוועט.

— וואָס האָט איהר געזאָגט?

— איך האָב געזאָגט, אַז איהר נעכטיגט דאָך היינט ביי אונז?

— יאָ, יאָ!... איך... יאָ... יאָ איך נעכטיג היינט ביי אייך...

— נו, זעגען איך זיך ניט מיט אייך.

— יאָ, יאָ...

— דאַרא איז ארויסגעגאַנגען; מיראַן נאָך איהר. זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט אין פאָרצימער. די שיין, וואָס איז געפאַלען פון דער אָפענער קיך־טיר, האָט בלאָס און ניט געוואָגט אַ קוש געטאָן דאַרא'ן אין באַק. און עס איז געווען קענטיג, ווי עס האָבען זיך קוים גע־רעגט איהרע עמפּפינדליכע נאָז־פליגעל.

— אָט וואָס, — האָט זי באַלד אנגעהויבען קוקענדיג איהם גלייך אין פּנים אריין. — טאַראָס איז אין זעהר אַ נערוועזען צו־שטאַנד. מען דאַרף זיין מיט איהם פאָרזיכטיג... זאָגט, איהר רעדט, ווירקליך אייַן אַליאַ'ן צו ווערען אַ פּראָסטיטוטקע?

מיראַן האָט פאַרוואונדערט אויפגעהויבן זיינע ברייטע ברעמען.

— ניין, איך רעד איהר ניט איין...

— איך האָב טאַקע אזוי געדענקט. עס קלעפּט... זיך עפּעס ניט... נו, גוט. טאָראַס איז איבערצייגט, אז איהר רעדט איהר צו. מעגליך, אז ער וועט רעדען דערפון, באַרוהיגט איהם. יאָ?

— יאָ.

— אויסער דעם...

— זי האָט זיך געקווייקעלט אַ ווײַלע.

— אויסער דעם, האָב איך צו אייך אַ קשיה... איהר וועט זוכען אייער שוועסטער?

מיראַן האָט דורכדרינגענד אַ קוק געטאָן אויף איהר.

— יאָ, איך וועל...

— ווען?

— איך ווייס ניט... אפשר אין אַ וואָך אַרום... אפשר פריער.

— וואָרום אין אַ וואָך אַרום?

— אזוי... איצט דאַרף מען ניט... זאָל זי דאָרטען זיין אביסעל...

דאָרא האָט געשוויגען. זי האָט אַראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט זיך באַדענקען. איהרע נאָז־פליגעל האָבען זיך אַראָפּגעלאָזען און אויפגעהויבען אַלץ שטאַרקער. די צאַרטע רונדקייט פון איהרע באַקען האָט זיך פאַררויטעלט.

— נו, גוט. איך וויל אייך בעטען... ווען איהר וועט געפינען אייער שוועסטער, זאָגט איהר, אז איך וויל קומען צו איהר... צו גאַסט. איהר הערט?

אין איהר שטים האָט זיך אפילו געפיהלט עפּעס אַ מין גאוה. מיראַן האָט אינגאַנצען אויפגעציטערט.

— צו גאַסט? אזוי זאָגען? יאָ?

און ער האָט גענומען, גאָט ווייס צוליעב וואָס, אויף שנעל אָפּ־קאָטשען די אַרבעל, אָט ווי ער וואָלט זיך געקליבען גלייך ערגעץ געהן.

— יאָ. וועט זי איינשטימען?

— איך ווייס ניט...

— זי וועט דענקען, אז פון נייגעריגקייט וועגען?

— יאָ, אַזוי דוכט מיר...

— זאָגט איהר, אַז ניט. איבריגענס, איז נייגעריגקייט אויך דאָ דערביי. דאָס איז אָבער ניט דאָס וויכטיגסטע...

— איך וועל זאָגען. דאַרא, פאַרוואָס האָט איהר אַזוי פאַר־ענדערט אייערע באַציהונגען צו מיר, אין דער לעצטער צייט? האָב איך אייך באַליידיגט מיט וואָס ניט איז?

— ניין, מיט גאָר ניט... צום ווידערזעהן!

— פונ׳ם נעכטיגען... זענט איהר זעהר... באַליידיגט?

מיראַן האָט גערעדט ווי אַ דערשלאָגענער. ער האָט, זעהט אויס, זיך געערגערט.

— און איהר וואָס? ווילט זיך שוין אפשר ענטשולדיגען? — האָט זי געשווינט אַ קוק געטאָן אויף איהם.

— ניין... איך פרעג גלאַט אַזוי. — דאָס דאַרף זיין פאַר אייך אַלץ־איינס. צום ווידערזעהן.

זי האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ, און איז אַוועק צום אַרויסגאַנג. מיראַן מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ האָט זיך לאַנגזאַם געלאָזען נאָך איהר.

אויף די שטיגען האָט זיך דאַרא פלוצלינג אויסגעקערעוועט און ווי זי וואָלט געוועזען ביין אויף אימיצען, האָט זי פלוצלינג געפרעגט:

— הערט זיך איין, וויפיעל האָט איהר פאַרלאָזענע קינדער?

— קיין איינס ניט... — האָט שטיל מיט אַ לייכטער פאַרוואונ־דערונג געענטפערט מיראַן.

— און פון דער דינסטמיידעל, וואָס הייסט סאַשאַ איז אויך ניט געווען?

— סאַשאַ? קיין שום סאַשאַ קען איך ניט. פון וואַנענט האָט איהר אָט די ידיעות?

— קיט האָט געזאָגט. ער זאָגט, אַז ער ווייסט נאָך עפּעס אַזוינע שמוציגע געשיכטעס וועגען אייך. איז דאָס אמת, וועגען סאַשאַ׳ן?

— ניין.

— צום ווידערזעהן.

דאַרא האָט גענומען אַראָפּגעהן.

— איהר גלויבט ניט? — האט טויב, א פארוואלקענטער איהר נאכגעשריען מיראן.

— איך ווייס ניט... — האט זי אויף האלב זיך אויסקירעווענדיג טרוקען געענטפערט, און זיך געשווינד אנגעהויבען אראפלאזען פון די שטיגען.

מיראן איז געשטאנען, ניט רירענדיג זיך פון ארט. ביים שייד־וועג האט דארא אויפגעהויבען צו איהם דעם קאפ, זיך אפגעשטעלט און געזאגט:

— ווען איהר וועט זאגען אייער שוועסטער, וועט איהר מיר לאזען וויסען דערפון? יא?

— ניין! — האט מיראן בייז אפגעהאקט, זיך אויסקערעווענדיג אוועקצוגעהן.

— פארוואס?

— איך וויל ניט!

— הייסט עס, אז איהר וועט ניט זאגען דער שוועסטער?

— ניין.

— און איהר אדרעס וועט איהר מיר אויך ניט געבען?

מיראן האט זיך א ווײלע געקווײנקעלט, דערנאך האט ער כמורנע און גראב געענטפערט:

— איך וועל.

— גוט.

און דארא איז ווידער אויף שנעל אוועקגעגאנגען.

מיראן האט זיך שנעל אויסגעקערעוועט און פארמאכענדיג נאך זיך די טיר איז ער אריין צו זיך אין צימער.

טאראס איז געזעסען אויפ'ן דיוואן און האט פארטראכט און טעמפ געקוקט פאר זיך.

מיראן איז צוגעגאנגען צום טיש און האט אראפגעווארפען עפעס א בוך. ער האט זיך געזעצט אויף א שטול, איז גלייך אויפגעשטאנען און זיך גענומען געשווינט אומגעהן איבער'ן צימער.

טאראס האט זיך אומרוהיג אנגעהייבען דרעהען און גענומען זוכען זיין היטעל. געפינענדיג דאס היטעל ארים זיך, האט ער עס אנגע־טאן און זיך גענומען אויפהויבען.

— וואוהין קליבט איהר זיך? — האט כמורנע געפרעגט מיראן.
— אפשר שטער איך אייך, וועל איך בעסער אוועקגעהן.
— איהר שטערט מיר ניט. זיצט, זיצט, זאג איך אייך! נאר אט וואס...

ער האט זיך אפגעשטעלט נעבען טאראסען, וועלכער איז געזעסען פאר איהם.

— ...הערט זיך איין, וואס איך וועל אייך זאגען, דאכט זיך, אז אייער שוועסטער האט מיך ליעב. אדער ניין, זי האט מיך זיכער ליעב. איהר הערט? אבער איך בין ניט פארליעבט אין איהר. זי וויל האבען פון מיר א קינד און דערנאך לעבען מיט'ן קינד. אבער דאס איז אוממעגליך. קיין פראסטיטוטקע ראט איך איהר ניט צו ווערען. גלויבט איהר מיר, אדער ניט?

— און ביי אייך... איז מיט איהר גאר ניט געווען? — האט ער אין א שמערצליכער פארלעגענהייט געפרעגט, אומלויפענדיג מיט די אויגען.

— ניין.
— איך האב געהערט אנדערש...
— פון וועמען? פון אליאן?
— ניין... חברים רעדען...
— ווער אייגענטליך?
— קים, צום ביישפיעל.
— ווידער אט דער פאטשקון... עס איז גאר ניט געווען. אויב איהר גלויבט מיר, זיצט, ניין — געהט אוועק, ווייל מיר האבען מעהר ניט וועגען וואס צו רעדען. דאס האט מיר דערעסען.

טאראס האט, אין גרויס פארלעגענהייט, אויפמערקזאם, פון אויבען אראפ, באטראכט מיראנען און געענטפערט:

— איך גלויב אייך.
— גוט, אויב אזוי, זיצט. דער אנארכיסט דארף באלד זיין.

מיראן האט ווידער גענומען אומשפאנען איבער'ן צימער פון ווינקעל צו ווינקעל. דערנאך איז ער צוגעגאנגען צום בעט, זיך אריינגעלייגט, ער האט פארווארפען די הענט אונטער'ן קאפ און איז אזוי פארשטארבען אין א פארוואלקענטער, בייזער אומבאוועגליכקייט.

טאראס האט באאומרוהיגט און אין פארלעגענהייט געקוקט אויף איהם. דערנאך איז ער, זעהט אויס, ווידער אריינגעפאלען אין זיין צושרויפטען און טעמפען צושטאנד.

עס האט לאנג געדויערט דאס שווייגען. איבער די שויבען פון די פענסטער האט פארזיכטיג, אזוי, אז מען האט קוים געקענט הער־רען, געקלאפט דער רעגען, אט ווי ער וואלט זיך געפלייסט ניט צו שטע־רען זייערע געדאנקען.

דער אווענט, ארויסטרעטענדיג מיט א בלוויליכען רויך פון די ווינקלען האט זיך שטיל אנגערוקט.

מיראן האט פלוצלינג טיעף אפגעזיפצט, זיך אויפגעהויבען און זיך אויפגעזעצט.

— און אונזער אנארכיסט איז נאך אלץ ניטא... — האט ער אויסגעצויגען מיט זיין קאפריזנעם טאן. — ער האט אפגענארט, דער הזיר... דאס איז ניט גוט...

ער איז פויל צוגעגאנגען צום טיש און גענומען מאכען א פאפירא־פיראס.

טאראס, וואס האט זיך ווי אויפגעכאפט ביים קלאנג פון זיין שטים, האט זיך ווידער באאומרוהיגט, דערמאנענדיג זיך אן מיראנס פריהערדיגער אומצופרידענהייט. טאראס האט זיך איצט געוואונ־דערט, קוקענדיג אויף איהם. מיראן האט אנגעשטאפט דעם פאפיראס און מיט די ווינקעל פון די אויגען און ליפען האט ער קוים גע־שמייכעלט. זיין גאנצער פנים האט זיך דורכגעלויכטען מיט עפעס א פרייד, אט ווי אויף'ן בעט וואלט איהם אימיצער מודיע געווען אדער ערקלערט עטוואס זעהר גוטעס.

פארדרויכערענדיג, האט זיך מיראן פלוצלינג אזוי נאהענט אוועק־געזעצט נעבען טאראסען, אז יענער האט זיך אפילו אביסעל אפגע־רוקט. ער האט ארויפגעלייגט אויף טאראס שארפער קני זיין גרויסע טונקעל־גרויע האנט, און האט רוהיג און גוטמוטיג געפרעגט:

— נו... וואס הערט זיך מיט דעם סטרייק? איהר האט בא־שלאסען?

— יא, מען האט באשלאסען...

— אזוי... זענט איהר אויך פאר'ן סטרייק?

— יא, איך אויך...

טאראס האט פון אונטער'ן שטערן, מיט פארוואונדערונג א קוק געטאן אויף מיראנען.

— אינטערעסאנט... און ווער מעהר פאר אלעמען? ווערא?

— יא, זי... זעהר.

מיראן האט א לאך געטאן.

— אזוי... און דא—א—רא?

— זי איז געווען נענען... זאלען די ארבייטער אליין באשליסען...

— אזוי — אוי... אינטערעסאנט... דאס איז זעהר אינטערע־סאנט...

— נו, און דעם זאוואד, הייסט עס, וועט מען פארמאכען?

— יא...

טאראס האט געענטפערט ניט גערן. ער האט אפגעלעקט די ליפען.

— גאורילא וועט זיין א סטרייק ברעכער? א?

אפילו אין דער פינסטער האט מען געקענט זעהען, אז טאראס איז רויט געווארען. מיראן האט דאס באמערקט.

— און דער סטרייק קאמיטעט וועט איהם קיין הילף ניט געבען... אייער פאמיליע וועט זיין שלעכט...

טאראס האט שווייגענדיג און פארצארענט געקוקט אויף דער ערד.

— און אליאן וועט גאר זיין ביטער... זי וועט אוועקגעהן צו סאלדעיעווען.

טאראס האט עפעס אזוי נערווען א דרעה געטאן דעם קאפ אין א זייט. ער האט אפגעזיפצט. גאר ער האט גאר ניט געזאגט.

— די גאנצע האפנונג איז אויף אייך...

— אויף מיר? — האט טאראס מיט גרוים פארדרוס און ער־שטוינונג אויסגעקערעוועט צו איהם דעם קאפ.

— יא—א... אויף אייך...

טאראס האט בייז א לאך געטאן. ער האט פארווארפען דעם קאפ אויפ'ן ווענטעל פון דיוואן און האט פארמאכט די אויגען.

— וואס לאכט איהר?

טאראס האט אויפגעהערט צו לאכען, אבער די אויגען האט ער ניט געעפענט; מיט די טיפע שאטענס פון דעם אראפגעהאנגענעם שטערען האט ער אויסגעזעהען ווי טויט.

— א? טאראס!

טאראס האט געשווינד געעפענט די אויגען און מיט פארדרוס זיך איינגעבויגען צו מיראנען.

— זעהט איהר וואס איך בין, אדער ניט?

— איך זעה... איהר זענט א קאפיטשקע קראנק.

— „א קאפיטשקע קראנק“ — האט זיך טאראס צולאכט — א קאליקע בין איך, אט ווער! פארשטעהט איהר דאס? א נישטיגער, פארפוילטער, גע׳פגר׳טער און מיאוס׳ער קאליקע מיט קני ווי ביי א פליגעל. אויף מיר — אליא׳ס האפנונג... כא! ער האט זיך אפילו אויפגעהויבען און געגומען אומגעהן איבער׳ן צימער, אבער דערנאך האט ער זיך פלוצלינג אויסגעדרעהט צו מיראנען און געזאגט:

— גיט מיר אייער האנט! גיכער... גיט מיר, האט ניט מורא...

מיראן האט מיט פארוואונדערונג איהם אויסגעצויגען די האנט. טאראס האט געכאפט די האנט און האט זי צוגעלייגט צו זיין ברוסט ביים הארצען.

— איהר הערט, ווי דאס הארץ שלאגט? איהר הערט? אט ווי עס וואלט זיך אין פארצווייפלונג געשלאגען מיט׳ן קאפ אן וואנט... אמת?

— יא—א... עס שלאגט... איהר האט דאס גוט אויסגעדרוקט.

דער לויב האט, קענטיג, נאך מעהר אויפגערעגט טאראס׳ען.

— אמת? — האט ער א לאך געטאן, גראב, צוגעמענדיג מי־ראנס האנט. יא, ווען דו טוסט בלויז דאס, וואס דו הערסט זיך צו ווי עס שלאגט, אדער ווערט פארשטארבען, וועסטו אם ענדע געפי־נען דעם סאמע ריכטיגסטען אויסדרוק... ממ!... יא, ווייסט איהר מיט וואס איך בין פארנומען די מעהרסטע צייט פון טאג? נו? איך הער זיך צו צו זיך. דענקט איהר, אז איך האב נעכטען א סך געהערט פון די דעבאטען? ווי־זשע... איך האב אפילו ניט גלייך פארשטאנען, ווען איהר האט געזאגט... איך האב בלויז געהערט, ווי ביי מיר האט געקלאפט דאס הארץ, און ווי עס האט זיך אנגעבלאזען דער קאפ...

וויסט איהר, ווי א קינדישער גומע קוגעל...און אימער... איך לעב דאך ניט קיין מינוט ווי אלע אנדערע!... קיין איינציגע מינוט! א מערק־ווירדיגע פערזענליכקייט. איך שלאף מיט וואטע אין די אויערען און מיט א קישען אויפ'ן קאפ... מיין אייגענער אטעם איז פאר מיר אזא טומעל, אז איך בין גרייט זיך צו דער'הרג'ענען אום ניט צו טומ־לען... אויך מיר א האפנונג... ממ! יא... איך בין מקנה א הונט, א פשוט'ן הויף־הונט... איהר לאכט נאר ניט (מיראן האט איהם ערענסט געהערט), ניט אום זיך אויסדריקען, נאר דאס וואס עס איז, דאס דערצעהל איך אייך... קוק איך אויף א וואסערען ניט איז הונט און טראכט, אז אט דער הונט האט ניט קיין נערוועז און קען שלאפען ווען איהם ווילט זיך. איך וואלט, אהן שפאס, געוואלט זיין אן געוועהנ־ליכער הונט, פארייסען דעם עק, בילען, זיך בייסען, און שלאפען... פארשטעהט איהר: שלאפען!

ער האט אפילו אין ווילדען כעס פארדריקט א פויסט, אט ווי ער וואלט צוקוועטשט אין איהם אט דאס ווארט.

מיראן האט געוואלט עפעס זאגען, אבער טאראס האט אין איי־לעניש, אט ווי ער וואלט מורא האבען, אז מען וועט איהם ניט לאזען ענדיגען, פארטגעזעצט.

— שוין־זשע בין איך א מענש? שוין־זשע האב איך איבערציי־גונגען? צורודערט מיך מיט'ן הוסט, און איך וועל מיט האס זיך נע־מען מיט אייך קריגען וועגען דעם, וואס איך רעכען אליין פאר ריכ־טיג... דאס איז דאך... איך, צום ביישפיל, האס אלע מענשען ביז בלוט, ביז שוים אויף די ליפען... און פארוואס? ווייל זיי מאכען טומעל. נו? מענשען און הינט. די גאנצע נאטור, ווי די נאטור, נאר מענשען און הינט טומלען אלע ווייל, אלע ווייל. טויג איך דען צום לעבען? איך וואלט באדארפט וואוינען ערגעץ וואו אויף א טויטען בארג, וואו ניט נאר עס זענען ניטא קיין מענשען, נאר מען זעהט אפילו ניט קיין קליין פויגעלע, וואו קיין גראז וואקסט ניט, וואו אלעם שווייגט, און אלעס איז טויט. אט דארטען וואלט איך באדארפט לעבען! פארשטעהט איהר דאס? דאס איז דאך — א גרויל! דאס איז — דער טויט. דאס... גאטוניו, איך ווייס ניט ווי דאס אנצורופען... איהר שטעלט זיך נאר פאר, פארשטעהט בלויז: שוין צוויי יאהר, אז

איך שלאף נים. נו? איהר פארשטעהט צוויי יאהר ניט וויסען, וואס הייסט שלאפען. איך ערינער זיך וועגען דעם, ווי וועגען עפעס אומגעהויער ווייטעס, די צייט וועט זיך שוין קיינמאל ניט צוריק קערען, ווען עס פלעגט זיך וועלען שלאפען. ווען דו פיהלסט אזא איינגענעמע ווארימקייט און שוואכקייט, ווען די אויגען קלעפען זיך, — אזוי זיס, זיס... איהר פארשטעהט: צוויי יאהר! און וואס... דער באוואוסטזיין בלויז דערפון ברייגנגט מיך אריין אין אזא כעס, אז... איך, צום ביישפיל, ווייס בלויז אז מען דארף שלאפען, אבער איך וויל קיינמאל נים. איך לייג זיך דערפאר ווייל מען דארף. און יעדער נאכט ליגסטו און הערסט ווי אנדערע שלאפען... אייך איז באקאנט אט דער צושטאנד? ווען דו ליגסט, די קאפ איז אזוי שווער, און קראנק, אלץ שלאפט, די נאכט איז ווי אן אייביגקייט... גאט מיינער! נאר דאס איז נאך גארניט!... דאס טראגסטו נאך אריבער... נאר זאל זיך נאר ערגעץ באווייזען א וואסער ניט איז הינטעל און נעמען בילען. א, דאס איז אן אומקומעניש... דאס איז אן אומערטרעגליכע מאטערניש, דאס איז אן אומערטרעגליכע שאנדע. איהר טראכט זיך נאר אריין: א מיאוס נאריש הינטעל בילט ערגעץ־וואו, ווייט, בילט אהן א זין, אהן א טאלק, אדער נויט. קיינער הערט עס נים, עס האט אפילו קיין אהנונג ניט דערפון, ווי זיין בילען ווירקט, דאס וואגט אפילו ניט צו טרוימען, דאס נאריש נידערטרעכטיג הינטעל, ערגעץ ווייט אויף אן אנדער גאס, און איך, א פארנינפטיגער וועזען, בין א גאנצע נאכט פארנומען מיט דעם. א גאנצע נאכט מאטער איך זיך פון אט דעם בילען. איך ווער אויסער זיך פון כעס און פארצווייפלונג, איך פארדעק דעם קאפ מיט א קישען, ווארף זיך, זעץ זיך אין דער פינסטער אויפ'ן געלעגער און, גלויבט איהר מיר, איך וויין... איך וויין. נו, בין איך ניט קיין גארניט...

ביי טאראס'ן האבען גענומען ציטערן די ליפען און די מארדע, ער האט זיך פלינק אפגעקערעוועט און גענומען אומלויפען איבער'ן צימער.

א צורודערטער איז מיראן אויפגעשטאנען, ער איז צוגעגאנגען צו איהם, האט איהם שטיל ארומגענומען און צוגעפיהרט צום דיוואן.

— מען דארף זיך ניט ערגערען, טייערער, מען דארף ניט. איהר

זענט קראנק, אבער דאס וועט פאריבערגעהן. אויף מיין ווארט, עס וועט פאריבערגעהן, טאראס. זעצט זיך, ליעבער, זעצט זיך. איך פארשטעה אייך מיט'ן גאנצען הארצען, איך בין אליין געווען אזוינער... זעצט זיך. דאס איז א קלייניגקייט, כ'מיין ניט קיין קלייניגקייט, דאס איז זעהר ערענסט, נאר דאס וועט פאריבערגעהן.

— ניין, איהר טראכט זיך נאר אריין! — זיך געהארכזאם, זע־צענדיג און אויסקערעווענדיג זיך צו מיראנען, האט מיט א מין קינדיש פארדריסליכער קלאגע זיך ווידער איילענדיג געגומען רעדען טאראס. — זיין איין אזא צושטאנד, און ניט האבען פון קיינעם קיין טראפען מיטגעפיהל, קיינער גלויבט אפילו ניט. ווירקליך, ער געהט דאך ארום, רעדט און לאכט אפילו, טא וואס־זשע איז ער פאר א קראנקער?

— איהר דארפט זיך היילען, טאראס.

— וואס־זשע זאל איך היילען? וואס היילען.

— ווי הייסט „וואס“? די נערוועו.

— אבער ווי אזוי ווייס איך, אז דאס זענען די נערוועו? וואס מיינט נערוועו? נשמה? נו טאקע וואס איז אזוינס די נשמה? ניין, ווארט, לאכט ניט, אפשר טוט מיר גאר וועה די נשמה? צומאל פיהל איך דאס אפילו, אז די נשמה... ווירקליך, די גאנצע צייט טו איך בלויז דאס, וואס איך קוק אין זיך, און זעה, אז ווען מיר איז בעסער, ד. ה. ווען אט די נערוועו זענען אביסעל רוהיגער, ווער איך אינגאנצען מונטערער, מאראלישער, כ'האב ליעב מענשען. פארשטעהט איהר? נאר עס איז גענוג דער וועטער זאל זיך בייטען, און איך בייט זיך אינגאנצען, „די נשמה“ בייט זיך, איך ווער בייז, גראב, אומאראליש, און אלעם ווערט מיר דערווידער. נו? וואס־זשע איז דאס אזוינס? ניין, ווארט א ווייל... אט האב איך נעכטען געטראכט... כ'האב די גאנצע נאכט געטראכט: ווארום זענט איהר א מענש אהן מאראל (באליידיגט זיך ניט, איך וועל אלעם זאגען אפען) אט זענט איהר אזא אויסגעלאסענער, איהר רעכענט אז מיט פרויען מעג מען אלעם, פראסטיטיציע דארטען... פארוואס זענען אנדערע אנדערש? ניט גאט האט דאך אזוי געמאכט? וואס זענען די אורזאכען? ווארום איז סערגעי צום ביישפיל, דאגענען? ער איז דאך אויך א סאציאליסט. און אפשר איז עס פשוט דערפאר, וואס סיי אייער בלוט, סיי אייער קערפער

זענען הייסערע ווי ביי איהם... טאַ וואָס איז דאָס פאַר אַ מאָראַל? איז דאָס דען אַ פאַרדינסט, אויב דו פאַרמאָגסט קאַלטע בלוט און דאַרפסט ניט זינדיגען? טאַ וואָס קער זיך דאָ אָן די נשמה?... ניין וואַרט, לאָזט מיך אויסרעדען, אַ ניט וועל איך פאַרגעסען... אין טיורמע האָב איך געטראַכט „אַט וועל איך ארויס אויף דער פרייהייט, וועל איך דאָס אַלעס באַשליסען”. נו, אַט בין איך ארויס. און איך פאַר־שטעה גאַרניט... אַלעס האָט זיך פאַרפּלאָנטערט... צום ביישפּיל, מען זאָגט: „מאָראַל־לאָזיגקייט”, „אומענליכקייט פון די נשמות”, אָבער וואָס איז אַזוינס די נשמה? נערווען? ניין, וואַרט, איך פאַרשטעה ניט ווי קען מען לעבען ניט פעסטשטעלענדיג עס פּינקטליך? אויב עס איז דאָ אַ נשמה, איז אַלעס דאָ: עס איז דאָ אי זינד, אי געזעץ, אי פאַרברעכען, אי מאָראַל... אמת? און אויב ניט? און? נו, און אויב קיין נשמה עקזיסטירט אינגאַנצען ניט, וואָס דאַן? נו?... און ער האָט מיט שרעק און ברייט צועפענטע אויגען אַ קוק געטאָן מיראָנען גלייך אין פּנים אריין. מיראָן האָט געוואָלט עפּעס זאָגען, נאָר טאַראַס האָט ביי איהם אויסגעכאַפּט.

— דאַן איז אַלעס ליגען! ליגען, ליגען! אַלעס! דאַן איז ניטאָ, ניט קיין זינד, ניט קיין מאָראַל, דאַן איז פאַראַן בלויז דער קערפּער. קיין נשמה ענליכקייט, גאַרניט. דאָס איז דאָך שרעקליך נויטיג און וויכטיג צו וויסען! אמת? יאָ? וואַרט. אַט זעהט, מען זאָגט, אַז מען קען פאַרהיפּנאָטיזירען אַ מענשען. גוט. אָבער וואָס פאַר גיפּנאָ־טיזירען? די נשמה? אמת? וואַרט. די נשמה, גוט. זאָל זיין, זאָל זיין, אַז די נשמה. אַזוי. אָבער ווייסט איהר, אַז מען קען פאַרהיפּ־נאָטיזירען חיות און אפילו בוימער? איך האָב געלייענט, אַז אַ געלעהרטער האָט פאַרהיפּנאָטיזירט אַ בוים, — ער האָט מיט'ן האַנט גענלעט אַ צווייג, און אויף דעם צווייג זענען די פרוכטען געווען אַ סך גרעסער און בעסער, ווי אויף אַלע איבעריגע צווייגען פון דעם בוים. איך פאַרשטעה ניט: הייסט עס, אַז אַ בוים האָט אויך אַ נשמה? הייסט עס, אַז עס איז יאָ דאָ מאָראַל?... ערלויבט מיר נאָך... ניט לאַנג צוריק האָב איך אויך געלעזען, אַז עפּעס איינער אַ דאָקטאָר דערוויזט, אַז סיי אַ געדאַנק, סיי אַ פאַרלאַנג זענען גאַנץ מאַטעריעלע זאַכען, וועלכע מען קען איבערגעבען פון איין מענשען צום אַנדערען

אהן דער הילף פון אויער אדער אויג. עפעס אזוי: ער נעהמט א בויגען ריינעם פאפיר, האלט איהם א ווײלע אין האנט, דערביי טראכט ער עפעס, און גלייך דערצעהלט ער פאר עדות, (אומבאדינגט פאר עדות), וואס ער האט געטראכט, און מען פארשרייבט. דערנאך נעהמט מען א ריין בייגעלע פאפיר, מען פארשטעמפעלט עס אין א קאנווערט, און דאן עפענענדיג דעם קאנווערט גיט מען דאס איבער דעם מי־דיאום. יענער נעהמט מיט איין האנט דאס בויגעלע פאפיר, און מיט דער צווייטער לייגט ער ארויף אויף אן אלף־בית... ווי ביי די ספי־ריטען, ווייסט איהר? מיט'ן מידיאום רעדט מען, און מען לאכט, און די האנט זיינע, אהן שום איינטײל פון באוואוסטזיין שרייבט דאס, וואס עס האט געטראכט יענער דאקטאר. וואס־זשע איז דאס? דאס איז פשוט, דעם דאקטארס נשמה איז געבליבען אויפ'ן פאפיר, און איז דערנאך אריין אין מידיאומ'ס האנט, אין דער צווייטער האנט און דערנאך איז זי ווידער ארויס אויפ'ן פאפיר. ווי מען גיסט, למשל, איבער וואסער פון א פלעשעל אין א גלאז, דורך א רער. נו?... קען מען דען פון זינען ניט אראפ, פון דעם אלעמען? פון זינען אראפ... — האט ער, פלוצלינג, ארויסגערעדט שטילער און קלארער. וואוהין אראפ? ווי אזוי „אראפ"? וואר־זשע וועל איך דאן זיין? מען זאגט נאך: „א גייסטיג־קראנקער". הייסט עס, אראפגעהן פון דער נשמה... וואוהין־זשע אראפגעהן? אין א זייט?... איז דאך דאס מאדנע... אמת?

און טאראס, האט מיט עפעס א קאלטען שרעק, א קוק געטאן אויף מיראנען. מיראן האט זיך אן אנגעבמורעטער ערענסט איינגעקוקט אין איהם. דערנאך האט ער איהם אנגענומען פאר א האנט און, שטארק זי דריקענדיג, שטרענג גענומען רעדען:

— אט וואס, טאראס: לאזט דערווײלע אין א זייט די פראגען אי וועגען דער נשמה, אי וועגען דעם גוף.

— ווי אזוי? — האט זיך טאראס אומרוהיג א צאפעל געטאן.

— פארוואס? דאס איז דאך דער עיקר.. אויב, ווירקליך...

— הערט, וואס איך זאג אייך. לאזט די נשמה צורוה. דאס דארף אייך איצט ניט קימערען. עס איז ניטא קיין שום נשמה אדער גוף, דאס איז אלץ נארישקייטען.

— ווי?... ערלייבט מיר...

— נאַרישקייטען, ליעבער. נוצלאָזע און אומנויטיגע. וואָס געהט אייך אָן צי ליידט אדער פרעהט זיך די נשמה, אדער דער גוף? איהר ליידט, דאָס איז וויכטיג. און אַלעס איבעריגע איז בלויז נעמען, מעהר אדער וועניגער געלונגענע. שפּייט אויף זיי. לאָזט עס...

— ווי הייסט נעמען?

— נו, אזוי. מענשען האבען אוים באקוועמליכקייט צוטיילט, אין גרונט גענומען, דאָס אומצוטיילבאַרע אין האבען פאַרגעסען אין דעם. און איצט רייסען זיי זיך דערפאַר, וואָס איז בעסער, דאָס גייסטיגע אדער קערפּערליכע. גוט איז אַלץ, וואָס עס שאַפט פרייד, אַלעס איז שלעכט, וואָס עס שאַפט ליידען. די נשמה איז אין קער־פּער, דער קערפּער איז אין דער נשמה. ווען עס טוט וועה דער בויך, איז דאָס פּונקט אזוי אומאַנגענעם דער נשמה, ווי דער אנגסט וואָס די וועלט געהט אונטער. און אויב אַט דער וועלט־שמערץ איז אַן אויפריכטיגער ליידט אייך דערפון דער בויך. דער געפיהל פון לעבען איז וויכטיג... נו, וועגען דעם וועלען מיר זיך דורכשמועסען אַן אַנ־דערש מאָל, און איצט הערט מיך אוים אויפמערקזאַם. הערט וואָס איך זאָג אייך.

מיראַן האָט שטאַרק צוזאַמענגעדריקט זיין האַנט.

— דערוויילע, טראַכט אינגאַנצען ניט דערפון. איהר הערט? אויף צו פריהער מוזט איהר זיך היילען. דער ריכטיגער גאַנג פון אַט דעם סאָמע קערפּער אייערען איז ביי אייך אַנגערירט. פאַרשטעהט איהר?

— איהר ווילט מיך פאַרגיפּנאָטיזירען... — האָט טאַראַס שוואַך און כיטרע אויסגעקרימט אין אַ שמייכעל זיין איינגעפאַלענעם מויל. צו וואָס דריקט איהר מיין האַנט?

— נו, איז וואָס. — נו, גיפּנאָטיזיר איך, איז וואָס? דאָס גאַנצע לעבען פון מענשען איז אַ געגענזייטיגער גיפּנאָז. האָט ניט מורא, איך וועל אייך ניט פאַרוואַנדלען אין אַ בלאָנדען, פון אַ שאָטען. מען קען גיפּנאָטיזירען דערצו, צו וואָס עס איז פאַראַן כאָטש די קלענסטע נייגונג. און איך וויל אייך אפשר פאַרגיפּנאָטיזירען דערצו. (אויב

איהר ווילט דאס אזוי אנרופען), וואס איז נאטירליך פאר אלע מענ־שען, — צום געפיהל פון לעבען.

— ניט פאר אלעמען... נאטירליך.

— ניט אמת. ווענען דער געפיהל פון לעבען איז ניט נאטיר־ליך, יענער שטארבט. לאזט צורוה, זאג איך אייך, אייער נשמה. און ניט זיך איצט בעסער אפ מיט פאריכטען דאס, וואס איז ביי אייך קאליע, אדער ניט אין ארדנונג. ניט אין ארדנונג זענען אייערע נער־ווען, דער וויכטיגסטער געפיהל ארגאן. פאריכטען קענט איהר. לאזט עס צו אלערליי דעגענעריירטע און האפנונגסלאזע פארזעהענישען, זא־לען זיי זיך פארנעהמען מיט נשמות און מיסטיק. איהר דארפט זיך שעמען, איהר דארפט ארבייטען. איהר האט א שוועסטער. באשעפ־טיגען זיך מיט כניקען און ביליגער מעטאפיזיק דארפען לעדיגגעהער, און די וואס שטארבען פון אייביגע יומים טובים. דאס טרייסט זיי און באשעהנט זיי אין זייערע אייגענע אויגען. דאס איז פאר זיי א קאמפס־מיטעל פאר עקזיסטענץ. איהר זענט קראנק ניט פון דער נאטור, נאר איהר זענט קראנק געווארען. איהר זענט דאך ניט אימער אזוי געווען. מיר האט אליא דערצעהלט, אז איהר זענט געווען גע־זונט, פרעהליך און זעהר א גרויסער טרוימער?

— יא, איך בין געווען אמאל געזונט... און טרוימעריש...

— אט זעהט איהר. קראנק זענט איהר אינגאנצען א יאהר אדער צוויי?

— צוויי יאהר... אין טיורמע...

— אט זעהט איהר שוין... ווארום זענט איהר קראנק געווארען, ווייסט איהר ניט?

— די טיורמע און... נאך אזעלכע...

— נו, אין טיורמע זענט איהר ניט איינער געזעסען... א סך זי־צען און ניט אויף אלעמען ווירקט עס אזוי.

— זאגט, איהר האט זיך מיט..... ניט פארנומען?

טאראס האט פלוצלינג גענומען אומלויפען מיט די אויגען און איז שמערצליך, ביז איבער די אויערען, שטארק רויט געווארען, אזוי, אז אפילו אין דער האלב־פינסטערניש פון אוועני האט מען געקענט

זעהן ווי פארפינסטערט עס איז געווארען זיין פנים. מיראן האט איהם באבאכטעט מיט עפעס א מאדנער נייגעריגקייט.

— מען דארף זיך ניט שעמען. איהר נעהמט זיך אונטער צו פארניכטען די נשמה, און רויטעלט זיך ווי א הויך־מאראלער צוויי־פנים'ניק. אין דעם איז ניטא קיין באזונדער שרעקליכעס. נו, רעדט אפען, האט ניט מורא. איך פרעג דערפאר, וואס איך וויים פון זיך אליין ווי דאס ווירקט אויף דער נערוועז סיסטעם: אין דער צייט פון מיין מאראלישקייט פלעג איך זיך אויך אויף אזא אופן באהאלטען פון זינד... וואס קוקט איהר? אך, טאראס!... אליין דערהויבענדיג דעם קערפער, האט איהר דאך מורא פאר איהם... נו, וואס־זשע קוקט איהר? איך זאג דאך אייך, אז מיר איז פשוט אינטערעסאנט. איך בין דאך אויך באקאנט מיט אט דער וואטע אין די אויערען, מיט די קישענס אויפ'ן קאפ, מיט די שמערצען אין רוקען און אין ברוסט... טוט אייך וועה דער רוקען?

— יא... ניין... דאס הייסט...

— נו, אט האט איהר שוין איצט מורא צו זאגען, צי עס טוט אייך וועה אדער ניט, כדי איך זאל צוליעב דעם ניט דערקענען... אבער שעמט זיך ניט אזוי שטארק זאג איך אייך. וואס איז דא אזוינס? ווען איהר זאלט זיין קראנק פון טובערקוליאז, וואלט איהר דאך זיך ניט אזוי גערויטעלט? און נאך זאגט איהר, אז מיר אונ־מאראלישע, גיבען צו א גרויסע באדייטונג דעם געשלעכטליכען לע־בען. און אייך דארף מען נאר זאגען וואס ניט איז, און עס ווירקט אויף אייך אזוי, ווי מען וואלט אנגערירט דאס הייליגסטע פון אלע הייליגע. נו, רעדט פשוט, אהן קליפערלאך און קנייטשעלאך. יא?

— טאראס האט ווי עפעס א שלינג געטאן.

— יא... — האט ער אם ענדע שטיל, מיט אנגסט פון שאנדע צוגעגעבען.

— נו, עס פארשטעהט זיך... — האט רוהיג געזאגט מיראן. — אבער מאטערט זיך ניט אזוי. מען ליידט דערפון, וואס מען בא־טריגט די מאראל, און דערפון, וואס מען צושטערט דעם ארגאניזם ליידט מען ניט? „דער גוף..." איך וויים אפילו פון אזוינע, וואס זענען פון זינען אראפ פון געוויסענביסע און חרפה. נו, גענוג. אט

ניט בעסער א קוק אויף מיר. איך בין אמאל געווען אזוי ווי איהר, און איצט, ווי איהר זעהט, בין איך געזונט און לעב אהן האס צום לעבען. גיכער פארקערט. איהר קענט דאס אויך טאן. אבער פריהער פון אלעם דארף מען זיך היילען, פיזיש. פארשטעהט איהר?

— יא.

— אט. אבער... מען מוז אוועקווארפען. אונבאדינגט. אט דא וועט איהר מוזען בייקומען אייער מאראל. עס וועט אייך אויס־קומען געהן צו א פרוי. אינגאנצען ניט האבען קיין געשלעכטליכע פארהעלטנישע קענט איהר שוין באין אופן ניט. בשום אופן. אויב עס זאל אפילו ניט זיין קיין אמת'ע נויט, וועט זיך אייך אלץ אויס־דוכטען, אז עס איז מורא'דיג נויטיג, אז עס שטיקט אייך, עס דריקט אייך און אזוי ווייטער. פארשטעהט איהר. איך וויים דאס. און איהר וועט זיך ווידער נעהמען פאר'ן פריהערדיגען. אויב די נערוועז־סיסטעם איז אנגערירט אין א געוויסער ריכטונג, איז דער קלענסטער שטויס אין אט דער ריכטונג פעהיג צו צושטערען אלעס וואס איז דערגרייכט געווארען דורך היילען. מען טאר בשום אופן ניט! מען דארף געהן צו א פרוי. פארשטעהט איהר. ניט קארטשענדיג זיך פון שמערץ און חרפה, ניט מיט'ן חוצפה'דיגען באוואוסטזיין, אז דו באגעהסט א פארברעכען, נאר פשוט און באוואוסטזיניג, ווי מען געהט צו א דאקטאר. בעסער פון אלץ איז חתונה האבען. אבער דאס טוט זיך ניט אין צוויי וואכען. און אייך איז יעדער טאג טייער. דאס איז א פראבלעם. זיכער, דארף מען זיך היטען פון קראנקהייטען. לייענט איבער א פאר ביכלאך ווי זיך אויסצוהיטען. איהר דרעהט זיך ניט, און הערט בעסער. איהר האט ניט קיין אנדער אויסוועג: אדער פוילען, אדער דאס משגעים הויז און טויט — אדער א פרוי. ווילט איהר — גלויבט, ווילט איהר — גלויבט ניט. דאס איז דער עיקר. וועט איהר קענען אהן א פרוי, איז נאך בעסער. אבער איך גלויב ניט. דערנאך דארפט איר אריין ערגעץ אין א סאנאטאריום, לעבען רוהיג א שטיקעל צייט און איהר וועט זיין דער זעלבער לעבע־דיגער טרוימער, וואס פריהער. איהרט וועט וועלען שלאפען און אר־בייטען, איהר וועט ניט באמערקען קיין הינטלאך און וועט ליעב האבען מענשען. פארשטעהט איהר? קיין טראגעדיעס דארף מען

ניט מאכען. מען דארף ניט נאכטאן די ענטווישטע נשמות פון די „אדעליגע“, אט די אלע אנארכיסטישע מיסטיקער און נודניקעס; אט די גאנצע אונטערוואלקענדיגע גארנישדיגקייטען, זענען מעהרסטענס טיילס — קראנקע מיט אייער קראנקהייט. מען צושטערט די נער־ווען־סיסטעם און זיכער, פארוואנדעלט זיך די גאנצע וועלט אין איין טיורמע פאר איהם. ווער עס איז אליין בריית, דער קען זיך געפינען גענוג פלאץ אפילו אין א מייזענלאך. אט, היילען דארפט איהר זיך. איהר וועט זיך אויסהיילען, וועט איהר ארבייטען און וועט ניט דער־לאזען אליא׳ן צו קיין נארישקייטען...

ביי אליא׳ס נאמען האט טאראס איינגעבויגען דעם קאפ.

— ...און דאס מוז מען טאן, ווי נאר מעגליך, גיכער. איהר הערט, טאראס?

— איך קען גאר ניט, — האט פארצארענט געזאגט טאראס.

— זיך היילען... ממ!... קיסעלסקי ראט אויך זיך היילען... א דאנק... אבער וואס פאר א שווארץ יאהר, וועט צאהלען פאר מיין היילען זיך? נו?

ער האט אויפגעהויבען דעם קאפ און בייז א קוק געטאן אויף מיראנ׳ען. יענער האט איהם פארשעהנד נאכגעפאלגט.

— מען דארף קריגען געלט... — האט רוהיג געזאגט מיראן.

— קריגען? וואו? בארא‌בעווען אימיצען?

— און אויב אפילו באראבעווען? — האט איינגעשטימט מיראן.

טאראס האט זיך פארוואונדערט איינגעקוקט אין זיין געזיכט.

— וואס קוקט איהר? איך רעד ערנסט. האט איהר דען אליין ניט געטראכט דערפון? א?

טאראס איז פלוצלינג, דיר ניט, מיר ניט, בייז געווארען.

— א, צום טייפעל! לאזט צורוה! דאס אלעס... וואו וואוינט אט דער נארישער אנארכיסט, איך וועל אליין צוגעהן צו איהם. גיט מיר א צעטעלע.

— גוט. אבערווארט אויס א ווייל. באמת טאראס, ווארום

באציהט איהר זיך אזוי צו דעם באראבעווען? נו, לאמיר זאגען, אפילו אט דעם זעלביגען הער קיסעלסקי? א?

— איהר... מיינט דאס ערענסט? — האט פלוצלינג, מיט עפּעס א מין פחד שטיל געפרעגט טאראס.

מיראן האט זיך נאך אויפמערקזאמער צוגעקוקט צו איהם. אין צימער איז געווארען פינסטערער, און מיראן האט זיך אפילו אביסעל אויסגעבויגען אויף פאראויס.

טאראס איז אויפגעשטאנען, ער האט לאנגזאם איבערגעפיהרט מיט'ן האנט איבער זיינע צושויבערטע האר, האט געמאכט צוויי שפאן אין א זייט, דערנאך האט ער זיך אומגעקערט און א קוק געטאן אויף מיראנ'ען.

— איך האב געטראכט... — האט ער שטיל און שעמעוודיג ארויסגעמורמעלט.

— זעצט זיך... — האט מיראן א פיהר געטאן מיט'ן האנט ארום זיך.

טאראס האט זיך געזעצט.

— נו? און וואס־זשע דענקט איהר?

— איך ווייס ניט... כ'וועל ניט קענען...

— פארוואס?

— שוין צו נידערטרעכטיג... ביי אימיצען אנדערש, ווייס איך ניט, אבער ביי זיי... אך, ווי נידערטרעכטיג!

— דענקט איהר אז עס איז זעהר נידעריג?

— אהן צווייפעל... — האט מיט עפּעס אזא צושטרייטען אומעט געזאגט טאראס. ער האט ווידער אנגעהויבען אריינפאלען אין זיין צוקראכענעם טעמפען צושטאנד.

— אבער, פארוואס־זשע, איז דאס נידעריג? — האט איינגע־עקשנט ווידערהאלט מיראן.

טאראס האט געשוויגען.

— איהר הערט, טאראס?

— יא, איך הער.

— נו?

טאראס האט זיך ניט גערירט. דערנאך האט ער זיך ווי מיט אמאל אויפגעשטעלט, ווי ער וואלט זיך דערשראקן פאר עפעס.

— ניין, ניין, ניין! — האט ער געשווינט מיט א דערשראקענער, צורייצטקייט גענומען רעדן. — דאס איז נארישקייטן! דאס ניט... נו, וואס רעדט איהר?!... פע, ווי עס קלאפט דאס הארץ? — דענקט איהר — פון געדאנקען? פון דער „נשמה“? עס הויבט זיך אפילו ניט אן. די נשמה האט דא גאר ניט צו טאן, נאר איך וועל דאס פשוט ניט טאן...

— אבער, פארוואס?

— נו, וואס רעדט איהר, ווירקליך?! ווי קען איך דאס טאן? אט, אויף מיין ווארט! גיט מיר א צעטעלע צום אנארכיסט... נו, ווי טוט מען דאס? נו, טראכט זיך נאר אריין! מען וועט דאך מיך אויס־שליסען פון דער פארטיי, מען וועט מיך...

— און אויב אליא וועט ווערען א פראסטיטוטקע און איהר וועט זיין אין א משוגענעם הויז, איז דאס בעסער?

— הערט זיך איין, — האט פלוצלינג מיט א גאנץ אנדער טאן, אזא מורא'דיג ערענסטען, און דערשראקען־פארהיטענדען, ארויסגע־רעדט טאראס, רעדט צו מיר מעהר ניט וועגען א משוגעים הויז... גוט?

מיראן האט פארשענד זיך איינגעקוקט אין איהם.

— גוט? איך וועל מעהר ניט, נאר איהר ענטפערט מיר: וואס איז בעסער?

טאראס האט א טראכט געטאן, אט ווי ער וואלט זיך וועלען דערמאנען, וואס מען דארף ענטפערען.

— וואס איז בעסער?... ממ!... בעסער... אלעס, איידער א נידערטרעכטיגקייט?

— דאס איז, אפשר, ריכטיג, אבער פארוואס איז דאס א נידער־טרעכטיגקייט.

טאראס האט ביין אפגעריסען די האנט פון שטערען און האט זיך אויסגעקערעוועט צו מיראנען:

— און ווארום טוט איהר דאס אליין ניט?

— איך דארף ניט.

— איהר דארפט ניט? זענט איהר רייך?

— ניין.

— נו, איז וואס־זשע? איז דען בעסער צו זיין ארים.

— פאר מיר, יא.

— ווארום?

— ווייל, זייענדיג רייך, וואלט איך ניט ארבייטען. עס וואלט געווען לאנגווייליג און איך וואלט געקרעכצט. דאס איז ניט אינ־טערעסאנט. נאר וואלט איך באדארפט, אט, אזוי ווי איהר דארפט, וואלט איך דאס געטאן... אבער איך וואלט קיינמאל ניט פארעכענט פאר קיין נידערטרעכטיגקייט דאס וואס כ'האב געטאן.

— איהר וואלט ניט גערעכענט?

— ניין. איך רעכען, אז פאר מיר איז דערין קיין נידערטרעכ־טיגקייט ניטא. ווען איהר, צום ביישפיעל, וואלט ביי א גנב צונעמען א בייטעלע, וואס ער האט אוועקגע'גנב'עט און א טייל דערפון וואלט איהר אוועקגעגעבען איינעם וואס געהט אוים פון נויט, וואלט דאס געווען א נידעריגקייט? יא?

טאראס האט געשוויגען.

— איך האב אויך אזוי געדענקט... — האט ער אם ענדע ארויס־געשעפטשעט. — אבער דאס איז — סאפיזם, דאס איז לאגיק, נאר טאן דאס... א... נאר, ווייסט איהר וואס, געננג דערפון, איך בעט אייך.

— ניין, ווארט. נאך איין פראגע... זאגט מיר, ווען איך האב אייך דאס פארגעשלאגען זענט איהר געווען איבערצייגט, אז איך קוק דע־רויף אליין ווי אויף א נידערטרעכטיגקייט?

טאראס האט זיך געקווענקעלט.

— יא... כ'האב געדענקט. נאר...

— ניין, ס'מאכט ניט אוים, עס מאכט ניט אוים... איך פרעג פשוט

פון נייגעריגקייט... זיצט רוהיג... אבער טראכט זיך אריין אין מיין פארשלאג. איך וועל קענען קריגען פאר אייך ארויסהעלפערס. נאר ווייסט איהר וואס. דערפיהרט דעם געדאנק פון גנבה ביז׳ן סוף, ד.ה. ווען דער געדאנק וועגען נידערטרעכטיגקייט וועט ביי אייך אויסקוקען גאר לעכערליך. אבער ביז דאן, אזוי לאנג ווי איהר אליין זעהט אין דעם א נידערטרעכטיגקייט, זאלט איהר דאס בשום אופן ניט טאן, אפילו, ווען עס וואלט אייך ווירקליך אויסגעקומען צו שטארבען. איהר הערט? ווייל דערנאך וועט אייך זיין זעהר שלעכט. דערמאנט זיך אין ראסקאלניקאוו׳ן ביי דאסטאיעווסקי׳ן. א מענש האט גע־וואגט צו טאן א פארברעכען, און דא טאקע מוז און טאר קיין פאר־ברעכען ניט זיין דערביי. איצט אט האט איהר אייך א צווייטען ביי־שפיעל. קוקט זיך איין אין אט דעם זעלביגען קיסעלסקין. ער האט זיך דאך געכטען אויפריכטיג באליידיגט, ער הייסט עס, דענקט אויפ־ריכטיג, אז זיין בארייסען די פויערים, איז א גערעכטע זאך, ער איז ערליך — צו זיך. אבער זאל זיך נאר אריינ׳גנב׳ענען דער מינדסטער צווייפעל, און גלייך וועלען זיך אנהויבען געוויסען־ליידען, ווי ביי סער־געי׳ען. סערגעי האט ניט געוואגט צו שרייען אויף מיר, ער איז זיך שוין פארנאנדערגעגאנגען מיט זיך: ער נעהמט די רענטע פון די פויערים, אבער ער איז שוין ניט איינגאנצען זיכער, אז דאס דארף אזוי זיין. ער גיט אויף דער פארטיי, ווי א סוחר, וואס האט זיך שוין שטארק פארפלאנטערט אין ליגען און אפנארעריי גיט אויף צדקה... זעהט איהר שוין, אז די גאנצע זאך איז אין זיך גופה... אז ארבייטער דארף זיך איצט פארזיכטיגער צוהערען צו די לידער פון פאלשטענדיגער גערעכטיגקייט און מאראל. דער ארבייטער דארף זיך מעהרער צוהערען צו זיך. האט ניט קיין מורא, די קיסעלסקים וועלען אייך, געווים, פארדאמען, אבער דער וואס געפינט זיך אין אייערע באדינגונגען, יענער וועט ניט פאראורטיילען און וועט אייך פון זיך ניט פארטרייבען... און וועט אנעמען אייער מאראל. בלויז געגען זיך געהט ניט, אבער אויף אט די אלע קיסעלסקים שפייט. טראכט זיך אריין, נאר זיכער... אליא האלט זיך קוים... א?

מיראן האט אפילו נאהענט אריינגעקוקט אין פנים דעם אומבא־וועגליכען טאראס׳ן. יענער האט מאדנע אויף איהם א קוק געטאן.

ער האָט זיך אויפגעהויבען און אָנגעטאָן די היטעל. דערנאָך האָט ער זיך פּלוצלינג איינגעבויגען און שטיל געפרעגט:

— און די נשמה?

— וואָס, „נשמה"?

— און די נשמה, די אייגענע נשמה, וואָס וועט זי זאָגען?

— זי איז דאָך דאָ, אָדער נים? אַ?

— יאָ, אָבער צו וואָס דאַרפט איהר זי?

— אַט דאָס איז עס דאָך! האָט מיט עפּעס אַ בייזען טרי־אומף זיך אַפּגעבויגען טאַראַס און איז שווייגענדיג אוועק צו דער טיר.

— וואַרט נאָר צו, איהר וואונדערבאַרער מענש איינער! — האָט זיך מיראָן אויפגעהויבען נאָך איהם. מען טאָר ניט אַזוי. מען דאַרף עפּעס טאָן.

טאַראַס האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים שוועל. זיין געזיכט האָט זיך אומקלאָר געוויזען אין דעם טונקעלען גלייכוויינקעל פון טיר. ער האָט געשוויגען אַ ווײַלע.

— איך וועל זיך באַטראַכטען... — האָט ער שטיל, און פאַר־טראַכט אויסגערעדט. דעם געדאַנק צום געפיהל... ממ!... דאָס אַלעס דאַרף מען... יאָ... זעהר, אַזוי צו זאָגען... דאַן וועט אַלעס באַשלאָסען ווערען... און קיסעלסקין...

— וואוהין געהט איהר איצט? — האָט שוין אַביסעל באַאומ־רוהיגט זיך צוקוקענדיג צו טאַראַס'ן איהם אונטערבראָכען מיראָן. — אפשער זאָל איך אייך באַגלייטען?

טאַראַס האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

— איהר דענקט אַז איך געה שוין פון זינען אַראָפּ? — טאַראַס האָט זיך פּלוצלינג הויך און בייז צולאַכט — כאַ־כאַ־כאַ! און וואָס אויב איך האָב די גאַנצע צייט געשפּיעלט פאַר אייך אַ נאַר, כדי אייך אויספּרואוון? אַ? סיי דער געשפּרעך וועגען ד'ער קראַנקהייט, סיי... אַלעס. אויב איך האָב אויסגעטראַכט אַלעס וועגען מיינע צושטאַנ־דען? און איהר האָט שוין טאַקע געגלויבט, און זענט שוין געוואָרען מיין פריינד? איך, כלומרשט פאַרפּוטערט, כאַ־כאַ־כאַ! איהר האָט אַ טעות.

— אזוי איז נאך בעסער, — האט געזאגט מיראן, צוקומענדיג נעהענטער און זיך איינקוקענדיג.

— נו, צום ווידערזעהן, אויב אזוי! — האט בייז און שפּאטיש אויסגעשריען טאראס און איז געשווינט ארויסגעגאנגען.

מיראן איז לאנגזאם צוגעגאנגען צום פענסטער. די ווינקלען פון זיינע אויגען און ליפּען האבען קוים באמערקבאר אומעטיג־שפּאטיש געשמייכעלט.

אויפ'ן גאס האבען זיך אנגעצונדען די לאמטערנעס.



# VIII.

אויף מארגען זענען טאראס מיט דארא'ן ווידער געקומען צו מי־ראנען. נאר זיי האבען נים לאנג ביי איהם פארבראכט. טאראס האט גענומען דעם אנארכיסטס אדרעס מיט א צעטעלע צו איהם, און דארא האט איהם אומגעקערט דאס ביכעל, וועגען וועלכען זי האט גאר נים געזאגט און האט זיך גלייך געזעגענט. פון שוועל בלויז האט זי זיך איינגעקערעוועט צו מיראנען און האט טרוקען, כמעט מיט האס, געזאגט:

— אייער שוועסטערס אדרעס דארף איך נים. איהר הערט?

— גוט... — האט גלייכגילטיג געענטפערט מיראן, וועלכער האט זיי אויפגענומען עפעס אזוי מיעד און אומאויפמערקזאם, אפילו נאכ־לעסיג.

נים דערווארטענדיג זיך אויף זייער אוועק געהן, האט ער זיך צו־ריק אוועקגעזעצט צו זיינע צייכנונגען.

נאכדעם איז טאראס פארשוואונדען אויף עטליכע טעג. קיינער האט נים געוואוסט וואו ער איז. איבריגענס האבען די קיסעלסקים זיך נים איבעריג באומריהיגט וועגען איהם, — זיי האבען געהאט זייערע אייגענע צרות. אט די זארגען האבען מיט א דיקען צודעק פארדעקט אלע קלאנגען אין הויז. מען האט נים געזונגען, מען האט נים געשפילט. גערעדט האט מען שטיל, אט ווי מען וואלט מורא הא־בען אימיצען אויפוועקען.

ווערא איז גאנצענע טעג געלעגען, קוקענדיג אין סטעליע מיט הייסע אנגעשטרענגטע אויגען. אין אווענט פלעגט זי ערגעץ אוועק־געהן מיט פיאטער'ן און זיך אומקערען שפעט. פיאטר זעגענענדיג זיך מיט איהר האט מאדנע געשמייכעלט, ווערא האט נים געקוקט

אויף איהם, נאר שמערצליך געכמורעט די ברעמען און די נערוועזע שטראמעלאך זענען דראהענד אראפגעפאלען צו די ליפען און זיי גע־צופט. אויף מארגען האט זי אויסגעזעהן צובראכען, און די אויגען האבען אויסגעדריקט בענקשאפט. אין אווענט פלעגט ווערא ווידער אריינקומען אין עפעס א מין פארשיים־בייזע אויפרעגונג, און פלעגט ווארטען אויף פיאטר׳ן. פיאטר פלעגט קומען און זיי פלעגען אוועק־געהן. קאטערינא אנדרעיעוונא האט מען געזאגט, אז מען נעהט פאר פארטיי אנגעלעגענהייטען. און ווירקליך בייטאג פלעגט אפט קומען צולייפען צו ווערא׳ן קאסטיא און עצה׳נען זיך מיט איהר מכח דעם סטרייק. צומאל פלעגט ווערא ארויסגעהן מיט איהם.

קאטערינא אנדרעיעוונא איז געווען אומצופרידען מיט וועראן. אבער זי איז ניט צוגעשטאנען צו איהר מיט קיינע פראגען און מיט די שטענדיגע קריגערייען. צומאל פלעגט זי פארבייגעהענדיג ביי מי־טאג באמערקען, אז אויב ווערא זאל זיך איצט אריינזעצען אין טיור־מע, וואלט דאס זיין פאר איהר א טויט אורטייל. ווערא האט שוויי־גענדיג מיט פאראכטונג פארדריקט די ליפען. מעהר פלעגט קאטע־רינא אנדרעיעוונא גאר ניט זאגען, בלויז אין די אווענטען פלעגט זי זעהר לאנג שמועס׳ן מיט סעמיאן וואסילעוויטש׳ן. יענער האט ווי געוועהנליך שפאטיש געשמייכעלט און פלעגט שנעלער אוועקפאהרען אין קלאב. עס האט זיך געדוכט, אז ער ווייסט עטוואס זעהר וויכ־טיגעס, און באהאלט עס בלויז ביז א געוויסער צייט. אבער קאטערי־נא אנדרעיעוונא האט זיך שוין צוגעוועהנט צו אט דעם שפאטישען שמייכעל און ער פלעגט זי נאר צורייצען. נאך די געשפרעכען מיט איהם פלעגט זי ווערען נאך מעהר צודרעהט און צושרויפט. איבעראל, אין אלע ווינקעלאך פון די דיוואנען און שטולען האבען זיך געוואל־גערט איהרע נאז־טיכלאך, אנגעהויבענע ביכער, וועלכע זי פלעגט זו־כען מיט פארדרוס, די קאפ איז אפטער געווען צוגעבונדען מיט א נאסען טיכעל איינגעטונקען אין עסיק, און זי איז כמעט אלע טאג געפאהרען צום דאקטאר.

דארא און סערגעי זענען כמעט ניט ארויסגעגאנגען פון זייערע צימערן. ווען אימיצער פלעגט אריינגעהן צו זיי האט מען זיי אימער געטראפען ביי א בוך. אבער, איז מען נאר ארויסגעגאנגען, האט

דאַרא אַפּגערוקט דעם בוך, און צוזאַמענלייגענדיג די הענט אויפ'ן ברוסט געגומען אומגעהן איבערן צימער מיט אַנגעוואַלקענטע ברעמען. צומאָל פלעגט זי ענטשלאָסען און געשווינט געהן צו סערגעי'ען. סערגעי פלעגט זי באַגעגענען מיט א ליבליכען שמייכעל, זי גאַר ניט פרעגען און רעדען צו איהר פון דעם געוועהנליכען און ניט וויכטיגען. איבריגענס, האָט קיינער אין הויז קיין שום „פראַגען" ניט אויפגעהויבען. ווי אלע וואָלטען זיך שווייגענדיג צוזאַמענגערעדט וועגען דעם. דאַרא פלעגט זיך זעצען אויפ'ן דיוואַן, צורופען צו זיך סערגעי'ען, אוועקלייגען זיין קאָפּ צו זיך אויפ'ן ברוסט און איהם שטיל גלעטען איבער די האָר. אבער, זי פלעגט זיך כמעט יעדעס מאָל פאַרטראַכטען, און צומאָל אַזוי שטאַרק, אז זי פלעגט ניט באַמערקען ווי סערגעי פלעגט באַפרייען זיין קאָפּ און מיט אן אומעטיגען שפּאָטישען שמייכעל אויפשטעהן און זיך אוועקזעצען ביים טיש.

דערפאַר האָט טאַראַס' אומערוואַרטעטער קומען אַלעמען אויפגעלעבט. מען האָט מיט אומרוהיגקייט גענומען איהם אויספרעגען, און זיך עסקן מיט איהם. נאַר טאַראַס האָט אויף אלע אַנפראַגען געענטפערט מיט אן אומקלאַרען געמורמעל, פון וועלכען מען האָט בלויז געקענט פארשטעהן, אז איהם ווילט זיך ניט געבען קיינע ערקלערונגען. אין זיין פנים בלויז האָט זיך באַוויזען עפּעס נייעס. עפּעס א מין שפּאָט, א מין סקעפּטיש־באַאָבאַכטענדער בליק. ער האָט גערעדט ווייניג, אַבער שוין ניט אוים שעמעוודיגקייט, נאַר צוליעב עפּעס א גאַנץ אנדער אורזאַכע. צומאָל פלעגט ער ארויסנעמען זיין נאָטיץ־ביכעל און אויף שנעל עפּעס אריינשרייבען. איינמאָל, ווען דאַרא און ווערא האַבען אומערוואַרטעט היים גענומען דעבאַטירען וועגען סטרייק, האָט טאַראַס, אונטערלאַכענדיג עפּעס פארשריבען. דאַרא איז דערנאָך צוגעשטאַנען צו איהם, זי האָט ארויסגעשלעפּט דאָס ביכעל און איבערגעלייענט: „ווערא". „מיר מוזען באַווייזען. אז מ'יר זענען ניט צוגעדריקט". „זיך. וועגען זיך אליין וויל זי דערווייזען. צוליעב וואָס?" דאַרא האָט שווייגענדיג א לאַך געטאָן און האָט אומגעקערט דאָס ביכעל.

צומאָל פלעגט ער אין דער צייט פון מיטאָג אויך עפּעס פארשרייבען. מען האָט איהם שוין אויפגעהערט צו שענקען אויפמערק־

זאמקייט. אפט פלעגט אימיצער כאפען אויף זיך זיין בליק, אזא נייר־גערינגען און באאבאכטענדען, אַז ווי ער וואלט געזעהן די פערזאָן צום ערשטען מאָל.

ער פלעגט זיך ווייזען אין קיך, און פארפיהרען רעליגיעזע געשפרעכען מיט דער קעכין הארפענא, איינגעסענדיג זיך אין איהר, דערביי, מיט אויפמערקזאמע לויפענדע אויגען.

— נו, און אויב א מענש, וועט מיט עפעס באליידיגען גאט, טא וואס איז ער?... פלעגט ער פלוצלינג פארגעבען א פראגע. הארפענא, א דיקע, א רוהיג־גוטמוטיגע, ווי אן אקס, האט זעהר גערן געענטפערט:

— נו, פארשטעהט זיך. ער וועט זיך דערצאָרנען... זאָל מען אייך באליידיגען, וועט איהר אויך אין כעס ווערען... נו, געוויס, זאָל גאט אויסהיטען, אז א מענש זאָל דערלעבען דערצו... אבער מען מוז דאך זאגען, אז באליידיגונגען זענען אויך דא אלערליי. זעהט איהר, דער מענש אפט טראכט אפילו ניט, עס פאלט איהם ניט איין און דאך האט ער גאט באליידיגט. נו פארשטענדליך, אלץ הייסט א באליידיגונג...

— צום ביישפיל?

הארפענא, ניט געאיילט, וואשענדיג דאס געפעס, האט איהם אויך דאס ערקלערט, און דערביי ארויסגעוויזען די גרינדליכסטע און פינקטליכסטע באקאנטשאפט מיט אזוינע פראגען.

טאראס האט געהערט אויפמערקזאם.

— נו, ווי־זשע דולדעט גאט דאס בייז אויף דער ערד!

פלעגט ער פרעגען.

— ער דולדעט בלויז ביז א צייט... און ווען זיין געדולד וועט פלאצען וועט... ער מעהר ניט דולדען...

— ריכטיג... אבער צו וואס דארף ער איצט דולדען?

— מען דארף, דולדעט ער... און פרעגען איז אויך ניט אונזער זאך...

— נו, און דאס וואס איהר, וואשט אויף דער עלטער פרעמדע געפעס, וואס אייער זון האט מען דער׳הרג׳עט, און וואס איהר קרענקט, — דאס אלעס דארף אויך אזוי זיין?

— געווים, אז גאט גיט טאר מען קיין טענות ניט האבען... וועסטו טענות האבען וועט נאך ערגער זיין...

טאראס האט ארויסגענומען דאס נאטיץ־ביכעל און פארשריבען: „הארפענא האט היינט געזאגט, אזוי ווי אלע פארגיפנאטיזירטע, אז „אזוי דארף זיין“. פאלשטענדיגע אבוועזענהייט פון קריטיק און אנא־ליז. מארגען דארף מען רעדען וועגען טויט.“ און ער האט געשמועסט וועגען טויט, וועגען דעם לעבען נאכ’ן טויט, גערעדט וועגען גן־עדן און גהנום. הארפענא איז געווען באקאנט מיט אט די זאכען ניט ווייניגער, ווי מיט דעם קיך געפעס. טאראס האט ווידער פארשריבען. הארפענא דענקענדיג, אז איהרע ווערטער „געהען ניט לעבד“, ווי זי האט זיך מודע געווען פאר אניסאן, האט איהם צו עטליכע מאל ווידער־האלט איהרע ווערטער, כדי ער זאל ריכטיגער פארשרייבען.

ער פלעגט געהן צו סערגעי’ען. אויך פריהער פלעגט ער אריינ־קומען צו סערגעי’ען זיך דורכשמועסען וועגען פארשיידענע אנגעלע־גענהייטען, נאר איצט פלעגט ער פרעגען בלויז וועגען סאציאליזם, וועגען גוף, וועגען דער נשמה, און וועגען גאט. פרעגענדיג, פלעגט ער באטראכטען סערגעי’ען, פונקט אזוי ווי ער האט באטראכט הארפע־נא’ן.

ביי סערגעיען אין צימער איז אימער געווען אויסערגעוועהנליך ריין, שטיל און אומעטיג, ווי אין א הייל פון א מאנאך, וואס שטעהט שוין ביים אונטערגאנג פון לעבען. די שטארען זענען אימער געווען ביז האלב אראפגעלאזען, און די באלייכטונג אין זיין צימער איז גע־ווען א גלייכע און ניט העלע. איבעראל זענען געווען ביכער: אויפ’ן טיש, אויף די פאליצעס אין גרויסען שראנק און אפילו אויפ’ן דיל אין פינקטליך צוזאמענגעלייגטע קופקעס. דאס צימער האט געמאכט דעם איינדרוק פון אז אומגעהויערען ביכער שראנק אזוי, אז עס האבען זיך אפילו ניט געמערקט ניט דער פעלענער פוטער שטול, ניט דער טיש, ניט דער דיוואן.

סערגעי איז כמעט אין ערגעץ ניט ארויסגעגאנגען און האט אפט באגאסען דעם צימער מיט א מאדנע שמעקענדיגער פליסיגקייט. ער האט לייכט אונטערגעהוסט, אט ווי ער וואלט פראבירען צי האט זיך דארטען ניט אפגעריסען אין ברוסט עטוואס זעהר דינעס. גערעדט

האט ער שטענדיג געהענדיג און געגאנגען איז ער לאנגזאם, רעגעלמע־סיג, גלעטענדיג דערביי דאס געלע בערדעל.

טאראס פלעגט זיך געוועהנליך איינארדנען אין א ווינקעל פון די־וואן און הערען, אפט אריינשטעלענדיג ניט געשיקטע פראגען. צומאל פלעגט דארא קומען און זיך זעצען אין צווייטען ווינקעל פון דיוואן. ווען סערגעי פלעגט אמאל אין מיטען פון א וואסערן ניט איז מאַ־נאלאג זיך צופיל צוהיצען און אויפרעגען פלעגט זי איהם פלוצלינג צורופען צו זיך שווייגענדיג איהם פאריכטען די האר, אדער דעם שניפס און איהם אפלאזען. סערגעי האט מיט דאנקבארקייט געקוקט אויף איהר און האט שוין גערעדט רוהיגער.

די ביכער האבען זיך צוגעהערט צו סערגעי'ען, און שווייגענדיג איהם ערמוטיגט, דערפאר, וואס ער פארשטעהט זיי ריכטיג.

אזוי איז געוועזען אמאל. אבער איצט האט זיך עפעס אומגע־ביטען. אמת, אז די ביכער, שטארען, דאס באגיסען דאס צימער, און אפילו די ווייכע הויז־שיכלאך זענען געווען אויף זייער ארט, נאר די מענשען האבען זיך געענדערט. טאראס איז מעהר ניט געזעסען רוהיג. ער האט זיך די גאנצע צייט איינגעבויגען אויף פאראויס, אדער זיך אפגעווארפען אויפ'ן ווענטעל פון דיוואן. פראגען האט ער פארגעבען ניט מיט דער פריהערדיגער שעמעוודיגקייט און אומגעניט־קייט, נאר פאר'עקשנ'ט און שטארק; אין די ענטפערס האט ער זיך איינגעהערט מיט א פארשטארקטער און אפט אומגעדולדיגער אויפ־מערקזאמקייט. דערביי האט ער אונטערגעלאכט, אט ווי ער וואלט זיי באהאלטען פאר זיך און זיי אפגעלייגט צו אלע אנדערע ענט־פערס.

דארא, וועלכע פלעגט זיין דערביי האט זיך שטארק איינגעקוקט אין איהם, אבער ער פלעגט איהר ניט שענקען קיין שום אויפמערק־זאמקייט, און אפט זי אליין באטראכטען אזוי, ווי ער וואלט זי גע־זעהן צום ערשטען מאל.

סערגעי האט קיין זאך ניט באמערקט, און איז אלץ אזוי אומגע־גאנגען און גערעדט. בלויז די שטים זיינע איז געווארען נאך שטי־לער מיט טענער פון עפעס א געהארכזאמען טרויער און א פארטראכט־קייט. און רעדען פלעגט ער הויפטזעכליך פון אבסטראקטע זאכען.

ווענען אזוינע זאכען, וואס האבען ניט ווילענדיג געשאפען אן אומע־טיג זיסע שטימונג, מיט זייער דערווייטערטקייט פון לעבען און דער וועלט. אין דער פארשטעלונג האבען געשוועבט בילדער פון עפעס א מאדנער נאטור און לעבען, בילדער פון שטילע שטעדט מיט ווייסע אומעטיג־לעהרע ווענט, און טרויער פון א טאג, וואס ווערט פארלא־שען. סערגעי האט אין דער אמת'ן קיינמאל ניט גערעדט אפילו ווע־גען עטוואס ענליכעס דערצו, אבער זיינע רייד האבען, גאט ווייס פארוואס, אימער ארויסגערופען אזוינע געשטאלטען.

אמאל פלעגט זיך טאראס גערען אונטערגעבען דער קראפט פון זיינע רייד, אבער איצט פלעגט ער זיך אומגעדולדיג דרעהען און אפט אונטערברעכען סערגעיען מיט נייע פראגען.

— נו, און אויב איך גלויב ניט, אז עס וועט אמאל זיין שלום אויף דער ערד? — האט ער אמאל מיט אן עקשנות געפרעגט.

— יא, עס וועט זיין, — האט מיט א שטילער איבערצייגונג, א לאך געטאן סערגעי, אפילו ניט א קוק געבענדיג אויף טאראס'ן, אט ווי אימיצער, וועמען מען האט ניט געזעהן האט איהם געשטעלט די פראגע. עס מוז זיין, שוין אפילו בלויז צוליעב דעם, וואס מיר ווייסען פון איהם. שלום איז דא אין אונזער באוואוסטזיין, הייסט עס, אז ער עקזיסטירט שוין. און פון דעם באוואוסטזיין, וועט ער אין ערגעץ ניט אוועקגעהן, ווייל דעם מענשען איז גוט מיט איהם. א מענש קען ניט לעבען אהן קיין גלויבען. דאס ערהאבענע און הייליגע וועט אימער לעבען אין אונזער נשמה; די רעליגיע וועט אימער אונטער־שיידען דעם מענשען פון דער חיה. און וואס ווייטער, אלץ מעהרער וועט דער מענש לעבען מיט'ן גייסטיגען לעבען. די היינטיגע באדינ־גונגען, דער קאפיטאליזם מיט'ן אלעם איבעריגען, — זענען אין סאַ־ציאלען לעבען די זעלבע זאך, — וואס עס זענען אין דעם אינדיווי־דועלען, די ריין קערפערליכע פראצעסען. יא, אזוי אייגענטליך: מוז מען דאס צוערשט פארשטעהן, אום צו פארשטעהן די רעליגיע פון סאציאליזם. די רעליגיע און ניט די טעאריע. די רעליגיע כאפט ארום דעם מענשען אינגאנצען, סיי זיינע זיסע טרוימען וועגען וויי־טען, אומגעהייער דערווייטערטען און אומקלארען, סיי זיינע סאמע נאהענטסטע באדערפעבישען. אין דער נשמה געהט דורך ווי א

וואונדערליכע קייט דער גרויסארטיגער ריזיגער בונד פון ערשייגונגען. דאס באגאייסטערט, דאס ברייננט אריין א טיעפען שלום, דאס ערקלערט אויך דאס בייזע רעטעניש פארוואס עס פארשווינדען דורות. ניין, די רעליגיע קען ניט שטארבען, זי איז אייביג. איצט קומט א נייע פארמא איהרע, א מעהר ליכטיגערע, שעהנערע און בעסערע, ווי אלע אנדערע, — די רעליגיע פון סאציאליזם.

— ווער־זשע איז איהר גאט, — האט טאראס בייז געלאכט.

— גאט — דאס אלוועלטליכע לעבען. דער גרויסער פראצעס, דער גרויסער בונד אין וועלכען יעדער עקזיסטענץ איז נויטווענדיג.

— אפילו פון די זשאנדארמען?

— יא, אפילו פון די זשאנדארמען.

טאראס האט א קריינקליך שפאטישען שמייכעל געטאן און האט א קוק געטאן אויף דארא'ן. נאר דארא איז געזעסען גלייך, אנשפארענדיג דעם קאפ אין ווענטעל פון דיוואן, ווי ביי א פאטאגראפער. זי האט געקוקט פאר זיך מיט א דערצארענטען פארטראכטען בליק. מעגליך, אז זי האט גאר ניט געהערט.

— נאך וואס־זשע קעמפפען מיר מיט זיי, אויב אזוי?

טאראס האט צוגעלייגט די האנט צום שטערען.

— נאך וואס מיר קעמפען? דערפאר, וואס דאס — איז דער פראצעס, די באוועגונג, דערפאר וואס אין דער באוועגונג איז גאט, און באוועגונג איז קאמף. מיר באוועגען זיך, מיר באוועגען זיך אין דער טיעף פון פראצעס. אט פארוואס יעדע שטרעבונג צו נידעריגע אינסטינקטען רופט ארויס א געפיהל פון עקעל... דאס איז א שפאן צוריק, נידעריגער...

— ממ! — האט א לאך געטאן טאראס, דערמיט ערקלערט איהר אויך דעם עקעל פון אייניגע מענשען... צו דעם געשלעכטליכען לעבען, למשל?

— אהן צווייפעל! — האט סערגעי געשאקעלט מיט'ן קאפ, מיט דער זעלבער שטילער איבערצייגונג. — ארגאניזאציעס, וואס באשעפטיגען זיך מיט א העכערען גייסטיגען לעבען טראגען ניט אריבער קיין גראבקייטען און נידעריגקייטען. זיי זענען ווי אייניגע פלאנצען...

נאר טאראס האט ניט געהערט. ער האט ארויסגענומען דאס נאטיץ ביכעל און געשווינד פארשריבען: „אומבאדינגט דערמאנען. סערגעי: דערפאר איז פאראן אן עקעל צום געשלעכטליכען, ווייל מען איז זעהר גייסטיג. דער געשפרעך מיט דאראן, וואס כ'אב אונטערגעהערט איז אויך א זעלבסט־היפנאז.“

דארא האט איהם פון ווייטענס נאכגעפאלגט און סערגעי איז אלץ אומגעגאנגען און גערעדט:

...א נאיווע ערקלערונג. קיין אטעאיסטען זענען ניטא צווישען נארמאלע מענשען, ווי עס זענען ניטא קיין מענשען, וואס זאלען שטרעבען אריינברייגען פארשיעדענע סאמען אין ארגאניזם אנשטאט געזונטער שפייז. דער געוויסען איז ניט קיין אויסגעטראכטע זאך, נאר אן אינערליכער אינסטינקט פון רעליגיע. חוב איז דער געוויסען פון געזעלשאפטליכקייט.

— „אזוי דארף מען“ — האט זיך פלוצלינג צולאכט טאראס מיט א פארשטיקטען און בייזען געלעכטער און האט זיך אויפגעהויבען. — הארפענא זאגט אויך, אז אזוי דארף מען. און אויב איך וועל זאגען, אז „מען דארף ניט“, טא וואוהין וועט זיך אהינטאן אייער גאנצע רעליגיע? אך, איבעראל איז דאס... צום ווידערזעהן!

און אין דעם זעלבען טאג איז טאראס ווידער פארשוואונדען און האט זיך ניט באוויזען ביי די קיסעלסקי'ס עטליכע טעג. מען האט איהם זעלטען באגעגענט אין גאס. ווערא האט איהם געטראפען נעבען אוניווערזיטעט. ער איז געשטאנען דעם קאפ פארריסען און באטראכט די געביידע מיט זיין מאדנע־שפאטישען שמייכעל. ער האט עפעס אויף שנעל פארשריבען. דערזעהענדיג ווערא'ן איז ער פלוצלינג אינגאנצען בלאס געווארען, זיך פארלארען, און אפילו ניט גריסענדיג זיך, איז ער אנטלאפען אין א זייט.

מען האט איהם עטליכע מאל געזעהן ביי די פענסטער פון קרומען, אלץ מיט די זעלבע מורא'דיג פינקעלדיגע, ווי פריש אפגעלאקירטע אויגען און מאדנעם סארקאסטישען שמייכעל, וואס האט אנגעווארפען א פחד.

אין דער היים איז ער פאר דער גאנצער צייט געווען אינגאנצען צוויי מאל. אליא, וועלכע האט, איין גאט ווייס פארוואס, אנגעהויבען אריינגעהן צו דארא'ן, האט דערצעהלט, אז טאראס האט מיט זיין

יעדען קומען אלעמען געשראקען. ער איז פריהער געווען אי פאר־פינסטערט, אי גראב, אי צורייצט, נאר עס איז געווען קענטיג, אז דאס אלעס קומט ביי איהם פון דער קראנקהייט און שווערע אומשטענ־דען, און איצט ווייסט פשוט קיינער ניט וואס איבערצוטראכטען. מיט דער מוטער רעדט ער וועגען גאט אין א באליידיגענדען טאן, לאכט און זידעלט זיך: דעם טאטען פארזיכערט ער, אז יענער דארף זיך בלויז פארהיפנאטיזירען מיט די קריסטליכע גוטע מדות און זיין פאראליזירונג וועט ניט ווערען. צו איהר, אליא'ן, איז ערביידע מאל צוגעשטאנען מיט פארשלאגע זי איינשלעפערען, און איהר איינרעדען, אז עסען און טרינקען דארף מען גאר ניט, אז דער עיקר איז דער גייסט און דערפאר וועט איהר זיין לייכט צו טאן יעדער קערפערליכע מיאוס־קייט. אין זיין לעצטען באזוך האט ער פלוצלינג ערקלערט, אז אין גיכען וועט זיין געדאנק דערגעהן צום געפיהל און אלץ וועט גוט זיין. עס וועלען זיין אי געלט, אי געזונט. ניט קוקענדיג דערויף, וואס אויף אלע אנפראגען וועגען זיין געזונט לאכט ער זיך אויס און פארזיכערט, אז פון זינען, אדער, ווי ער דריקט זיך אויס, דער נשמה, איז ער נאך ניט אראפ.

זעהר מאדנע!

און אליא האט פלינק אויסגעווישט די אויגען, וואס האבען זיך אנגעגאסען מיט טרערען.

צו דער זעלבער צייט, זענען די פארבארייטונגען צום סטרייק געמאכט געווארען, עפעס אזוי ארדנונגסלאז, נאכלעסיג, נערוועז. נאטאליא, וועלכע האט ווידער אנגעהויבען אריינגעהן צו מיראנ'ען, האט דערצעהלט, אז אלעס געהט אזוי, ווי מען וואלט אויף זיך גענו־מען א לאנגווייליגען און נוצלאזען פליכט. מען האט געזאמעלט געלט, אבער קיינער האט ניט געוואוסט ביי וועמען איז די קאסע. מען האט ארויסגעלאזען פראקלאמאציעס, און קיין אייגציגער אגיטאטאר האט זיי ניט געזעהן. יאנ'ען האט קיינער ניט געקענט כאפען. ער לויפט אום ערגעץ נאך זיינע רעפארטישע נייעס פאר דער צייטונג. ריסעצקי איז אוועקגעפארען צו זיך אין גוט אום ארויסצוקריגען א בלאגאנא־דיעזשנאסט כדי אריינטרעטען אין אוניווערזיטעט. נאר ווי ווערא זאגט עס איז גענוג פאר נאטשאלסטווע בלויז א קוק טאן אויף איהם און זי וועט זיך באלד איבערציינגען אין זיין פאלשטענדיגער בלאגאנא־

דיעזשנאסט אין אלע הינזיכטען. אומאָרדנונג, אומאויפריכטיגקייט און אינערציע! מען שמועסט וועגען ווידערגעבורט, און אליין איז מען מתים; מען גאלוואַניזירט זיך מיט אַט די פראַזען וועגען ווידערגעבורט. ווערא טומעלט זיך, לויפט אום, די אויגען ברענען באַ איהר, און אלץ אָהן אַ טאָלק. ווער עס טוט יאָ וואָס ניט איז, — איז דאָס קאָסטיאַ, זשעניאַ און עטליכע אַגיטאַטאָרס פון די ארבייטער. זי, נאַטאַליאַ, האָט זיך געוואָרפען העלפען, אָבער איצט זעהט זי איין, אַז עס איז אַ סך בעסער שטעהן פון וויטענס און ניט צוגעבען קיין אומאָרדנונג. צו אַלע גליקען, האָט זיך דאָרט אײַנגאַנצען אָפּגעזאָגט צו נעהמען אַן אַנטייל אין דער זאַך, און פיעלע ארבייטער צווייפלען אין דער נויטווענדיגקייט פון סטרייק. קיט גרייסט זיך און קאָרטשעט פון זיך אַ גענעראַל. און דאָס פּאַרדריסט און רייצט. מיט איין וואָרט עס פיהלט זיך עטוואָס געמאַכטעס און ניט נאָרמאַלעס אין דער גאַנצער ארבייט.

מיראָן האָט שווייגענדיג געהערט און באַטראַכט נאַטאַליאַ'ן. אומערוואַרטעט האָט ער זי אָנגענומען פאַר אַ האַנט. נאַטאַליאַ איז גלייך אנשווייגען געוואָרען אַט ווי איהרע געדאַנקען וואָלטען זיך אָנגעשטויסען אויף אַ וואַנט.

דערנאָך האָט זי געשווינד ארויסגעריסען די האַנט און פאַרטגעזעצט. און ווידער האָט מיראָן געהערט, דערנאָך, אונטערלאַכענדיג, גענומען די האַנט און זי שטאַרק געדריקט. נאַטאַליאַ איז ווידער אײַנגאַנצען בלאַס און פאַרשטומט געוואָרען.

מיראָן, הערט אויף, האָט זי איינמאַל, ניט קוקענדיג אויף איהם, טויב געזאָגט.

— פאַרוואָס?

— איהר ווייסט אליין. איהר זענט צו אָנשטענדיג. אָניט וועל איך שוין מעהר צו אייך קיינמאַל ניט קומען.

— שוין־זשע?

— איהר וועט זעהן.

מיראָן האָט פאַרטגעזעצט זיינס און זי איז ווידער געקומען. צומאָל פלעגט זי איהם אוועקפיהרען צו זיך און זינגען פאַר איהם.

ער איז געלעגען אויפ'ן סאָפע, געראויכערט און מיט דעם זעלבען

ספּאַטישען שמייכעל געקוקט אויף איהר פּולען פּאַנאַנדערגעטיילטען אין צווייען רוקען. און ווען זי פלעגט זיך צוזעצען צו איהם, האָט ער זי שטאַרק ארומגענומען, זי צוגעצויגען צו זיך און איהר אריינגעראַמט אומפאַרשעמטע ליידענשאַפטליכע ווערטער. נאַטאַליא פלעגט זיך שוויינענדיג ארויסרייסען, די אויגען איהרע פלעגען ווערען מאַכטלאָז, און די בלאַסע באַקען פלעגען זיך פאַרויטלען. מיראָן, שווער אָטע־מנדיג האָט זי באַאָבאַכטעט. מעהרסטענס פלעגען זיי גאָר ניט רעדען, אַט ווי זיי וואָלטען צווישען זיך אפּגערעדט צו פיהרען די שפּיל שוויי־גענדיג.

צומאָל, פלעגט זיך מיראָן פּלוצלינג אויפהויבען זיך אַנטאָן און, ניט רעדענדיג אַ וואָרט, אוועקגעהן. נאַטאַליא פלעגט איהם באַגליי־טען מיט אַ זוכענדיג פרעגענדיגען בליק, אָדער ווי אימער גאָר ניט זאָגען.

וועגען דאָרא'ן האָט מען אויך קיינמאָל ניט גערעדט. באַזונדערס נאָכדעם, ווי ער האָט איינמאָל האַרט און טרוקען געזאָגט, אַז די גע־שפּרעכען וועגען איהר האָבען איהם דערעסען, און ער באַטראַכט זיי פאַר אומבאַגרינדעט.

אין סטרייק האָט מיראָן קיין איינטייל ניט גענומען, נאָר ער פלעגט אָפט געהן צו פיאָדאָרען. עס איז געווען נאָך איין זונטאָגדיגע פאַרזאַמלונג, וואָס האָט זיך ניט איינגעגעבען, ווייל אַלע זענען געווען פאַרנומען מיט'ן סטרייק. און אויסער דעם האָט מען באַשלאָסען זיך מעהר ניט פאַרזאַמלען ביז וואַנען עס וועט ניט קלאָר ווערען די פראַגע אויפ'ן זאַוואָד.

די פראַגע איז גיך קלאָר געוואָרען: די געזעלשאַפט האָט אונ־ערוואַרטעט פאַרמאַכט דעם זאַוואָד. עס האָבען זיך געטראָגען קלאַנ־גען, אַז זיי האָבען בלויז געוואַרט אויפ'ן סטרייק אום צו ליקווידירען זייערע פאַרפּלאָנטערטע געשעפטען. אַנדערע האָבען פאַרזיכערט, אַז דאָס איז געווען בלויז אַ טאַקטישער שריט פון דער געזעלשאַפט. אַלענ־פאַלס פאַר די סטרייקער אַליין איז דאָס ארויסגעקומען אומערוואַרטעט.

טאַראַס האָט זיך אומגעקערט פּונקט אין יענעם טאָג, ווען דער זאַוואָד איז פאַרמאַכט געוואָרען. ווען טאַראַס איז געקומען, איז ביי די קיסעלסקי'ס געזעסען קיט. די נאַכריכט האָט ניט געמאַכט אויף

איהם קיין שום איינדרוק. נאר גלייך נאך דעם, האט ער גענומען, אזוי מאדנע דורכדרינגענד אהן שום צערעמאָניעס, באטראכטען קיט'ן. זיין בליק איז געווען א הייסער, ניט קיין געזונטער. דאס געזיכט איז געווען געל־בלאס און האט געגלאנצט.

קיט האט זיך אנגעבמורעט, ווערא האט זיך פארוואונדערט, און דארא האט אן איינגעהאלטענעם שמייכעל געטאן. און טאראס האט איהם אלץ באטראכט מאדנע שמייכלענדיג.

— איהר זענט דאכט זיך זעהר צופרידען מיט'ן סטרייק? — האט ער קיט'ן אם ענדע געפרעגט?

— איהר זענט ניט געזונט, טאראס?

— איך? כא! זעהר געזונט. אבער איך פרעג אייך איהר זענט צופרידען מיט'ן סטרייק?

— זעהר צופרידען.

— עס דערנעהענטערט אייך צום סאציאליזם?

— יא... — האט א לאך געטאן קיט.

טאראס האט איהם אפגעמאסטען מיט די אויגען פון קאפ ביז די פיס, האט זיך אויסגעקערעוועט צו דארא'ן און, אנווייזענדיג אויף איהם מיט א שאקעל פון קאפ, געזאגט:

— ער און סאציאליזם... איהר געפינט עפעס א סך געמיינשאפט־ליכעס? קיט איז רויט געווארען, זיינע שעהנע אויסגעבויגענע ברעמען האבען זיך פארוואלקענט. ער האט מיט פארוואונדערונג געקוקט אויף טאראס'ן.

— טאראס, וואס איז מיט אייך, — האט מיט פארוואונדערונג אויסגעשריען ווערא.

טאראס האט ניט געענטפערט. ער האט זיך ווידער אויסגעקע־רעוועט צו קיט'ן:

— איהר וואונדערט זיך? דערצו, וואס איך וואג אייך, א גע־נעראל צו זאגען אזוינע זאכען, אדער איהר זענט, באמת, זיכער, אז איהר האט א וועלכע ניט איז שיכות צו סאציאליזם?

— טאראס! — האט זיך שטרענג צושריען ווערא. — געהט צו זיך, נאר שוין!

טאראס האט ווי גאר ניט געהערט. מיט א טיפען פארנאנדער־

געפלאקערטען האס, האט ער געקוקט אויף קיט'ן. יענער איז נאך מעהר רויט געווארען, נאר ער האט מיט פארוואונדערונג, פאראכטענ־דיג געשמייכעלט. טאראס האט זיך ווידער פלינק אויסגעקערעוועט צו דארא'ן.

— און אט דער מענש האט מיך געלערענט סאציאליזם! נו? ווי געפעלט דאס אייך? ער האט מיך גייסטיג פארדארבען.... אט דער גענעראל ... א? הערט איהר, איהר האט מיך געלערענט סאציאליזם. מ! דאס איז דאך, ווירקליך, א גרויל. בלויז איצט האב איך באנור־מען וואס פאר א גרויל דאס איז! דאס איז אלץ איינס, ווי צו דער־וויסען זיך וועגען ליעבע פון א פראסטיטוטקע. זי ליעב האבען פארגע־טערען, און, פלוצלינג געוואר ווערען, אז דאס איז א ציניש[ע] גלייכ־גילטיגע פראסטיטוטקע, וואס האט קיין שום שיכות ניט צו ליעבע, נאר פון...

— טאראס איהר זענט פון זינען אראפ, האט זיך דערשראקען צו־שריען ווערא.

— קיט ועלכער איז פון רויט, פלוצלינג בלאס געווארען, האט זיך אויפגעשטעלט. ווערא האט פארלארען געקוקט אט אויף טאראס'ן, אט אויף קיט'ן. דארא האט זיך מיט נאך מעהר אויפמערקזאמקייט ניט גערירט, — קענטיג, אז זי האט עפעס געוואוסט פון פריהער.

טאראס איז אנטשוויגען געווארען און מיט ערוואַרטונג זיך איינ־געגעסען מיט די אויגען אין קיט'ן. יענער האט זיך אפגעקערעוועט פון איהם און זיך געווענדעט צו ווערא'ן:

— איך וועל אריינגעהן אן אנדערשמאל.

טאראס'ן האט ווי אויפגעטרייסעלט פון כעס.

— אט! — האט ער זיך אויסגעדרעהט צו דארא'ן — און דאס זלעם! אט! זעהט איהר!... און ווירקליך, ער איז נאך דערצו א פייגלינג אויך, א נידערטרעכטיגער פייגלינג, ווייל ער ווייסט אז איך האב זיך דערוואוסט וועגען איהם אייניגעס, וואגט ער מיר גאר ניט צו זאגען. ער וואגט ניט! קוקט איהם נאר אן!

— מיט קיין וואנזיניגע און קראנקע קען איך ניט רעדען! — האט זיך ניט אויסקערעווענדיג טויב א זאג געטאן קיט, און דערלאנגט ווערא'ן די האנט.

— ניין, — עס געהט ניט! ! — האט זיך טאראס פלוצלינג איינגאנצען אנגעצונדען. — און איך וויל, אז איהר זאלט רעדען! ענט־פערט מיר גלייך, פון וואנענט האט איהר זיך דערוואוסט אז מיין שוועסטער האט באציהונגען מיט מיראנען?

— טאראס! — האט שוואך אויסגעשריען ווערא.

— ווערא! איהר מישט זיך ניט! ווייל איהר ווייסט גאר ניט. דאס איך מיין זאך. ענטפערט, איהר! פון וואנענט?

— איך האב קיינמאל אזוינע זאכען ניט גערעדט. האט זיך א בלאסער, מיט קאלטער זעלבסטווירדע, אויסגעקערעוועט צו איהם קיט. זיינע אויגען האבען געפינקעלט בייז און פארלארען.

— איהר לייגט! איהר האט מיר אליין געזאגט, אז עפעס ווייסט איהר, און האט מיט ענטריסטונג געזידעלט מיראנען, און גענומען אויף זיך איהם ארויסוואַרפען פון דער פארטיי. אליא'ן האט איהר אנגע־רופען ארימע. איז דאס ניט אזוי?

— ניין. איהר האט מיך ניט אזוי פארשטאנען.

— אט! ממ! אט אימער אזוי! נו, און אייערנעכטען וואס האט איהר דערצעהלט וועגען ווערא'ן און מיראנען? וואס? ענט־פערט! אך, איהר רכלות־טרייבער, מיאוסקייט! מיך האט איהר ניט באמערקט? אבער איך באמערק שוין אייך. איך ווייס אלעס, אלעס וועגען אייך, וועגען מיין גאט! איך, האב דאך אייך ליעב געהאט, פארשטעהט איהר דאס, ציניק!

טאראס האט זיך ווידער אויסגעדרעהט צו דארא'ן.

— און מיט וואס האט ער דאס אויסגענומען, זאגט מיר? וואס האט ער געטאן פאר דער ארגאניזאציע? ציניזם האב איך אנגענומען פאר רעאליזם, חוצפה—פאר געוואגטקייט, אומפארשעהמטקייט—פאר וויסען, פייגהייט — פאר קאנספיראציע. פארשטעהט איהר דאס? און אליץ א דאנק אט די וואנצען, אט דעם האלטען זיך, אט דער שטים. דער פארפליכטער קערפער, האט געשאפען פאר מיר א גאט!... כא... איך בין דאך אזוי יונג געווען... איהר הערט, גאט מיינער, איך בין יונג געווען... נו דערלאנגט מיר אין מארדע, אויב דאס איז ניט אמת! דערלאנגט! איך וועל דערפאר זיך אויף די קני פאר אייך שטעלען און קושען אט דעם זעלבען פויסט אייערען! נו?

קיט איז ענטשלאָסען צוגעגאַנגען צו דאַראַ'ן און איהר אויסגע־צווינגען די האַנט. דאַראַ האָט דורכדרינגענד געקוקט אין זיין בלאַסען פּנים, וואָס האָט געשמייכעלט מיט אַ ניט גוטען שמייכעל. זי האָט איהם דערלאַנגט די האַנט.

טאַראַס האָט זיך שטאַרק פאַרנאַנדערגעלאַכט.

—אָט! כאַ־כאַ־כאַ! אַך, איהר סאָציאַליסטען. לערער פון אמת! ער... לערענט... ער געהט איצט אום און לערענט, פּרעדיגט פאַר אַלע־מען עפּעס אַזוינע פּילען געגען שוואַנגערשאַפט.

...און שפּילט אויף ביליאַרד... דאָס איז — מיין גאָט! כאַ־כאַ־כאַ! פּרעדיגט מאָראַל, דונערט אויף מיראַנ'ען. מיראַן איז טאַקע אַן אַנשיקעניש, נאָר מיראַן איז אויפריכטיג. איהר הערט? ! און וואָס פאַר אַ שייכות האָט איהר צו מאָראַל? ער — אַ העלד, צוליעב דער רעוואָלוציע האָט ער אָוועקגעוואָרפען אַ ווייב מיט דריי קינדער, דאָס ווייב מיט די קינדער הונגערען און ער לערענט די פּאַרטיי מיידלאַך ווי צו באַנוצען פּילען און דונערט אויף דער פאַרדאָרבענהייט. דאָס איז ניט אמת? ניין? און ווער איז געלאָפען מיט זיין פאָטער צו קליינע מיידעלאַך? וואָס קוקט איהר? אפשר איז דאָס אויך ניט אמת וועט איהר זאָגען? און ווער האָט אַליין דערצעהלט וועגען דעם? ניט איהר? ווער האָט גערעדט וועגען זיין פאָטער אַזוי, מיט אַזאַ ציניזם, אַז די אויערען האָבען געברענט פון חרפּה? ניט איהר? און דאָס זענען די לערער פון סאָציאַליזם? אָט די מענשען קומען צו אונז מאַכען סטרייקס? זיי היילען עס פון זינד און פאַרדאָרבענ־הייט? אַ! ניין, איהר וואַרט נאָר! וואַ־ר־ט! איצט וועלען מיר אייך ציינען...

טאַראַס האָט שוין אינגאַנצען געציטערט, זיינע אויגען האָבען מוראדיג גיפינקעלט, און דער אַראָפּגעהאָנגענער שטערען האָט גע־בלאַנקט ווי פון פעטקייט.

אויפ'ן געשריי איז סערגעי אַרויס פון זיין צימער. באַמערקענדיג אַלעמענס אויסערגעוועהנליכע פּנים'ער האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און שטיל געפרעגט:

— וואָס קומט דאָ פאָר, מיינע הערען?

קיט האָט געדריקט מיט די פּלייצעס און אָנגעוויזען אויף טאַראַס'ן.

— הײלען דאַרף מען איהם.

טאַראַס דערזעהענדיג סערגעי'ען האָט גענומען שרײען:

— חבר סערגעי! קומט אַהער! אַט... איך בין ניט אײנשטימיג מיט סערגעי'ען, ביז די טיפסטע טיפענישען פון מײן נשמה בין איך ניט אײנשטימיג מיט איהם, נאָך מעהר איך באַטראַכט פאַר אַן אומ־גליק אַט די אַלע נשמות, מעטאַפיזיקער, אָבער צו סערגעי'ען באַציה איך זיך מיט אַכטונג! מיט טיפער אַכטונג! איהר הערט, סערגעי, איך רעספעקטיר אײך פון טיפען האַרצען, און אַט דעם הער... איהר הערט, סערגעי, אַט דער הער איז אויך צופרידען מיט'ן סטרײק, צוליעב דעם סאָציאַליזם... כאַ־כאַ־כאַ! איהר וואונדערט זיך! איצט האָט זיך איבעראַל אָנגעהויבען אַ צוריקקער צום ווידערגעבורט, און אַפילו ער איז אויך געגען פאַרדאַרבענהײט און צולאָזענקײט, און פּראָפּאַגאַנדירט קײקעלאַך! כאַ־כאַ־כאַ! האָט ער אײך פאַרגעשלאָגען? ער האָט זי־בער פאַרגעשלאָגען!

— וואָס איז דאָס! — האָט סערגעי ערשטוינט געקוקט אויף אַלעמען. קײן האָט גענומען מיט ענטריסטונג עפּעס רעדען צו איהם, דערבײ האָט ער גערדיקט מיט די פּלײצעס, אַרײנגעשטופּט דעם גאַרגעל אין ברוסט אַרײן, און צופירט מיט די הענט. נאָר סערגעי, האָט זיך, קענטיג, ניט באַזונדערס צוגעהערט צו איהם, און פרעגענדיג געקוקט אויף דאַראָ'ן. זי האָט בלויז אונטערגעשמײכעלט און געשוויי־גען. ווערא האָט זיך אינגאַנצען פאַרלאָרען און האָט שווײגענדיג גע־קוקט אויף אַלעמען.

טאַראַס האָט פאַרטגעזעצט מיט נאָך מעהר אויפרעגונג:

— וועגען וואָס רעדט ער, חבר סערגעי? וועגען קײקעלאַך, אָדער וועגען סאָציאַליזם? הערט מיכאַיל, גענעראַל קײט, זײט אַזוי גוט רעדט אָביסעלע העכער, איך וויל אויך וויסען, ווי זיך צו באַגעהן סײ מיט'ן סאָציאַליזם, סײ מיט די קײקעלאַך, כאַ־כאַ־כאַ! ער דערצעהלט זעהר גוט, באַזונדערס וועגען קײקעלאַך. מיט דעטאַלען, און מיט צניות'דיגע ווערטער... איך האָב געהערט... אַ, איך האָב איצט נאָך דער טיורמע געהערט וועגען אַ סך זאַכען.

— טאַראַס באַרוהיגט זיך... — איז צוגעגאַנגען צו איהם סערגעי.

טאראס איז פלוצלינג שרעקליך בייז געווארען.

— וואס רעדט איהר ?—! וואס שטעלט איהר זיך איין פאר איהם ? איהר ווייסט דאך אליין, אז דאס איז אן אנשיקעניש, איהר האט דאך אליין געזאגט, אז ער... וואס ? ניין ? ניט אמת אפשר ? איהר האט ניט געזאגט, אז אט דעם הער איז שווער צו רעספעקטירען ? אז ער איז פאראינטערעסירט מיט דער ראלע פון א גענעראל און דער סאציאליזם געהט איהם אן אזוי פיל, וויפיעל א הון דער נארד פאל, דאס איז ניט אייער אויסדרוק ? ניין ?

— טאראס, איך פארשטעה אייך ניט...

— ווארום ? ווארום פארשטעהט איהר ניט ? ווייל איך בין ניט אזוי, ווי איהר, ניט אזוי איידעל, און זאג איהם דעם אמת גלייך אין די אויגען ? אבער, דאס איז ווייניג פאר איהם, — איהם דארף מען שפייען אין פנים, ווייל, ווייל ער שמוצט אלעמען, ער האט מיין שוועסטער, אט די מיאוסקייט... טראגט זיך אפ פון דאנעט. אוועק נידערטרעכטיגער !

טאראס האט זיך מיט א ווילדען כעס געווארפען אויף קים'ן. קים האט אטאמאטיש אפגעטראטען אויף צוריק, נאר דארא האט געשווינד אנגעכאפט טאראס'ן און האט איהם אפגעהאלטען.

— לאזט מיך איך וועל איהם אנשפייען אין פנים. דעם אפגאט מיינעם... לאזט !

סערגעי, לייכט אונטערשטיפענדיג און בארוהענדיג קים'ן, האט צוביסלאך איהם ארויסגעפיהרט אין פארצימער...

טאראס'ן האט מען אוועקגעזעצט. זיינע הענט האבען געציטערט, שוים איז ארויסגעטראטען אויף די ליפען, ער האט געאטעמט שווער, אזוי ווי ער וואלט אין איין מינוט ארויפגעלאפען אויף א הויכען בארג.

— בארוהיגט זיך, טאראס, בארוהיגט זיך, טייערער, מען דארף ניט אזוי... — האט אן אויפגערעגטע גערעדט צו איהם דארא, דרי־קענדיג זיינע הענט.

ביי ווערא'ן זענען די אויגען געווען ברייט צועפענט פון שרעק :

זי האט ארומגעטאנצט ארום איהם, פארשלאגענדיג אט אביסעל וואַ־סער, אט אדעקאלאן, און אריינגעקוקט איהם אין פּנים.

אומקערענדיג זיך, האט סערגעי אומענטשלאסען זיך געווענדעט צו דארא׳ן:

— אבער וואס האט דא פּאסירט? ווארום?

דארא האט אונגערן גענומען איהם ערקלערען. נאר טאראס האט איהר גלייך איין אויפרעגונג איבערגעשלאגען:

— ניט ריכטיג! איך האב בלויז אנגעשפּיגען אויף איינעם פון מיינע אפּגעטער! אט... גענוג! זיי זענען אלע אזוינע, ווי אט דער. און אייך, ווערא, גלויב איך אויך ניט... איך גלויב ניט... ניט פאר׳ן סאציאליזם און אלערליי נשמות דארמען, מאכט איהר אט דעם סטרייק... איך ווייס. איך גלויב ניט. כ׳זעה פּארוואס... און אייך דארא... אלעס זעה איך און ווייס... גענוג. ליגען, אפּנארעריי, היפּ־נאז, נידערטרעכטיגקייט, דאס איז אלעס און מעהר גאר ניט! עס איז גאר ניט ניטא, קיינע סאציאליזמען, קאמוניזמען, אנארכיזמען, אלעס — איז ליגען, אפּנארעריי און מיאוסקייט! גענוג. לאזט מיך. ענטשולדיגט, וואס... נו, אלץ איינס. אייך, סערגעי, רעספּעקטיר איך. איך בין ניט איינפערשטאנען מיט אייך, אבער איך רעספּעקטיר אייך. עס איז לעכערליך, אבער אזוי פיהל איך. לאזט מיך. דענקט, אז דאס איז ענטוישונג... יא, האב אפשר, אליין באמערקט צוליעב דעם, וואס... מיין גוף. נאר דערפאר איז עס נאך ריכטיגער... הייסט עס, יא, דאס, הייסט עס, איז א ריכטיגער באוויז.

— טאראס, טאראס...

— ...און אט דער נידערטרעכטיגער... אך, ווי מיין קאפּ האט זיך צואווייטאגט! נו, דאס איז אלץ איינס... ער וועט איצט אומגעהן און וועט אלעמען דערצעהלען, אז איך בין פון זינען אראפּ. אזוי סאליד, מיט איבערצייגונג, ערענסט... זאל זיין. איך וועל, מעגליך, אראפּ פון זינען, — פון דער נשמה וועל איך אראפּ.

— טאראס, טייערער, גענוג!

— ...נאר איך בין נאך ניט אראפּ, ניין, נאך ניט. א, ניי־יין,

איהר וועט נאך צוּאוואַרטען... נאָך אַ סך... און איהר הערט מיך אויס, איך בעט אייך זעהר. איך וועל נאָך אפשר טאָן אַ מיאוסע זאַך, איך... איבריגענס, איך דענק, אַז דאָס איז ניט מיאוס, איך האָב דערפיהרט דעם געדאַנק ביז'ן סוף, און אליין, פאַרשטעהט איהר: אַליין, דענק איך שוין, אַז דאָס — איז ניט קיין נידעריגע זאַך. דאָס איז זעהר וויכטיג... אַ, דאָס... נאַר איהר וועט דענקען, אַז דאָס איז מיאוס... גו, טו איך דאָס פאַר אַליא'ן... איהר פאַרשטעהט? איך וויים, אַז מען דאַרף דערפון ניט רעדען, נאַר איהר זענט ערליכע און... איבריגענס, וויים איך נאָך ניט. — נאַר... ווייל אויב עס איז ניטאָ קיין נשמה, איז אַלעס, הייסט עס, לויטער גאַרניט, איין פאַרבלענדניש... וואַרט! איהר האָט געלייענט, אַז אויב מען זאָל אָוועקלייגען אַ הון אויפ'ן דיל און מיט קרייד דורכפיהרען אַ ליניע פון נאָז, וועט זי ליגען באַוועג־לאָז? אמת? דאָס איז אַ היפּנאָז. אָט איהר גלויבט ניט? וואָס קוקט איהר אויף מיר אַזוי מאָדנע? דאָס איז אַ פאַקט. אויב איהר ווילט, וועלען מיר פּרואווען. ווייסט איהר, אַז יעדען מענשען קען מען פאַרהיפּנאָטיזירען.

— טאַראַס, ליעבער, לייגט זיך צו!

— און ווייסט איהר, עס איז מורא'דיג לעבערליך, וואָס מיר זענען אַלע עהנליך צו אָט די הינער מיט די ליניען. אָט געהמט נאָר און טראַכט זיך אריין אויפמערקזאַם, זעהר אויפמערקזאַם אריין דעריין, און איהר וועט זעהן, אַז דאָס איז מורא'דיג לעבערליך. כאַ־כאַ־כאַ! אַלע — זענען הינער! איך וויים, אַז איהר גלויבט ניט און דענקט, אַז איך בין פון זינען אַראָפּ, אָבער דאָס איז ניט אמת! וואַרפט אַוועק אָט דעם געדאַנק, ווייל ער האָלט ניט אויס קיין קריטיק. איך זעה בלויז אַלעס. אַ, אַלעס, אַלעס. איך זעה אָט די גאַנצע ציוויליזאַציע אייערע, צוזאַמען מיט דער קולטור און אַלערליי מיסטיציזמען... איך זעה זיי, אָט ווי אויף דער דאַלאָני. איך האָב אויפגעהויבען דעם קאָפּ, פאַרשטעהט איהר... כע! מען האָט מיר דורכגעפיהרט ליניען: מיין מוטער — די גאָטהייט ליניע, אָט דער נידערטרעכטיגער — די סאָציאַליסטישע, און יענער — אַ דריטע, און איך האָב גאַר געגומען און האָב אויפגעהויבען דעם קאָפּ. כאַ.. כאַ.. כאַ! גע־נומען און אויפגעהויבען. און עס איז גאַרניט ניטאָ, און מען קען

אויפהויבען, און אַט די ליניען זענען גאַר גאָרניט: פּשוט קרייד, און מעהר ניט. אָבער אַנדערע ליגען און האָבען מורא...

— נו, טאַראַס, איהר דאַרפט זיך צולייגען! — האָט איהם דאַראַ ענטשלאָסען אַנגענומען פאַר'ן האַנט און גענומען אויפהויבען. — שטעהט אויף. גענוג. מען דאַרף זיך באַרוהיגען און ניטאַ צוליעב וואָס צו טאַראַראַמען, טאַראַ־באַרען.

— „טאַראַ־באַרען"... — האָט ווידערהאָלט טאַראַס מיט אַ קרענקליך־ליעבליכען שמייכעל. אַט אַדי ווערטערלאַך אייערע... אַזוינע פּשוטע... איהר, דאַראַ, זענט זעהר אַ קלוגע. נאָר איהר זענט אויך

— אַ הון. איהר האָט אויך מורא פאַר דער נשמה. אָבער דאָס איז בלויז קרייד. איהר וועט זעהן. נאָר איהר זענט די בעסטע.

— נו, גוט, גוט... שטעהט אויף, קומט...

— איהר, דאַראַ...

— סערגעי, העלף־זשע! ווערא.

סערגעי און ווערא האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן צו העלפען דאַראַ'ן. טאַראַס האָט זיך דערשראָקען.

— וואָס איז? אין וואָס האַנדעלט זיך דאָ, מיינע הערען? צייוואָס? צייוואָס? איך וועל אַליין... אויב מען דאַרף, וועל איך אַליין... אַט... קומט... איך בין איינשטימיג.

מען האָט איהם אַוועקגעפיהרט און געצוואונגען זיך לייגען. ער האָט זיך געהאַרכזאַם געלייגט און האָט אפילו די אויגען פאַרמאַכט. אָבער ער האָט זיי גלייך געעפענט און געזאָגט:

— דאַראַ, אויב אַזוי, טאָ גיט מיר וואַטע... איך קען ניט... עס איז אַזאַ טומעל... איבריגענס, זיצט, זיצט. איך האָב, איך האָב. אַט... כ'האָב פאַרגעסען. ביי מיר איז אימער דאָ וואַטע...

ער האָט אויפגעהויבען אונטער זיך אַ ווינקעל פון מאַטראַץ און האָט אַרויסגענומען אַ שטיק וואַטע. אַפּרייסענדיג פון דאָרטען צוויי שטיקלאַך, האָט ער זיי צוזאַמענגעדרעהט אין צוויי קייקעלאַך און פאַר־שטאָפּט מיט זיי די אויערען.

— איצט איז ניט אזוי טומעלדיג...

דאָרא האָט ניט ווילענדיג א שמייכעל געטאָן.

טאראַס האָט גלייך ארויסגענומען איין קייקעלע.

— וואָס האָט איהר געזאָגט?

— גאָר ניט... — האָט געענטפערט דאָרא.

— און איך האָב געדענקט... איהר האָט א שמייכעל געטאָן... איהר זענט א מורא'דיג וואוילע, דאָרא... אזא פאַרשטענדיגע... זענט איהר ניט בייז אויף מיר?

— ליגט און שלאָפט. אויב איהר וועט פלוידערען וועל איך ווערען בייז.

ווערא און סערגעי האָבען זיך וועגען עפּעס געסודעט.

— טאראַס האָט א שוואַכען שמייכעל געטאָן.

— ניין, ניין, איך וועל ניט פלוידערען... איך בין מיעד... איך בין שרעקליך מיעד. איך האָב דאָס דערפיהלט, ווען איך האָב זיך געלייגט... נאָר... ווערא! איך וויל אייך זאָגען א פּאָר ווערטער אונ־טער פיער אויגען... גוט? דאָרא, זייט ניט בייז, איך וויל בלויז עט־ליכע ווערטער...

— נו, נאַרישקייטען! רעדט וויפיעל איהר ווילט. קום, סערגעי!

דאָרא מיט סערגעיע'ן זענען ארויסגעגאַנגען און ווערא איז צו־געגאַנגען צום בעט. זי האָט געקוקט אויף איהם מיט א ניט געוואָג־טען טיפען רחמנות.

— זעצט זיך נעבען מיר, — האָט ער אַן אויפגערעגטער, אזוי שטיל אַז מען האָט קוים געקענט הערען, געבעטען.

ווערא האָט זיך געשווינד אַנידערגעזעצט אַרום איהם. האָט איהם גענומען פאַר'ן האַנט און האָט זיך איינגעגעסען אין איהם מיט א מאָדנע־דערשראָקענעם און וואַרטענדען בליק.

טאראַס האָט זיך געערגערט.

— ווערא...

ווערא האָט געדריקט די האַנט. זי האָט עפּעס אזוי מאָדנע א שמייכעל געטאָן און געוואַרט.

— ווערא! גיט מיך א קוש... איין מאָל בלויז.. איינעם בלויז... זאָל זיין, אַז דאָס וועט זיין ניט דאָס... איך וועל... ווען איך שלאָף

נים, טראכט איך ווענען אייך... אלערליי געשיכטעס... ווערא... איך...

ווערא האט איהם פלוצלינג ארומגענומען, מיט איהרע ליפען האט זי געפונען זיינע און איז שטארק מיט ציטערניש פארגליווערט געווא־רען אין א לאנגען קוש. דערנאך האט זי זיך אפגעריסען, זיך אויפ־געהויבען, און שטיל א זאג טוענדיג „שלאפט“, איז זי פלינק ארויס־פון צימער.

טאראס האט זיך אונטערגעהויבען אויף די עלענבויגען און גע־וואלט עפעס זאגען און, נים זאגענדיג, האט ער אומענטשלאסען א רייב געטאן דעם שטערען און, מאדנע שמייכלענדיג, איז ער אראפ־געפאלען אויפ'ן קישען.



# IX.

אויף מארגען איז טאראס פון אין דער פריה אומגעגאנגען שטיל א פארטראכטער און א טרויעריגער. ווערא האט איהם באגעגענט בא טיי אביסעל אנגעצויגען און שולדיג. נאר ער האט דאס, ווייזט אויס, ניט באמערקט און האט געזוכט א געלעגענהייט איהר עפעס זאגען אונטער פיער אויגען.

נאר דאס האט זיך איהם ניט איינגעגעבען. עס האבען פאסירט זאכען וועלכע האבען אלעם אפגערוקט אויפ'ן צווייטען פלאן.

אנגעהויבען האט זיך פון די פויערים. מען האט זיך נאך ניט אויפגעהויבען אין דער פריה פון טיש, ווען ס'האט זיך דערהערט א קלינג און אניסיא, וועלכע איז געלאפען עפענען, איז געקומען צולויפען צוריק און ערקלערט, אז עס זענען געקומען „אונזערע פויערים" און ווילען זעהן דעם פריץ.

עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דאס איז געווען א דעפוטאציע און דערצו נאך אן אומגעלומפערטע, א שמוציגע און אפגעריסענע: צוזאמענגעשטעלט פון די ארימסטע פויערים, וואס האבען גענומען ביי קיסעלסקי ערד אין ארענדע.

אמאל האט קיסעלסקי זיך באשעפטיגט מיט אדוואקאטור, אבער איצט האט ער דאס אוועקגעווארפען און געלעבט בלויז פון דער ארענדע.

די פויערים האבען געבראכט געלט. אבער מען האט דער דעפוטאציע אנפארטרויעט א שליחות צו בעטען דעם פריץ, קיסעלסקי, אז ער זאל זיי לאזען פאר זעקס רובעל א דעסיאטינא, אנשטאט די צעהן וואס זיי פלעגען צאהלען. און באנוצט האבען זיי זיך מיט זייער געוועהנליכער שלויקייט: אין דער דעפוטאציע האבען זיי אויסגעקליבען די פארארימסטע פויערים, און דערביי, זיי קענטיג אנגעזאגט, אז זיי

זאלען קומען צום פריץ, ווי נאר מעגליך אפגעריסען מיט א פארשמאכ־טען געדריקטען אויסזעהן. אין דער שפיץ פון דער דעפוטאציע האָ־בען זיי ערוועהלט פאנאס גנעדו, א געהארכזאם־איינגעזעסענעם אַל־טיטשקען און אמעלקע פאדקידקא, א נארישעוואטען יונגען פויער, וואָס איז מאדנע עהנליך געווען צו סערגעיען. מען האט געשמועסט אין דארף, אז אמעלקא איז סעמיאן וואסילעוויטשעס א ניט געזעצליכער זון, וועלכען ער האט געבוירען מיט א שעהנער און ווילד־צודרעהטער סאלדאטקע. סעמיאן וואסילעוויטש האט מיט דער מינדסטער קליי־ניגקייט ניט באשטעטיגט אט די קלאנגען. אבער די פויערים האבען כיטרע און איינגעשפארט, אלע מאָל ארויסגעשטעלט אמעלקען, ווען מען האט באדארפט בעטען דעם פריץ וועגען עטוואס וויכטיגעס. און מאדנע, זייערע ביטעס פארקרעמפעוועט אויף אזא אופן, זיינען כמעט אימער ערפילט געווארען. דערביי האט סעמיאן וואסילעוויטש ווי גאָר ניט באמערקט אמעלקען. דערנאך פלעגט ער, אלע מאָל, זיין אזוי ביי־סענד און שפאַטיש מיט די היימישע, וואס איז אימער געווען א סימן פון גרוים פארדרוס אייף זיך אליין.

איצט איז אט דער אמעלקע געווען אין פארצימער דער ערשטער און האט נארישעוואטע אונטערגעלאכט. צומאָל האט ער זיך אומגע־קוקט אויף צוריק און געוואונקען צו זיינע דארפיגע, אפווישענדיג דערביי דעם נאז מיט'ן היטעל, וואס איז געווען אנגעטאן אויפ'ן האנט. די פויערים האבען טיעף געזיפצט און זיך געצ'צלמ'ט, און געקוקט מיט אן אנגסטליכען פחד אייף די שמוציגע סימנים פון זייערע פיס.

אלע זיינען אריינגעקומען פון עס־צימער אין גאסט־צימער כדי צו הערען און זעהן וואס דא וועט פארקומען. סעמיאן וואסילעוויטש האט אן אנגעכמארעטער אויסגעהערט פאנאס גנעדו און האט א לאך געטאן.

— און איהר שעמט זיך גאר ניט, מיינע הערדען? — האט ער מיט פארוואורף געשאקעלט מיט'ן קאפ. — ביי אייך האט געסטייעט מוט צו קומען צו מיר מיט אזא בקשה?

פאנאס גנעדו האט ווי אין געבעט צוזאמענגעלייגט די הענט.

— אוי, פריצ'על! זאל אונז די הייליגע ערד ניט טראגען, אייב אונז איז לייכט געווען צו קומען צו אייך מיט אט דער בקשה. ניט

קיין מוט, גאר קיין געדולד, פריץ טייערער, האט ניט געסטאיעט! דער הונגער וויל ניט דולדען...

— אין אזוינע צימערען — האט פלוצלינג א לאך געטאן אמעלקע, אונטערוויינקענדיג ווערא, וואלט מען שוין געקענט דולדען.

ווערא איז רויט געווארען, סעמיאן וואסילעוויטש האט א בייזען קוק געטאן אויף אמעלקען און בייז געזאגט:

— נארישקייטען, מיינע הערען, נארישקייטען האט איהר אויסגעטראכט!... מען טאר ניט. אין פארגלייך מיט די שכנים גוט־באזיצער גיב איך אייך אוועק די ערד... פשוט פאר א גאר ניט, און איהר... ניט גוט אזוי, ניט גוט... ביי אייך אויב האניג, טא זאל שוין רינען איבער'ן בארד, ניט גוט...

— פריץ לעבען! — האט אויסגעשריען פאנאס — זאלען מיר, אז אלטען מענשען די שדים אויף יענער וועלט אויסשניידען דעם צונג און הארעווען מיט איהם חזירים, אויב איך וועל אייך אפילו אייןווארט ליגען זאגען. גלויבט איהר, אז א האלבער דארף האט שוין ניט זיין אייגענעם ברויט! שענקט אונז, כאטש אויף איין יאהר, אט די פארלייכטערונג!... האט רחמנות! שפייט אויף אונז, און זאגט: „כאפט אייך דער טייפעל, נעהמט" אויף מיין ווארט פריץ לעבען, הארציגער! אט, זאגט אזוי און מיר וועלען זיך אוועקגעהן. יא, מיר וועלען אוועקגעהן. פריץ זיסער... אויף מיין ווארט! היינטיגס יאהר האבען מיר געצאהלט צעהן, מיר זיינען פון דער הויט נעקראכען און געצאהלט, און איצט פלאצט די הויט. אוי, פריץ לעבען, פלאצט אונזער הויט, זאל זי אזוי ביי אונזערע שונאים פלאצען. נעהמט פריץ זיסער, זעקס... זייט א פאטער!

— עס איז א גוטער פרייז, — האט אפגעזיפצט אמעלקע און האט א שמייכעל געטאן צו סערגעיען. ביי יענעם איז דער גאנצער שטערען געווען באדעקט מיט קנייטשען, דארא האט פון דער זייט נעקוקט אויף איהם. אליין איז זי די גאנצע צייט געשטאנען מיט ברענענדע באקען און אנגעשטרענגט שארף זיך איינגעקוקט אין די פארימטע דערשראקענע געשטאלטען פון די פויערים. איהרע אויסגעבויגענע ברעמען האבען זיך דראהענד פארוואלקענט, די נאז־פליגעל

האבען זיך געהאלטען אין איין אויפהויבען, ווייסענדיג זיך אין די ברעגען.

טאראס איז געשטאנען אין טיר, און האט פון אונטער'ן שטערען א פארוואלקענטער געקוקט אט אויף אמעלקען און אט אויף סער־געיען, אזוי ווי ער וואלט זיי פארגלייכען.

די פויערים האבען ניט אראפגענומען פון קיסעלסקין זייערע איז קנייטשען אפגעקראכענע פון ווינט טרערענדע אויגען, און האבען שטיל און זשעדנע געווארט. ער האט מיט שפאט געקייעט זיין וואנץ אין אויסגעהערט פאנאסען.

— אט וואס, — האט ער פלוצלינג ערקלערט, — דאס לעצטע ווארט: איך לאז אייך ארונטער נאך איין רובעל, אבער מעהר קען איך בשום אופן ניט. פאר קיין פאל!

— פריץ'ל!

-- ניין, — איז פלוצלינג סעמיאן וואסילעוויטש שטארק בייז געווארען. ער האט זיך, געשווינדט, א צורייצטער, גלייך אויסגעקער־רעוועט צום עולם:

— אט, זיך פארזאמעלט. וואס איז דא אינטערעסאנטעס?

— איהר וואלט זיי כאטש געבעטען זיצען! — האט פלוצלינג דארא געזאגט הויך און בייז.

דאס איז ארויסגעקומען אזוי אומערווארטעט, אז צוערשט האט קיינער ניט פארשטאנען. סעמיאן וואסילעוויטש האט אפילו אומענט־שלאסען אויפגעהויבען די ברעמען, נאר ער האט זיך גלייך אנגע־ברוגז'ט און געזאגט מיט א בייזען פארדרוס:

— אך, לאזט צורוה, איך בעט אייך כאטש איצט... מיר קריבען איצט ניט אין קאפ אייערע אידעען...

און האט זיך ווידער אויסגעדרעהט צו די פויערים.

זיי האבען אויך אומענטשלאסען א קוק געטאן אויף דאראן און האבען גלייך זשעדנע, ווי גענז, צוריק אויסגעצויגען צו איהם די העלזער. דארא איז רויט געווארען ביז אריבער די אויערען, נאר זי האט גאר ניט געזאגט. סערגעי האט באאומרוהיגט א הוסט געטאן און פאריכט די פענסנע. ווערא האט א לאך געטאן.

דארא האט זיך מיט אמאל אויסגעקערעוועט און איז ניט גע־אײלט, מיט זיכערע טריט ארויסגעגאנגען פון גאסט־צימער.

סערגעי האט איהר נאכגעפאלגט מיט'ן בליק.

סעמיאן וואסילעוויטש האט בשום אופן ניט נאכגעגעבען, און איז געווען אזוי אויפגעבראכט, אז ער האט זיך אפילו אומגעלומפערט, גראב אויסגעשאלטען, פארוואס ער איז נאך מעהר אין כעס געווא־רען. ווערא איז אין ענטריסטונג געשווינד ארויסגעגאנגען. די אי־בעריגע האט סעמיאן וואסילעוויטש ארויסגעטריבען, שרייענדיג, אז ער וועט קיינעם ניט ערלויבען קיין קאנטראל איבער זיך. דערווײלע איז נאך דער סאציאליזם ניטא, און ער בעט מען זאל איהם ערלויבען צו טון מיט זיין אייגענטום, ווי ער פארשטעהט אליין. קיין מוסר וויל ער ניט הערען.

די פויערים זיינע שוין נאר אינגאנצע געווען צושראקען און דערשלאגען. די אונטעררײדונגען האבען ניט געבראכט צו קיינע רע־זולטאטען.

אפגעבענדיג קיסעלסקין צוויי טויזענד רובעל האבען זיי זיך איינ־ציגווייז, פלאנטערענדיג, און ניט געשיקט שפאנענדיג איבער'ן דיל, ארויסגעשארט פון צימער אויף די שטיגען. טאראס שטעהענדיג ביים פענסטער פון זיין צימער, האט געזעהן ווי זיי האבען אין גאס אנגע־טהאן די היטלען, אומעטיגע האבען זיי לאנג און אומענטשלאסען זיך וועגען עפעס בעראטען און דערנאך האבען זיי ווי פריהער איינער נאך איינעם זיך גענומען שלעפען ערגעץ אוואו לינקס.

דארא האט דאס שוין ניט געזעהן. זי איז אריין צו זיך אין צימער און האט ווי געוועהנליך צוזאמענגעלייגט די הענט אויפ'ן ברוסט און גענומען געשווינד אומגעהן פון ווינקעל צו ווינקעל.

מען האט אנגעקלאפט.

— קומט אריין! האט זי אויסגעשריען.

עס איז אריינגעקומען סערגעי. דארא האט א קוק געטאן אויף איהם אזוי, ווי מען קוקט אויף א מענשען וועגען וועלכען מען ווייסט, אז בלויז ער וועט אריינקומען.

סערגעי האט א דורכדרינגענדען און שולדיגען בליק געטאן אויף איהר און איז שווייגענדיג צוגעגאנגען צום טיש און געעפענט א בוך

וואס איז דארטען געלעגען. דארא האט גלייך צוגענומען דאס בוד. עס אוועקגעלייגט אין א זייט, און קוקענדיג איהם גלייך אין פנים אריין האט זי ענטשלאסען אנגעהויבען:

— אט וואס, סערגעי: אויב דו ביזט געקומען מיר זאגען וועגען דעם, אז איך האב געטאן א נארישקייט, געהאנדעלט נאיוו, און דו ביזט דאך, זיכער, געקומען צוליעב דעם...

— עס הויבט זיך אפילו ניט אן...

— נו, אלץ איינס, דו דענקסט עס אזוי.ווארט. איך אליין דענק דאס. דערמיט קען מען, פארשטעהט זיך, ניט העלפען. אבער, אט וואס: איך קען מעהר ניט! איך קען ניט, גענוג פאר מיר! עס איז אומערטרעגליך.

— וואס, אייגענטליך? — האט שטיל אהן פארוואונדערונג געפרעגט סערגעי, ווי ער וואלט פאראויס געוואוסט דעם ענטפער, און האט זיך ווידער א ציה געטאן נאכ'ן ביכעל.

— דאס אלעס! — האט זי בייז אפגעשטויסען זיין האנט פון בוד. — אדער מיר זענען גוט־באזיצער, און גענוג צו מאכען קאמעדיעס, א פרום פנים... ער האט נאכגעגעבען?

— ניין...

— פארשטעהט זיך, אט אזוי, אדער מיר זענען גוט־באזיצער, גנבים, יא, איך בין איינשטימיג מיט מיראנ'ען... איבריגענס, האב איך דיר דאך פריער אויך געזאגט... אזוי אט: אדער מיר זענען גוט־באזיצער, — דאן לאמיר פאהרען קיין אויסלאנד, און לאמיר אנשפייען אויף אלע פארטייען, גיב מיר רייכע קליידער, געליבטע, אונטערהאלט מיך... אבער מיט קאמעדיעס איז איין מאל פאר אלע מאל געענדיגט: ארבייטען לאמיר, ארבייטען, קיינע רענט, פויערים, גארניט, ווילסט?

סערגעי האט א טרויעריגען שמייכעל געטאן.

— דארא, ענטשולדיג מיר, נאר איך וועל ווידער זאגען: דאס איז נאיוו... באליידיג זיך ניט... נאר דו גיב נאר א טראכט, וועגען וואס דו רעדסט. דו ווייסט דאך אליין אז דאס איז אוממעגליך... אוממעגליך, לעכערליך, און ניט נויטיג...

— דו דענקסט אזוי?

— גאטוניו, דארא, נו, ווי־זשע אנדערש? עס וועט ארויסקומען

דיזעלבע קאמעדיע, נאר בלויז אביסעל לעבערליכער און שעדליכער. אפגעבען די ערד צו די פויערים, און אנמאכען ביי א צעהנדליג קליינע בורזשועז, פיאווקעס, און אליין ארומלויפען איבער לעקציעס, זוכען איבערשרייבונגען, ציטערן איבער יעדען גראשען און ניט האבען קיין איין פרייע מינוט פאר פארטיי ארבייט... נו, צו וואס איז דאס?

— דארא האט איהם געקוקט גלייך אין פנים אריין. זי האט א לאך געטאן.

— זאג, סערגעי, פארשטעהסטו וואס איך וויל אדער ניט?

— איך בין זיך מודה, אז איך פארשטעה ניט...

— דאס איז קענטיג. ניט קוקענדיג אויף דערויף, וואס מיר רעדען דערפון, כמעט אלע טאג, ביז עס ווערט אונז נודנע, פונדעסט־וועגען ווילסטו, אייגנעשפארט, אזוי ווי אומיסטן, מיך ניט פארשטעהן. מאדנע. דו דרינג זיך ד:רך מיט'ן געדאנק, אז איך האב גאר ניט צו טאן מיט דיין ערד. פארקויף זי, און גיב אוועק דאס געלט דער פאר־טיי, אדער ווארף דאס ארויס, מיך ארט דאס ניט. א י ך ו ו י ל א ר ב י י ט ע ן! פארשטעהסטו? ניט מאכען קיין קאמעדיעס, נאר ערענסט. איך וויל ארבייטען אויף זיך, אליין זיך אויסהאלטען אויף דער וועלט. עס איז מיר א שאנדע צו קארטשען פון זיך א באשי־צערין פון די פויערים, ווען איך נעם אליין פון זיי. אין אלגעמיין, שעם איך מיך, וואס אימיצער האלט מיך אויס. פארשטעהסט מיך, אדער ניט? א מענש, דארף פריהער פון אלעס, זיין אקטיוו אין לעבען. פריהער פון אלעס. אי:ן וואס איז דאס פאר אן אקטיוויטעט אויב דיין גאנצע עקזיסטענץ ווערט אויסגעהאלטען פון אנדערע? וואס איז דאס?... „די פארטיי, דינען דער פארטיי, געבען געלט אויף איהר“. נארישקייטען, און זעלבסט אפנארעריי איז דאס, מעהר ניט! פארדין און גיב אויף דער פארטיי, — דאס איז אן אנדער זאך. אבער געבען דאס, וואס עס האבען געבראכט די פויערים, דאס איז נארישקייטען. אויב שוין יא אזוי, טא גיב אפ אלעס! עך, אויך ניט דאס איז דער עיקר. לאנגווייליג און נודנע איז מיר אהן ארבייט, דאס אלעס! איך קען ניט, איך בין ניט געוואוינט...

— דו ארבייטס דאך.. פאר דער פארטיי... — האט שוין גאר שטיל און לאנגווייליג געזאגט סערגעי.

דארא האט א לאך געטאן.

— נו, גענוג...

עס האט געפאלגט א שווערער שווייגען. דארא איז אומגעגאנגען איבער׳ן צימער, און סערגעי האט אנגעשטרענגט באטראכט זיינע דינע ווייסע הענט, מיט׳ן אייזערנעם אפגלאנץ.

— נו, און אויב איך וואלט... אלעס אפגעגעבען דער פארטיי?

— האט ער פלוצלינג, שטיל אנגעהויבען, ניט אויפהויבענדיג דעם קאפ.

דארא האט זיך אפגעשטעלט?

— נו?

— דאן וואלסטו געגאנגען מיט מיר?... און עס וואלט מעהר... גארניט געווען?

דארא האט געשוויגען. און דערנאך האט זי טויב געפרעגט:

— דאס וואלט געווען א קרבן פאר מיר?

— זאל זיין אזוי...

— ניין, מיט דיר וואלט איך דאן ניט געגאנגען!

און אזוי ווי עפעס א מין פארלייכטערונג האט זיך דערהערט אין איהר שטים. סערגעי האט א קוק געטאן אויף איהר מיט איין אויפמערקזאמען לאנגען בליק.

— פארוואס? — האט ער ווידער איינגעבויגען דעם קאפ.

— ווייל, איך וואלט געווען פארפליכטעט צו צאהלען דיר מיט דעם זעלבען. איך וואלט געווען פארפליכטעט צו לעבען מיט דיר. ניט קיין גלייכע וואלטען מיר דאן געווען. איך וואלט געוואוסט וואס דו האסט געטאן פאר מיר, און אוועקגעהענדיג, וואלט איך דיך ווי בארויבט פון אלעס. עס איז שווער.

סערגעי האט נאך מיט מעהרער אויפמערקזאמקייט באטראכט זיינע הענט.

— און בלויז דערפאר וואלסטו ניט געגאנגען?

דארא איז שטארק רויט געווארען.

— ווי הייסט?... זיכער!

— ווארום האסטו זיך אזוי אנגעכאפט אין דעם, אז דאס איז א קרבן?

דארא האט זיך אנגעכמורעט.

— ווייל דאס איך א קרבן. דו מוסט דאס ניט אליין! איבערצייג זיך, און גלויב אליין, אז אזוי דארף מען טאן!

— נו, גענוג.

סערגעי׳ס הענט האבען לייכט געציטערט, נאר ער האט זיי אלץ באטראכט.

— הייסט עס, — האט ער ארייגגעווארפען, אזוי שטיל, אז מען האט קוים געקענט הערען.

— וואס „הייסט עס“?

— אז, אזוי איז דיר... אומערטרעגליך און... און אוועקגעבענדיג אלעס, איז דיר אויך אומערטרעגליך...

דאראַ האט ניט געענטפערט. פלוצלינג האט זי אין א ליידענ־שאפטליכען צארן פארבראכען די הענט און זיך א צאפעל געטאן מיט איהר גאנצען בויגיגען און שטארקען קערפער.

— אך, איך וואלט געכאפט אט דאס אלעס פארשאלטענעס, און וואלט דאס צושליידערט צום טיפעל אין אלע זייטען! אך, ווי אוי־סערגעוועהנליך שארלאטאנסקע מיאוס עס איז אלעס. פע!

— הייסט עס? — האט נאך שטילער און איינגעשפארטער ווי־דערהאלט סערגעי.

— עס הייסט גארניט! איך ווייס ניט. גענוג דערפון. מיר ווע־לען זעהן... געה, איך וויל זיין אליין.

סערגעי האט זיך ניט גערירט. דערנאך האט ער טיף אפגע־זיפצט, האט אויפגעהויבען דעם קאפ, און האט זיך לאנגזאם גע־לאזען צום ארויסגאנג.

דאראַ, א הארטע און בייזע האט איהם באאבאכטעט פון דער זייט. פלוצלינג איז זי געשווינד צוגעגאנגען צו איהם. זי האט איהם ארומגענומען פאר די פלייצעס און האט אויסגעדרעהט זיין קאפ צו זיך און מיט א טיעפער צערטליכקייט און באדויערונג אנגעהויבען:

— פארגיב מיר, סעריאזשא... איך קען ניט, טייערער... דו קענסט, דו ביזט געוואוינט, אבער מיר איז פרעמד דאס אלעס... אט די פויע־רים... ווען איך זעה ניט, איז נאך ווי עס איז, נאר אז איך דערזעה... אבער מיר ,ועלען זיך נאך באדיינקען. דו ביזט מיין שטילער, מיין צארטער... זיי ניט בייז אויף מיר, גאלדענער...

סערגעי האט א קוק געטאן אויף איהר, איהרע גרויסע ריינע אויגען האבען געקוקט אויף איהם מיט געבעט, איהר פרישע צארטע ליפען האבען זיך אזוי קינדיש ליבליך, אזוי רירענד צועפענט.

ער האט שמערצליך, לאנגזאם א פיהר געטאן מיט'ן קאפ, ער האט א לאך געטאן, זיך שווייגענדיג באפרייט און איז ארויסגעגאנגען.

דארא האט אומבאוועגליך מיט וועהטאג איהם נאכגעקוקט. און איהרע ברעמען האבען זיך שוין דראהענד פארוואלקענט.



# X.

טאראס איז, לויט אלע סמנים, געוועזן מאדנע טיעף אויפגעטרייסעלט פון דעם פארגעקומענעם. נאך די פויערים'ס אוועקגאנג, איז ער לאנג אומגעגאנגען ביי זיך אין צימער, ער איז ארויסגעגאנגען אין גאסט־צימער און זיך ווידער אומגעקערט צו זיך... אם ענדע האט ער אנגעטאן זיין פיעל קאלירטע היטעל און איז ארויסגעגאנגען פון הויז. זיין אויסזעהן איז געוועזן א פארלארענער, אנגעשטרענגט־אומרוהיג. צו דער זעלבער צייט, האט זיך אויסגעדוכט, אז אט די פארלארענקייט, און אומרוהיגקייט זענען ביי איהם — אומבאוואוסטזיניגע, אז עס באומרוהיגט זיך און איילט זיך ניט טאראס אליין, נאר אימיצער אנדערש אין איהם. וועלכער פיליכט חידושט זיך גאר דערויף,

ער האט זיך אפגעשטעלט נעבען דעם הויז, וואו עס האט געוואוינט מיראן און זיך ארום געקוקט. יא, דאס איז דאס הויז, וואו עס וואוינט מיראן. טאראס האט א נארישעוואטען שמייכעל געטאן און איז ארויף אויף די שטיגען.

מיראן האט געצייכענט. ער האט, זעהט אויס, זיך געאיילט. אבער טאראס'ן האט ער אויפגענומען גערן מיט ערענסט און אפילו אומגעדולדיג, אט ווי ער וואלט איהם ערווארטעט יעדע מינוט.

— ווארום זענט איהר אזוי לאנג ניט געקומען? נו, גוט, גוט, זעצט זיך... איך וועל צוזאמענלייגען מיין קלאפערגעצייג...

— פארוואס האב איך דאס באדארפט קומען צו אייך? — האט ביין געפרעגט טאראס. ער האט שווער געאטעמט פון דעם ארויפקלעטערען אויף די גענדרעהטע שטיגען.

מיראן האט צוזאמען געלייגט דאס געצייג האט זיך אויסגעקערעוועט צו איהם און, געשעפטסמעסיג רייבענדיג די הענט האט ער געשווינט און ערענסט ארויסגערעדט:

— דערפאר, ליעבער, וואס איהר זענט ניט קיין נאר און ניט קיין געפיהלענלאזער יונג. נו, לייגט ארויס, וואס האט איהר צוגע־טראכט?

— איך האב גארניט צוגעטראכט. און פון וואנענט האט איהר דאס גענומען...

— איהר האט גאר ניט צוגעטראכט? — האט זיך מיראן פאר־וואונדערט און איז אפילו אביסעל רויט געווארען פון כעס. — און אליא'ן האט איהר געזעהן?

— געזעהן.

— שוין לאנג?

— א דריי טעג צוריק.

נו, אט! טא געהט גלייך צו צו איהר גיט א קוק אויף איהר, הערט זי אוים איצט. געהט אוועק. איך האב קיין צייט ניט צו פיהרען מיט אייך נארישע געשפרעכען. איך האב געדענקט... געהט אוועק!

טאראס האט מיט טרויער א דורכדרינגענדעם בליק געטאן אויף איהם און מאדנע לאנגזאם ארויסגערעדט:

— די פויערים האבען געבראכט געלט קיסעלסקין. זיי האבען איהם געבעטען צו פארקלענערען די ארענדע, האט ער ניט איינגע־שטימט.

— א־זוי? — האט אויסגעצויגען מיראן און האט זיך גלייך בא־רוהיגט. איצט האט ער פון זיין זייט אויפמערקזאם און אפילו מיט נייגעריגקייט באטראכט טאראס'ן.

— דאס איז גוט... פארוואס־זשע האט איהר דאס גלייך ניט גע־זאגט? דאס איז פראכטפול. נו, איז ווי אזוי?

— וואס, „אזוי“?

— וואס דענקט איהר?

— מכוח וואס?

טאראס איז געווען אומרוהיג, אבער אויפריכטיג פארוואונדערט.

— הערט זיך איין, — האט מיראן א לאך געטאן, זענט איהר געקומען צו מיר זיך נאריש מאכען, אדער איהר פארשטעהט, ווירק־ליך, ניט? אט דאס געלט...

...וויפיעל איז דאס?

— צוויי טויזענט.

— נישקשה'דיג... נו, איז ווי אזוי: איהר לאזט דאס געלט איבער קיסעלסקי'ן, אדער איהר נעהמט דאס צו ביי איהם, ווי ביי א גנב און גיט דאס איבער אייער פאמיליע? האט אין זינען, אז אליא האלט זיך קוים און אויב ניט היינט איז מארגען וועט זי געהן צו סאלדעיע־ווען. איך האב זי ניט געקענט זעהן ניט נעכטען ניט היינט, נאר... (ער האט אריינגעלייגט די האנט אין קעשענע, און האט ארויסגענומען דאס ביימעלע) — אט האט איהר פופצעהן רובעל, נעהמט זיי און גלייך, מאמענטאל טראגט זיי אוועק צו זיך אהיים. דאס, זאגט איז דערווייל, שפעטער וועט זיין מעהר...

אמת?

— איך ווייס ניט... — האט שטיל געענטפערט טאראס, אטא־מאטיש נעמענדיג דאס געלט.

מיראן האט שווייגענדיג א פארשענדען בליק געטאן אויף איהם.

— אבער צוליעב וואס, ליעבער מענש איינער, זענט איהר איי־גענטליך געקומען צו מיר צולויפען? מיר אנזאגען די פרעהליכע בשורה, אז די קיסעלסקים האבען געקראגען געלט? „איך ווייס ניט". וועד דען ווייסט, ערלויבט מיר אייך צו פרעגען? אפשר איך?

טאראס האט א נארישעוואטען שמייכעל געטאן. מיראן האט איהם באאבאכטעט.

— נו, איך פרעג אייך ערענסט: וואס פאר אזא, אדער אנדער נויטווענדיגקייט, האט אייך געבראכט צו מיר? פארוואס האט איהר זיך אזוי געאיילט? איהר קענט דאך זיך נאך אפילו איצט ניט אפ־אטעמען. נו?

— איך ווייס ניט, — האט ארויסגעברומט טאראס, אן אנגע־כמורעטער, און האט זיך גענומען אויפהויבען.

— זיצט איין! האט א געשריי געטאן מיראן. — ווען זענען גע־ווען די פויערים? שוין לאנג?

— מיט א האלבע שטונדע... אדער א שטונדע צוריק...

— ממ! קיסעלסקי איז אין ערגעץ ניט ארויסגעגאנגען?

— ניין.

— נו, איז אט וואס, טאראס, לויפט א היים, איך מיין צו די קיסעלסקי׳ס און גיט אכטונג אויפ׳ן אלטען. פארשטעהט איהר? און אין אווענד פונקט אכט א זייגער לויפט אהער, דא וועט מען אויף אייך ווארטען... איבריגענס, ניין. קומט אהער, און איך וועל אייך דא זאגען, וואו איהר וועט זיך טרעפען מיט די העלפערס. זיי וועלען האבען אלץ וואס מען דארף. איהר וועט זיי דארפען בלויז פיהרען. פארשטעהט איהר די העלפערס וועט מען, געוויס, מוזען געבען האלב...

טאראס, בלאס ווערענדיג, האט אלץ ברייטער און ברייטער גע־קוקט אויף מיראנען.

— וועגען וואס רעדט איהר דאס? — האט ער אם ענדע איהם א פארלארענער איבערגעשלאגען.

— איך? וועגען אייך. היינט ביינאכט דארפט איהר נעמען געלט ביי קיסעלסקין. אומבאדינגט היינט, ווייל ער וועט דאס געלט לאנג ביי זיך ניט האלטען. איהר האט קלוג געטאן וואס איהר האט זיך צוגעאיילט. אבער די זאך מוז אפגעטאן ווערען נאך אין דיזער נאכט. עס איז דא זעהר ווייניג ריזיקע דערביי. נעהמט נאר ניט אין גאנצען ווייל דאס פארדריסט זעהר אזוינע הערען, לאזט איהם איבער האלב. פינף הונדערט די העלפערס, פינף הונדערט זיך. וואס קוקט איהר אזוי?

— איך קען דאס ניט... — האט שטיל געזאגט טאראס, און איז איינגאנצען בלאס־געל געווארען.

— פארוואס? — האט הארט געפרעגט מיראן.

טאראס האט געשוויגען.

— פארוואס פרעג איך אייך? איהר האט מורא?

טאראס האט מיט פאראכטונג און אומגעדולד א פיהר געטאן מיט׳ן פלייצע און מיט׳ן קאפ.

— נו, איז פארוואס־זשע? עס איז אוממאראליש? נידערטרעכ־טיג? יא?

טאראס האט געריבען דעם שטערען.

— איך ווייס ניט... — האָט ער מיט שוועריגקייטען ארויסגע־
רעדט.

— אבער איהר מוזט דאָס וויסען? איהר הערט? ענטפערט:
פאַרוואָס? נאָר זיכער, ווייל אויב טאָן טאָר מען ניט פאַרלירען קיין
צייט אויף וואַקלעניש׳ען. נו? יאָ, אדער ניין?

— נ... ניין... — האָט טאַראַס ארויסגעדריקט פון זיך.

מיראָן האָט איהם א קורצע ווייל שאַרף אָנגעקוקט, דערנאָך האָט
ער א לאַך געטאָן און געזאָגט:

— אַך, א קוואַשאַ זענט איהר! היילען דאַרפט איהר זיך. הייסט
עס, אז איהר האָט ניט דורכגעטראַכט ביז׳ן סוף דעם געדאַנק וועגען
א גנב?

— פאַרוואָס רעדט איהר צו מיר מיט אזא טאָן? — האָט בייז
געפרעגט טאַראַס.

— מיט א וואָסערן?

— מיט א מאַכט־באַזיצענדען.

— דאָס איז מיין זאַך. איך פרעג אייך, האָט איהר דורכגע־
טראַכט, אדער ניט? איבריגענס, איז דאָס א פוסטע פראַגע. צו־
ערשט דאַרפט איהר זיך היילען. נו גוט...

מיראָן האָט זיך אָפּגעהאַקט אין מיטען און האָט אָנגעהויבען
ארומגעהן איבער׳ן צימער.

— נו, לאָמיר דאָס איבערלאָזען! — האָט ער זיך פּלוצלינג אויס־
געקערעוועט צו טאַראַס׳ן. — איהר הערט, טאַראַס? לאָזט עס. איהר
קענט ניט, דאַרף מען ניט. מיר וועלען צוטראַכטען עפּעס אַנדערש.
געהט א היים לייגט זיך און ליגט. דאָס איז דאָס בעסטע אין אייער
לאַגע. טראַגט בלויז אריין דאָס געלט אַליאָן.

טאַראַס האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט מיט פאַרגאַסענע
אויגען א קוק געטאָן אויף מיראָנען.

— עס איז מיר שלעכט... — האָט ער שטיל, אַט ווי ער וואָלט
זיך ענטשולדיגט, ערקלערט — ווען ניט דאָס וואָלט איך דורכגע־
טראַכט... זעהט איהר אַט לאָמיר זאָגען הינט... זיי האָבען אויך א
געפיהל פון חרטה, צום ביישפּיעל... הייסט עס, אז עס איז דאָ א גע־
וויסען? אמת?

מיראָן האָט זיך אומצופרידען פאַרקרימט.

— לאָזט צורוה, זאָג איך! גײט אַהײם.

— נײן, וואַרט... אַזוי קען מען ניט. דאָס איז ניט קײן לײזונג פון דער פראַגע. און אויב הינט... זאָל אפילו זײן אַזוי, הײסט עס, אַז בײ זײ איז דאָ מאָראַל? נאַר, טאַקע נאָך אַמאָל דאָס אײגענע, וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט מיר, וואָס הינט האָבען מאָראַל? אמת? איך בין אַן־און־פאַר זיך. וויכטיג איז דאָס, וואָס בײ מ י ר איז ניטאָ. בײ מ י ר. אָבער, בײ מיר... איז דאָ, שטעהט! דאָס הײסט אַזוי: די קיסעלעסקים האָבען מיר געהאָלפען... פיעל געהאָלפען... יאָ, געהאָל־פען... דערנאָך קום איך בײ נאַכט און זאָג: גיב געלט. דו האָסט גע־גנב'עט בײ די פויערים, דו ביזט — אַ גנב, אַ איך ווײס, דו ביזט אַ שטענדיגער, סיסטעמאַטישער, אַ געזעצליכער, און דער סאַמע שעד־ליכסטער גנב... אַ דאָס ווײס איך גוט... יאָ... נאַר... דו, הײסט עס גיב מיר. און דערנאָך? ווידער וואוינען בײ זײ? עסען מיט זײ? אַט אַזוי, ווי עס וואָלט גאָר ניט פּאַסירט. שווין־זשע איז דאָס מענ־ליך?

מיראָן האָט מיט נײַגעריגקײט איהם נאָכגעפאָלגט.

— איהר דענקט, אַז עס איז אוממעגליך? — האָט ער גע־פרעגט.

— נו, ווי־זשע דען? ווי־זשע איז דאָס מעגליך?!

— נו, אויב אַזוי, איז ניטאָ דערפון מעהר וואָס צו רעדען. גיט אַ שפּײ און גײט אַהײם און טוט דאָס ניט אין קײן פאַל. זאָל אײך נאָט אָפּהיטען פלוצלינג זיך אַ כאַפּ טאָן און טאָן. איהר וועט זיך אלײן דערנאָך אויפעסען. מען דאַרף ניט. גײט אַהײם, מיר ווע־לען צוטראַכטען עפּעס אַנדערש. מען טאָר ניט.

— איהר דענקט אַזוי — האָט אומענטשלאָסען, און אַהן צוטרוי־ען איהם אַרײַנגעקוקט אין פּנים טאַראַס.

— יאָ, איך דענק אַזוי. צום ווידערזעהן. און מיראָן האָט איהם ענטשלאָסען אַרויסגעפיהרט פון זײן וואוינונג. דערבײ האָט ער זיך אלײן אויך אַנגעטאָן און איז צוזאַמען מיט איהם אַרויס אין גאַס.

טאַראַס איז געהאַרכזאַם געגאַנגען אין יענער ריכטונג, וואוהין

עס איז געגאנגען מיראַן, און איז אויטאָמאַטיש צוגעגאנגען ביז קיסעל־סקי'ס הויז.

עס איז געווען שטיל אין אלע צימערן. אין פארצימער איז גע־האנגען דעם אלטען קיסעלסקי'ס הוט, וואס טאראס האט באמערקט מיט פארגעניגען, און האט גלייך דערין פארגעסען.

---

דער טאג איז שווער פאריבער פאר אלעמען. מען איז זיך פריה צוגאנגען שלאפען.

פלוצלינג ארום דריי אזייגער ביינאכט האט דער אלטער קיסעל־סקי אויפגעוועקט יעקאטערינא איוואנאוונא; יעקאטערינא איוואנאוו־נא האט אויפגעוועקט ווערען און דאראן, דארא — סערגעיען, טאראס האט זיך אליין אויפגעכאפט, פון דעם רעש פון די שטימען. בלויז איין קאליא איז געשלאפען.

סעמיאן וואסילעוויטש איז געווען זעהר בלאס און האט האלב שפאטיש, האלב צומישט געשמייכעלט. ער האט ניט געקענט איינ־שטעהן אויף קיין ארט. ער האט געמאכט דריי טריט פאראויס און זיך אומגעקערט, און ווידער געמאכט דריי טריט און זיך אומגעקערט.

קאטערינא אנדרעיעוונא האט איהם געהערט מיט שרעק. אלע זענען געווען ערשיטערט.

סעמיאן וואסילעוויטש האט דערצעהלט פאלגענדעס: ער האט קוים דערוויזען איינשלאפען, ווי עס האבען איהם פלוצלינג אויפגע־וועקט עפעס א גערודער און א שיין אין זיין צימער. פלינק זיך אויפ־זעצענדיג אויפ'ן בעט, האט ער דערזעהן גלייך איבער זיך צוויי מענש־ליכע געשטאלטען אין מאסקעס און אין קארטוזען, — ער געדענקט אויסגעצייכענט, אז אין קארטוזען, בייביידען האבען די קאזעראקען געבלאנקט פון דער ליכט. אין די הענט רעוואלווערען.

— בראונינגען? — האט איין גאט ווייס צוליעב וואס, געפרעגט ווערא, וועלכע האט אינגאנצען געציטערט מיט א דריבנעם ציטער, און זיך נערוועז געהילט אין א גרויסער שאל.

— ענטשולדיגט מאדמואזעל, איך קלייב זיך ניט גוט פארנאנדער אין דעם, צו איז דאס געווען בראונינגען, אדער אן אנדער טייפעל!

— האט איהר געענטפערט סעמיאן וואסילעוויטש.

מיט איין ווארט, זיי זענען געווען מיט רעוואלווערען. און די רעוואלווערען זענען געווען געריכטעט גלייך אויף איהם. עס איז אי־מער אומאנגענעם צו האבען פאר זיך דאס אפענע פיסקעל פון א רע־וואלווער, און אויב עס איז צוויי איז דאס אין צווייען אומאנגענעם.

די געסט אין די מאסקעס האבען איהם ניט באלעסטיגט מיט קיין לאנגען געשפרעך. איינער פון זיי האט איהם שטילינקערהייט פאר־געשלאגען איהם אפגעבען טויזענט רובעל, און די אנדערע טויזענט, האט ער גרויסמוטיג ערלויבט צו לאזען זיך, ווייל זיי ווייסען, אז היינט האבען די פויערים געבראכט צוויי טויזענט רובעל, וועלכע זענען נאך ניט אוועקגעטראגען געווארען אין באנק.

אין הויז איז געווען פאלשטענדיג שטיל. אזוי ווי אלע וואלטען אומיסטן איינגעהאלטען דעם אטעם; נעבען טיר פון סערגעי'ס צימער, האט זיך קוים געמערקט אין דער פינסטער נאך א געשטאלט. אפשר איז דארטען געווען נאך א צעהנדלינג געשטאלטען.

דער פארשלאג איז געמאכט געווארען אויף אזוי פיל רוהיג און זיכער, אז עס האט זיך געפיהלט אונטער איהם א פעסטער באשלוס צו שיסען אין פאל פון אן אפזאג. איהם, סעמיאן וואסילעוויטש'ן האט זיך ניט געגלוסט צו ברענגען זיינע געסט צו אזוינע עקסטרעמע האנדלונגען. דעריבער האט ער גענומען איין טויזענטער און האט איהם איבערגעגעבען דעם ערשטען הער. יענער האט צוגענומען דאס געלט מיט זעהר א העפליכען נייג, ער האט דאס איבערגעצעהלט און גלייך אויפ'ן פלאץ אלץ איבערגעגעבען דעם אנדערען. צוליעב דעם, ווייזט אויס, אז אויב מען וועט כאפען איינעם, וועט דאך א העלפט גאנץ בלייבען.

נאך דעם האבען זיי אלץ אזוי שטילינקערהייט רעקאמענדירט סעמיאן וואסילעוויטש'ן ניט טומלען, ניט שרייען און אין אלגעמיין פון זיין אייגענער רוהיגקייט וועגען אמשנעלסטען פארגעסען וועגען אט דער פאסירונג. זיי זענען זעהר ליעבע און זארגפולע מענשען, און זענען אוועקגעגאנגען.

פונדעסטוועגען האט ער זיך ניט איינגעהאלטען און האט עס דערצעהלט גלייך ווי זיי זענען נאר אוועקגעגאנגען. זאלען זיי זיך ניט באליידיגען. דאס וועט זיי ניט באומרוהיגען, און די פאסירונג איז דאך זעהר אן אינטערעסאנטע.

און סעמיאן וואסילעוויטש האט נערוועז געריבען די הענט.

דאס איז געווען אזוי אומגלויבליך, אומערווארטעט, פשוט און שנעל, אז צוערשט האבען אלע גערענקט, צו מאכט סעמיאן וואסי־לעוויטש ניט קיין שפאס. אבער דאס קייטעלע ביי דער טיר איז געווען איבערגעשניטען, אויפ'ן דיל זענען געבליבען סימנים פון שמו־ציגע פיס, און די טיר איז געשטאנען ניט קיין פארשלאסענע.

— דאס איז אימיצער א היימישער! — האט אין אויפרעגונג אויסגעשריען קאטערינא אנדרעיעווגא. — אומבאדינגט א היימישער!

— פארוואס? — האט זיך פארוואונדערט סערגעי. ער איז קענטיג, געווען גערדריקט פון פאטערס ערצעהלונג, ער האט אפט גע־כאפט א קוק אויף דארא'ן. נאר זי מיט א גרויסען שאל אויפ'ן קאפ, וואס האט איהר אויך פארדעקט די פלייצעס האט ניט געקוקט אויף איהם. זי איז געווען בלאס און מאדנע רייצענד שעהן.

— פארוואס? — האט אויסגעשריען קאטערינא אנדרעיעוונא.

— אט מאקע דערפאר, וואס, ווער אנדערש האט געקענט וויסען אז מען האט נעקראגען פון די פויערים צוויי טויזענד? ווער?

—— ווער דו ווילסט.

— ווי אזוי איז דאס „ווער דו ווילסט“?

— אך, מאמא! די פויערים אליין האבען דאס געקענט טאן. אדער זאגען ווער ניט איז. מאלע ווער...

טאראס האט מיט גרויסע אנגעשטרענגטע אויגען געקוקט אויף אלעמען, זיצענדיג אויפ'ן דיוואן, אזוי מורא'דיג גלייך, אומבאוועג־ליך, ווי א פארגליווערטער.

— ניין, האט איינגעשפארט געגומען שאקלען מיט'ן קאפ קא־טערינא אנדרעיעוונא. — דאס איז א היימישער! מען דארף דאס אלעס שוין צו גוט וויסען, אז מען זאל קומען דעם זעלבען טאג. קיין פרעמדער האט ניט געקענט אזוי גוט וויסען די לאגע פון די צימערען און פון די טירען... און אלעס. זיי זענען דאך געקומען גלייך צו

סעמיאָן וואסילעוויטשען. גלייך... אַהן שום טומעל... זיי האָבען ניט געזוכט... איך גיב מיין קאָפּ, אַז דאָס... איז מיראָן!

— אַך, מאַמאַ! — האָט מיט פּאַרדרוס אויסגעשריען ווערא. סערגעי האָט אַ קרומען שמייכעל געטאָן. דאָרא האָט מיט אַ טיעפער איבעראַשונג אַ קוק געטאָן אויף קאַטערינאַ אַנדרעיעווגאַ, און איז מיר־ניט־דיר־ניט איינגאַנצען רויט געוואָרען.

— וואָס „מאַמאַ“? — האָט זיך קאַטערינאַ אַנדרעיעווגאַ אויס־געקערעוועט צו ווערא'ן. — וואָס? דאָס קען ניט זיין? יאָ?

— און איינער פון זיי, איז טאַקע מיט'ן געשטאַלט זעהר ענליך צו מיראָנען, — האָט סעמיאָן וואַסילעוויטש אַ לאַך געטאָן, ניט אויפ־הערענדיג אַרומגעהן.

טאַראַס איז פּלוצלינג אויפגעשפּרונגען, האָט אַ קוק געטאָן מיט אַ צומישטען, דערשראָקענעם בליק און אַרויסמורמלענדיג עפּעס, איז ער מיט אַ מאָדנעם אויסזעהן אַנטלאָפען צו זיך אין צימער. קיינער האָט דעם ניט געשאָנקען קיין באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט און אין גיכען זענען זיך אַלע צוגאַנגען, עפּעס אַזוי מיט אַמאָל איבערהאַקענ־דיג דעם געשפּרעך וועגען מיראָנען. נאָר אַלע האָבען זיך פאַרטראַכט.

אויף מאָרגען האָט זיך די גאַנצע גאַס דערוואוסט וועגען דער עקספּראָפּריאַציע, אַזוי אַז סעמיאָן וואַסילעוויטש איז געווען געצוואונ־גען צו געבען אַן ערקלערונג דער פּאָליציי. מען האָט געמאַכט אַ פּראָ־טאָקאָל, מען האָט באַטראַכט די טירען, דאָס איבערגעשניטענע קיי־טעלע, די ניט אויסגעווישטע סמנים פון די פיס און מען האָט אַלע פאַרשריבען.

אין דער פריה באַ טעה, ווען סעמיאָן וואַסילעוויטש האָט גיפטיג אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז מעגליך עס זאָל אויסקומען צו האָבען צו טאָן מיט דער פּאָליציי, האָט דאָרא זיך פּלוצלינג געווענדט צו קאַ־טערינאַ אַנדרעיעווגאַ און נאָכלעסיג געזאָגט:

— מיר דוכט, מאַמאַ, אַז איהר דאַרפט גאָר ניט רעדען וועגען מיראָנען. פאַר זיכער ווייסט איהר גאָר ניט, און מען קען אַ מענשען אויב ניט הענגען, איז אַריינזעצען אין טיורמע... און פאַר אונז איז דאָס ניט גוט: מען וועט דענקען אַז מיר נעהמען פון איהם נקמה...

און איהרע אויגען האָבען פאַרשעמט און אַנגעשטרענגט נאָכגע־

פאלגט קאטערינא אנדרעיעוונא׳ן. ארומגערינגעלט מיט שווארצע רינגען, זענען די אויגען, ווי פול געווען מיט עפעס א מין נאכט סוד. קענטיג, אז זי איז שוין די גאנצע איבעריגע טייל פון דער נאכט ניט געשלאפען.

קאטערינא אנדרעיעוונא האט זיך אזש דערשראקען.

— נו, געוויס, געוויס! איך האב נאר בלויז אזוי... עס פעלט בלויז, אז מען זאל נעהמען ווענען אונז רעדען...

— איך זאג דאס דערפאר, ווייל ביינאכט האט איהר...

— ביינאכט זענען אלע געווען אויפגערעגט... — האט טויב געזאגט סערגעי און האט זיך פארהוסט. ער האט זעהר שלעכט אויסגעזעהן. ער איז געווען אינגאנצען גרוי, זיין גרויסע קאפ האט אויסגעזעהן נאך גרעסער, און די פלאטשיגע ברוסט האט געמאכט דעם איינדרוק פון איין אויסגעבויגענער גלאז. דאס גאנצע בערדעל האט זיך טריב פארבויגען אויף אינווייניג.

טאראס האט גאר ניט גערעדט און איז שנעל אוועק צו זיך. דארטען האט ער זיך אוועקגעלייגט אויף דער ניט צוגעבעטער בעט און קוקענדיג אין סטעליע איז ער אפגעלעגען א גאנצען טאג. מיטאג איז ער ניט געגאנגען עסען. צומאל פלעגט ער אויפשפרונגען און געשווינד, אט ווי ער וואלט אנטלויפען פון עפעס, נעהמען אומלויפען איבער׳ן צימער און זיך ווידער לייגען.

אין הויז האט זיך געמערקט א ניט באהאלטענע אויפרעגונג. מען האט זיך באמיהט צו רעדען ווענען די געוועהנליכסטע זאכען, מען האט אמיסטנע זארגלאז געלאכט, אבער די אנשטרענגונג האט זיך צו קלאר געמערקט. דערפאר זענען אלע אין הויז צו אוועגד צו שוין געווען פארוואלקענט, צורייצט און זיך באהאלטען אין זייערע ווינקעלאך.

עס איז געווען א זייגער זעקס. דארא האט אנגעצונדען א ליכט אין גאסט־צימער און האט שטיל געשפיעלט עפעס א טרויעריגע און שטרענגע זאך.

סערגעי, אט אזוי ווי ער וואלט עפעס דארפען, איז עטליכע מאל שטיל ארוים פון זיין צימער, און דורכגעגאנגען דעם גאסט־צימער. ער האט עפעס געזוכט און אונטערהוסטענדיג האט ער אומענטשלאסען

געקוקט אויף דאַראַ׳ס שעהנע, ווי געטאָקטע פּלייצעס. זי, זיך ניט אויסקערעווענדיג, האָט געוואָרפען בליקען אויף איהם פון דער זייט און האָט פאַרטגעזעצט שפּיעלען. ער איז זיך אוועקגעגאַנגען.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ קלינג. דאַראַ האָט זיך אויפגעהויבען און איז געגאַנגען עפענען.

עס איז אריינגעקומען מיראַן.

— וואָס מאַכט איהר! — האָט ער פרעהליך אויסגעצויגען, אריינקומענדיג אין פאַר־צימער. — טאַראַס איז אין דער היים ?

— ער איז אין דער היים... — האָט שטיל געענטפערט דאַראַ.

— קומט אריין.

— איך בין אויף אַ ווײַלינקע...

— טאַראַס ! — האָט דאַראַ אָנגעקלאַפּט אין זיין טיר.

— קומט אריין ! — האָט זיך טויב דערהערט.

דאַראַ האָט אויפגעעפענט די טיר און אַפּגעריסען, ווי עס וואָלט איהר שווער געווען צו רעדען געזאָגט :

— דאַרטען... וויל.. אייך זעהן... מיראַן...

— מיראַן ? ! — איז דערשראָקען אויפגעשפּרונגען טאַראַס.

— וואָס איז מיט אייך ? — האָט זיך אזוי ווי פאַרוואונדערט דאַראַ.

— גאַר ניט... אזוי... איך וועל באַלד... איך וועל באַלד...

— נו — יאָ... ערלויבט מיר... ער איז דאַרטען ?

ער איז פאַלשטענדיג צומישט געוואָרען. אין דעם בלאַסען פּאַס פון די לאַמטערענס פון גאַס האָט מען געקענט זעהן זיינע אומרויפּענדע, ברייט צועפּענטע און אומרוהיגע אויגען.

— אבער, וואָס איז מיט אייך ? ! איז דאַראַ פּלוצלינג אין כעס געוואָרען. — געהט, ער וואַרט אויף אייך !

טאַראַס האָט זיך גלייך, אין איילעניש אַ לאָז געטאָן פאַראויס.

מיראַן האָט געוואַרט אויף איהם אויף׳ן שוועל פון גאַסט־צימער, רוהיג זיך ארומקוקענדיג, און ציהענדיג מיט איין האַנט די וואָנצ אויף ארויף.

— געהט אריין אין גאַסט צימער, האָט איהם בייז אַ זאָג געטאָן דאַראַ. — וואָס שטעהט איהר דאַרטען ?

— איך בין ניט אויף לאנג...

— אלץ איינס.

מיראן איז אריינגעגאנגען. דארא איז דורכגעגאנגען נאהענט זרום איהם און, כלומרשט, פארבייגעהענדיג איהם אריינגעקוקט אין פנים אריין, דערביי האט זי פאריכט מיט'ן פוס דעם טעפיך.

עס איז געקומען צולויפען טאראס.

— וואס מאכט איהר... — האט ער געזאגט פארלארען און האט זיך מיט זוכענדיגע אויגען איינגעגעסען אין מיראנען.

— גאנץ גוט! — האט געענטפערט מיראן, פלינק, נאר אויפמערקזאם אפמעסטענדיג איהם מיט די אויגען פון קאפ ביז די פיס. און איך דארף אייך האבען... וואס זעהט איהר אויס אזוי? איהר זענט ניט געזונט? איך וויל אייך זאגען עטליכע ווערטער.

— גוט, איך וועל באלד... האט זיך טאראס גענומען איילען.

— מיר וועלען דא רעדען... אדער מיר וועלען ארויסגעהן?

— מיר וועלען בעסער געהן...

— גוט, איך וועל באלד...

און איז געבליבען שטעהן, מאדנע אריינקוקענדיג מיראנען אין פנים אריין, אז ווי ער וואלט דארטען עפעס זוכען.

— איהר האט געהערט, מיראן, — האט פלוצלינג הויך און רוהיג אנגעהויבען דארא, — ביי אונז איז היינט ביינאכט געוועזען אן עקספראפריאציע...

— וואס רעדט איהר?! — האט פארוואונדערט זיך פלינק אויסגעקערעוועט צו איהר מיראן.

— יא.

— ווי אזוי?

— זעהר פשוט. עס זענען געקומען פארמאסקירטע חברה, זיי זענען דורכגעגאנגען גלייך צו סעמיאן וואסילעוויטשען מיט רעוואלווערען אין די הענט און געפאדערט טויזענד רובעל.

— נו, און? — האט מיראן הויך אויפגעהויבען די ברעמען.

דארא האט פארשעהנד א קוק געטאן אויף איהם. איהרע נאזפליגעל האבען זיך געהויבען.

— נו, און סעמיאן וואסילעוויטש האט זיי געגעבען, זענען זיי אוועקגעגאנגען. איהר האט דען ניט געהערט דערפון?

— איך? — האט זיך פרעהליך פארוואונדערט מיראן. — און פון וואנעט זאל איך וויסען? אט דאס איז א שעהנע מעשה! נו, און וואס־זשע? מען האט געוועהנליך, גלייך, באדארפט רופען פאליציי. ווי לאזט מען דאס אזוי?!

עטוואס פינקלענדיגעס, שפאטיש־פרעהליכעס איז אומגעלאפען אין זיינע גרינבליכע אויגען.

— פאליציי איז גערופען געווארען.

— יא? פארשטענדליך! דאס איז דאך עפעס אזוינס דער טייפעל ווייסט וואס! סעמיאן וואסילעוויטש איז זיכער שטארק צו־דרעהט? אט גאר אזא געשיכטע! א סך זענען זיי געווען?

— איך וויים ניט. צוויי זענען געווען אי קאבינעט. סעמיאן וואסילעוויטש זאגט, אז איינער פון זיי איז זעהר ענליך צו אייך.

מיראן האט זיך פרעהליך צולאכט.

— אויף מיר? עס קען ניט זיין?! אט דאס געפעלט מיר...

— כא־כא־כא!

— אבער איהר זאגט דאך, אז זיי זענען געווען אין מאסקעס.

דארא האט פון איהם ניט אראפגענומען די אויגען פון וועלכע עס האט ארויסגעשיינט אזא מאדנער, אויפגערעגטער און ווייכער אויס־דרוק.

— ענליך מיט'ן געשטאלט.

— מיט'ן געשטאלט בלויז? דאס איז נאך ווי סע ניט איז.. און מעהר מיט גארניט?

— און איהר האט מורא?

— פארשטענדליך! אט, טאמער האבען געפעלט צרות! עס איז טאקע אן אמת'ער פארגעניגען צו געהן אויף דער תליה, נאר איך וויל ניט.

— אויב דאס איז געווען ניט איהר, טא וואס געהט עס אייך אן?

— נו, דאס... ווייסט איהר... אבער, הערט זיך איין: מיר דאכט,

אז איהר מיינט אויף אן אמת, אז דאס בין איך געווען? כא־כא־כא! אט דאס געפעלט מיר!...

און מיראן האט פרעהליך צופיהרט מיט די הענט.

—דאס איז אינטערעסאנט! נו, און איהר, טאראס, פונדעסט־וועגען... נעהט אייער היטעל און קומט. און וואס קוקט איהר אויף מיר אזוי, ווי אויף א גייסט, אדער ווירקליך ווי אויף אן עקספּראָ־פּריאטאר. א? געהט טוט זיך אן און קומט.

טאראס האט זיך אויטאמאטיש אויסגעקערעוועט און איז אוועק צו זיך אין צימער. מיראן האט מיט א שמייכעל אין די אויגען זיך ארומגעקוקט ארום און ארום.

דערנאך האט ער זיך ווי דערמאנט אן עפּעס און אויסשרייענדיג „אהא!“ האט ער פלינק ארייגעלייגט די האנט אין קעשענע. ער האט ארויסגענומען עפּעס א בריף און האט איהם דערלאנגט דארא'ן מיט א העפליכען שמייכעל.

— גוט, וואס כ'אב זיך דערמאנט. לייענט איבער.

דארא האט גענומען דעם בריף און האט איהם איבערגעלייענט

„דו געהסט אומזיסט, ראניא, אומזיסט שלאגסטו זיך אפּ די פיס. געה ניט און מאך זיך דא ניט צום נאר. איבער דיר לאכט מען שוין דא פון מיר. און אויב דו ווילסט אז איך זאל דיר אויף אן אמת'ן גלויבען, טא נעם דיין דארא'ן און ווערא'ן און קום מיט זיי אהער. בייג זיך פאר אלעמען צו מיינע פיס און גיב א קוש אין האנט מיך און מיין גאסט. אט דאן וועל איך זעהן, אז דו רעספּעקטירסט מיך. און זאלען דיינע דאמען זיך דורכטאנצען מיט אונזערע געסט און מיך אויך בעטען. און זאלען זיי קומען מיט קאוואלערין. נאר אהן זיי קריך ניט, ווייל איך וועל ארויסטרייבען. מאריא קאפּטשענקא“.

דארא אנכמורענדיג די ברעמען האט אומגעקערט דעם בריף מיראנען.

— זי האט דאס געשריבען מסתמא אין א שכור'ן צושטאנד? האט דארא כמעט גלייכגילטיג ארויסגערעדט.

— מעגליך. און ניט אליין, נאר צוזאמען מיט די איבעריגע. אבער פונדעסטוועגען, נעהמט איהר אן איהר איינלאדונג? איהר האט אמאל געוואלט...

דאָרא האָט אַ קוק געטאָן אויף איהם.

— עס ווילט זיך אייך זעהר, אַז איך זאָל באַליידיגען אייער שוועס־טער?

— מיט וואָס?

— דערמיט וואָס איך וועל געהן. איך וויל דאָס ניט...

— ווי איידעל איהר זענט!

מיראָן האָט זיך אין פאַרלעגענהייט צולאַכט, און האָט באַהאַלטען דעם בריף.

דאָרא האָט זיך פאַרטראַכט, אַט ווי זי וואָלט גלייך פאַרגעסען וועגען בריף און אַ פאַרוואַלקענטע אויסגעגלייכט די קנייטשען אויפ'ן טישטוך. איהר הויכע, יונגע בריסט האָבען זיך אויפגעהויבען און אַראָפּגעלאָזען. זי איז זעהט אויס געווען שטאַרק אויפגערעגט פון עפּעס.

— מיראָן! דאָס האָט איהר געמאַכט די עקספּראָפּריאַציע?

— האָט זיפּלוצלינג שטיל און פלינק געפרעגט און האָט דערביי גע־קוקט אויף איהם מיט אַזוינע גוטע, פאַרטרוילּיכע און מאָדנע אויגען.

— איהר? יאָ?

מיראָן האָט פאַרוואונדערט אויפגעהויבען די ברעמען.

— וואָס רעדט איהר?! גאָט זאָל זיין מיט אייך!

— מיראָן, זאָגט מיר!

מיראָן איז מיט אַמאָל שטאַרק רויט געוואָרען. זיינע אויגען זענען פון כעס פינסטערער געוואָרען. ער האָט אויך גענומען רעדען שטילער.

— און איהר וואָס? מאַכט זיך נאַיוו, אָדער איהר רעכענט מיך פאַר אַ נאַיווען? ווירקליך, וואָס ווילט איהר? איהר ווילט אויס־געפינען, ווער עס האָט ביי אייך ארויסגעשלעפּט אַ טויזענדער? ווענדט זיך צו דער פּאָליציי!

דאָרא איז בלאַס געוואָרען און האָט שווייגענדיג געקוקט אויף איהם. און פּלוצלינג האָט זי צוגעלייגט די האַנט צום באַק און האָט מיט עפּעס אַ מין פיינליכען דערשרעק, אַט ווי זי וואָלט דאָס אַקאָרשט ערשט באַמערקט, שטיל און כמעט אונבאַוואוסטזיניג אויסגעצויגען:

— אַך, ווי שטאַרק איהר האַסט דאָס מיך! ווי איהר האַסט!

מיראן האט געשווינד א קוק געטאן אויף איהר, האט א ברום געטאן און אומרוהיג זיך גענומען רירען, דאן האט ער ענטשלאסען א מאל געטאן מיט'ן קאפ, אט ווי ער וואלט ארויסווארפען פון דארטען עטוואס איבעריגעס.

— טאראס, וועט איהר דארטען מאכען שנעל? — האט איהם הויך א רוף געטאן מיראן.

— באלד... באלד... איך זוך... האט זיך דערהערט פון טאראס צימער.

דארא האט צוגענומען די האנט און, ווי פון וועהטאג כמורענדיג די ברעמען האט זי טויב אדער פעסט געפרעגט:

— זאגט, איהר האסט מיך זעהר?

מיראן האט זיך נאך מעהר אנגעכמורעט און גענומען אומרוהיג קנייטשען די הוט, אבער ער האט גאר ניט געענטפערט.

— זאגט, מיר ווילט זיך דאס איצט זעהר שטארק וויסען... מיראן!

מיראן האט א קוק געטאן אויף איהר, ער האט א לאך געטאן און זיך אומגעדולדיג אויסגעקערעוועט צו טאראס צימער.

— נו, גיכער שוין טאראס! וואס פאר א טייפעל האלט אייך דארטען?

— איהר ווילט ניט ענטפערען? — האט שטיל ארייננגעווארפען דארא, פארבייסענדיג א ליפ און שווער אטעמענדיג.

— ניין.

— פאר וואס?

— ווייל איך וויל ניט.

— פאר וואס־זשע ווילט איהר ניט?

מיראן האט זיך הארט און בייז אויסגעקערעוועט צו איהר.

— און וואס ווילט איהר אין אן אמת'ן?! — האט ער זיך אנ־געצונדען. — וואס ווילט איהר פון מיר? וואס געהט אייך אן מיין ליעבע אדער האס? וואס איז דאס פאר א געשפרעך? דערצעהל איהר צי דו האסט דאס געטאן... וואס רעדט איהר?! ס'ארא מאדנע נאיוויטעט? צוליעב וואסערע מעשים טובים זאל איך זיין מיט אייך אפענהערציג, אפילו ווען איך זאל דאס האבען געטאן? האס? וואס

פאר א האס? פארוואס? וואס קעהרט איהר מיר אן? צו די קי־סעלסקים געהט שמועסען וועגען געפיהלען, און מיך לאזט צורוה. צי מיט אט דעם שטריקעלע ווילט איהר ארויסכאפען אייער טויזענדער? אן עברה, אמת? ארימע! נשקשה, די פויערלאך, וועלען לייגען נאך אן אייעלע און ניט קיין פשוטע, נאר א גאלדענע... אויך די פאר־ליציי וועט זיך באמיהען.

דארא האט פארשטעלט מיט די הענט דעם פנים, ווי זי וואלט זיך באהאלטען פון די בייזע בייסענדיגע ווערטער. זי האט צוגענומען די הענט און א בלאסע מיט ציטערענדיגע פון פיין ליפען, וואס האַ־בען קרום געשמייכעלט, האט זי שטיל געזאגט:

— אך, ווי איהר טוט מיר וועה. אך, ווי שרעקליך איהר טוט מיר וועה! און זי האט לאנגזאם א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ, ווי מען טוט עס ביי א מורא'דיגען אונערטרעגליכען קאפ וועהטאג.

מיראן איז אנטשוויגען געווארען, ער איז בלאס געווארען און האט געשווינד געמאכט א שריט צו איהר, נאר ער האט זיך פלוצלינג מיט אמאל אפגעשטעלט.

— עט, בעסער אזוי! אלץ איינס! זייט געזונט!

און הארט זיך אויסקערעווענדיג, איז ער איילענדיג, ווי ער וואלט אנטלויפען, ארויס אין פארצימער.

דארא האט זיך לאנגזאם שטיל אראפגעלאזט אויף א שטול און אלץ מיט דעם זעלבען קרומען און אומבאוואוסטזיניגען שמייכעל, זיך מאכטלאז מיט'ן גאנצען קערפער אנגעשפארט אין ווענטעל פון שטול.

אין דער צייט איז ארויסגעלאפען טאראס.

— שוין... איך געה!... געזוכט די היטעל... אונטער'ן בעט... ער האט לויפענדיג אנגעטאן די היטעל און האט ניט באמערקט דארא'ן.

אויפ'ן גאס זענען זיי א קורצע וויילע געגאנגען שווייגענדיג. מיראן איז געווען פארפינסטערט און טאראס האט אומרוהיג און ניט געוואגט איהם אריינגעקוקט אין די אויגען און זיך געטרייסעלט פון קעלט.

— איהר זענט — א שוטה! — האט פלוצלינג בייז געזאגט מיראן, זיך אויסקערעווענדיג צו טאראסען. יענער האט זיך ניט באַ־לײדיגט נאר פארוואונדערט.

— פארשטעהט איהר? וואס האט איהר אזוי געקוקט אויף מיר? וואס איז דא אזוינס געפערליכעס, אויב איהר וואלט אפילו אויף קיין האר ניט געצווייפעלט אז דאס האב איך געטאן? אז איך האב ארויסגעריסען אייגעם פון א סך טויזענדער ביי א גנב? א שוטה זענט איהר! קוקט, ווי א קאלב אויף א נייעם טויער. אפשר האט איהר נאך געפלאפעלט ועגען אונזער געשפרעך? יא?

— ניין, איך האב קיינעם גארניט געזאגט.

נאך אזוי אויך גוט. אט די נארישקייט האט בלויז געפעלט. איך האב דאס געטאן. איך האב די פינף הונדערט רובעל, וועלכע איך וועל אייך באלד געבען. די אנדערע פינף הונדערט האבען די אסיסטענטען גענומען. איך וואלט אייך ניט געבען, ווען איך זאל ניט זיין זיכער, אז ביי מיר וועט אליא געהמען. אויסער דעם, וועל איך איינגיכען אוועקפאהרען פון דאנענט.

טאראס האט ארויסגעמורמעלט.

— שווייגט און הערט. דערפאר גיב איך זיי אייך. איהר טוט אזוי: לייגט זיי אריין אין באנק; און א שטיקעל צייט וועט איהר לעבען, ווי פריהער. איהר האט אפגעגעבען אין דער היים יענע פופ־צעהן רובעל וואס איך האב אייך געגעבען?

— ניין... איך האב זיך פארגעסען...

— אך, ווי נאריש איהר זענט! פארוואס האט איהר ניט אפ־געגעבען? שוין־זשע פארשטעהט איהר ניט, נעהמט אייך דער טיי־פעל, אז אין דער היים איז איצט יעדער רובעל טייער? איצט געהט גלייך און טראגט אוועק! איהר הערט?

— גוט... — האט ארויסגעברומט טאראס.

— און די פינף הונדערט רובעל טראגט אריין אין באנק, און דערוויילע ריהרט זיי ניט. דערנאך, וועט איהר ווי סע ניט איז זאָ־גען, אז איהר האט באגעגענט א באקאנטען, וועלכער האט גענומען ערענסט אייער לאגע צום הארצען און האט געקראגען פאר אייך געלט. פארשטעהט איהר? צוערשט וועט איהר ארויסנעהמען א הונדער־טער. אויף די געלט, אדער צוליינענדיג נאך, וועט מען דארפען דינ־גען פאר אליא'ן א מאסטערסקאיא. זי וועט איינלאדען נאך חברים און וועט מאכען אן ארטעל אדער עפעס ענליכעס. דאס איז א פראַ־

יעקט נאָר פּאָר דערוויילע... דעם טאַטען דאַרף מען אָוועקגעבען אין א שפּיטאָל, און איהר אַליין דאַרפט אַריין אין א סאַניטאַריום; אַנ־דערש וועט אייך אַלעמען צונעהמען דער שוואַרץ יאָהר.

טאַראַס האָט זיך אַפּגעשטעלט.

— איך וועל אויך אייערע געלט... ניט נעהמען... — האָט ער געזאָגט מיט אַנשטרענגונג.

— וואָ־אָס ? ? — האָט אויסגעצויגען מיראָן.

— איך... קען ניט.

מיראָן האָט איהם דורכדרינגענד אַריינגעקוקט אין פּנים אַריין און האָט זיך צולאַכט.

— פּע, ס'אַרא מינע אידיאָטען איהר זענט דאָס אַלע ! נו, צו־ליעב וואָס מאַכט איהר אָט די קאָמעדיע ?... קומט, מיר ציהען אויף זיך אויפמערקזאַמקייט... פאַרוואָס „קאָנט" איהר ניט.

— און איהר דענקט אַז איך קאָן ?

— גאַטוניו ?...

— וואַרט ! איז דען דאָס ניט אַלץ איינס, ווי טאָן ?

— וואָס הייסט ?

— אַזוי. דאָס איז אַלץ איינס. איך האָב זיך דאָך ניט „דער־טראַכט" צו טאָן ? אמת ?

— נו ?

— מיראָן האָט געפּרעגט שוין ניט אַזוי זיכער. טאַראַס האָט דאָס באַמערקט.

— אויב איך האָב זיך ניט דערטראַכט צו טאָן, שוין זשע האָב איך אַ רעכט צו נעהמען ?

מיראָן האָט געשוויגען א ווײַלע, קוקענדיג פאַר זיך מיט אָנגע־שטרענגטע אויגען. טאַראַס האָט איהם אומרוהיג אַריינגעקוקט אין פּנים.

— ניט ריכטיג ! — האָט ער אַם ענדע ענטשלאָסען א מאַך גע־טאָן מיט'ן קאָפּ. — דאָס נעהמט איהר פון מיר און דאַרטען פון קי־סעלסקין. דאַרטען נעהמט איהר מיט גוואַלד, און דאָ גיט מען אייך. עס איז א גאַנץ אַנדער קאָמבינאַציע. נו, און דאָס איז נאַרישקייטען. נעהמט דאָס געלט !

— באהאלט, נשקשה. און געהט גלייך אהיים. מארגען אין דער פריה וועט איהר דאס געלט אריינטראגען אין באנק, היינט איז שוין שפעט. און א סוף... רעדט זיך דורך מיט אליא׳ן און דערלאזט בשום אופן ניט צו קיין נארישקייטען. אין פאל פון וואס ניט איז... לויפט צו מיר. טאמער טרעפט איהר מיך ניט, לאזט איבער א צע־טעלע. פארשטאנען?

— יא...

— און הערט זיך איין: נעהמט זיך אין די הענט. קלייבט צוזאמען אייער גאנצע זעלבסט ליעבע. איהר קוקט דאך אויס אזוי צוקראכען, אז עס איז פשוט מיאוס אויף אייך צו קוקען. עס איז א שאנדע. קראנקהייט איז קראנקהייט, און צולאזענקייט איז ניט מעהר ווי צולאזענקייט. אויב איהר קענט לויפט אריין מארגען מיר זאגען ווי אלעס וועט אפגעהן. און די קיסעלסקים זענען פעסט איבערצייגט, אז דאס האב איך געטאן?

— ניין... א פארדאכט בלויז... א לייכטער פארדאכט. טאראס האט ענטשלאסען באהאלטען דעם פאקעט און פעסט צוזאמענגעפרעסט די ליפען, ווי ער וואלט זיך אויף עפעס באשלאסען.

— און ווי האט זיך דארא באצויגען? — האט גלייכגילטיג געפרעגט מיראן. נאר פון דער זייט האט ער לעבדיג זיך צוגעקוקט צו טאראסען.

— דארא, גארניט... היינט אין דער פריה האט זי געזאגט, אז מען זאל גארניט זאגען דער פאליציי וועגען דעם פארדאכט אויף אייך.

— יא?... און ווי האט זי זיך באצויגען... צו דער עקספרא־פריאציע?

— זי האט גארניט געזאגט. נאר עס געפעלט איהר זיכער... טאראס האט א שמייכעל געטאן.

— עס געפעלט איהר? — האט נאך גלייכגילטיגער געפרעגט מיראן. — מאדנע... איהר האט געהערט?

—יא, זי האט היינט געזאגט סערגיען עפעס אין דעם זין... טאראס האט ווידער א שמייכעל געטאן.

— סערגעי איז זעהר... פארביטערט... ביי א סאציאליסט אן עקספראפריאציע... נו, נו!

— ממ! האט אויסגעצויגען מיראן פארטראכט. זיי האבען געשווינגען א ווײַלע. טאראס האט געציטערט פון קעלט.

— נו, אלץ איינס! — האט פלוצלינג שטארק אפגעזיפצט מיראן און האט זיך צולאכט. — אזוי וועט זיין.

— וואס? — האט געפרעגט טאראס.

— גאר נים. דאס האב איך אזוי... נו, צום ווידערזעהן. איך דארף אהער... קומט אריין מארגען.

— צום ווידערזעהן. כ'וועל אריינגעהן.

— ארום פיער.

— גוט...

מיראן איז אריין אין טיר פון יענעם הויז וואו עס האט געוואוינט נאטאליא.



# XI.

ערשט אין אווענט נאכ'ן עסען האט סערגעי געפרעגט ביי דארא'ן, נאך וואס איז מיראן געקומען. דארא האט זעהר גלייכגילטיג געענט־פערט, אז ער האט געדארפט טאראסען. און אויף דער פראגע וואס מען האט גערעדט, האט זי מיט א געגעץ געענטפערט:

— אזוי... כ'געדענקט ניט... וועגען קליינינקייטען עפעס...

זיי זענען געזעסען ביי דארא'ן אין צימער. סערגעי איז אומגע־גאנגען פון ווינקעל צו ווינקעל און האט פארזיכטיג אונטער געהוסט. דארא האט זיך געשפיעלט מיט'ן מעסער וואס מען שניידט פאפיער.

סערגעי האט זיך אפגעשטעלט און האט ערקלערט דארא'ן, אז ער האט געפונען א שטאנדפונקט פון וועלכען עס איז זעהר באקוועם צו שרייבען א רעפעראט וועגען מיראנען. דאס איז סאציאלע גיני־ענע. אין איהר איז ניטא ניט קיין מאראל, ניט קיין קלאסען. זי איז וויכטיג פאר אלעמען, סיי פאר די ארבייטער, סיי פאר די בורזשויען. אלע זענען פאראינטערעסירט אין דער דערהאלטונג פון דעם געזעל־שאפטליכען געזונט. אויף אזא אופן וועט שוין מיראן גוט ניט אפ־שניידען.

דארא האט איהם אויסגעהערט מיט א מאדנעם שמייכעל. צו־מאל האט זי זיך גערויטעלט און פארוואלקענט. זי האט מיט די אויגען ארומגענומען זיין איינגעשרומפטען געשטאלט און זיך אויף דאס ניי פארויטעלט, אבער זי האט גאר ניט געזאגט. סערגעי האט לאנג גערעדט. ער האט זיך אפילו אויפגערעגט. דארא האט געשווי־גען.

עס איז געווען שטיל. פון וויייטענס האבען זיך קוים דערטראגען קלאנגען פון דער פיאנא. עס האט געשפיעלט, זעהט אויס, קאטערינא אנדרעיעווגא.

סערגעי איז אנטשוויגען געווארען און האט געווארפען בליקען אויף דארא'ן. פלוצלינג האט ער אומערווארטעט איהר שטיל פאר־געשלאגען פארבלייבען צו נעכטיגען ביי איהר די נאכט. דערביי איז ער רויט געווארען און האט זיך פארלארען און שולדיג אפגעשטעלט גענען איהר. דארא האט ערשטוינט און שווייגענדיג אויפגעהויבען אויף איהם די אויגען. אין זיין בליק איז געווען אי פארלעגענהייט אי מורא צוזאמען מיט ערווארטונג, אז זי זאל זיך אפזאגען.

דארא האט זיך פארדרייטעלט. זי האט א לאך געטאן און האט זיך שווייגענדיג אויפגעהויבען פון פלאץ; זי האט איהם ארומגענו־מען און שטילענקערהייד ארויסגעבאליים פון צימער.

— געה שוין געה... דו דארפסט שלאפען. אוועק. עס איז ניט גיגיעניש...

זי האט זיך זאגאר צולאכט מיט א הארטען און טרוקענעם גע־לעכטער. סערגעי האט ניט איבעריג פראטעסטירט, ער האט עפעס ארויסגעמורמעלט, און האט אויך געלאכט מיט א געצוואונגענעם גע־לעכטער. אין אט דעם געלעכטער האט זיך געפיהלט עפעס, ווי דאנק־בארקייט, שולדיגקייט און דריקענדע — אומרוהיגקייט. אויפ'ן שוועל האט ער זיך אפגעשטעלט און איהר געוואלט אריינקוקען אין פנים, אבער זי האט איהם ארויסגעשטופט מיט א ווייכער ענטשלאסענהייט און האט פארמאכט די טיר.

ביז ארום צוויי אזייגער ביינאכט האט זי זיך ניט געלייגט שלא־פען. זי איז שטורמיש אומגענאנגען איבער'ן צימער, מיט דראהענד פארוואלקענדע ברעמען און צוזאמענגעלייגטע הענט האט זי זיך געזעצט אין פאטער־שטול, האט פארמאכט די אויגען און האט פארווארפען דעם קאפ אויפ'ן ווענטעל. דאן האט מען געקענט זעהען אונטער'ן שיין פון ליכט ווי א הייסע רויטקייט האט באדעקט איהרע באקען און ווי איהרע עמפפינדליכע נאז־פליגעל האבען געציטערט פון אויפרעגונג. און זי איז ווידער אומגעגאנגען און זיך ווידער געזעצט. אין בעט האט זי זיך בשום אופן ניט געקענט קיין ארט געפינען, זי האט זיך געדרעהט, טיעף געזיפצט, זיך צודעקט און ווידער איינגעדעקט.

אויף אין דער פריה זענען איהרע אויגען געווען ארומגערינגעלט מיט שווארצע פאסען אבער דאס גאנצע געזיכט האט אויסגעדריקט עפעס א מין שפאטישע און רייצענדע ענטשלאסענהייט.

---

ביי מיטאג האט זי אפט געווארפען בליקען אויף אלעמען און פאר זיך געשמייכעלט, גלייך באהאלטענדיג דעם שמייכעל. באלד נאכ'ן שמייכעל איז אין איהרע אויגען דורכגעלאפען עטוואס פיינד־ליכעס.

אין אווענט, ניט זאגענדיג קיינעם א ווארט, האט זי זיך אנגעטאן, האט איבערגעצעהלט דאס געלט אין בייטעלע און איז אוועקגעגאנגען. מיט דעם זעלבען שמייכעל וואס ביי מיטאג.

געגאנגען איז זי, קענטיג, לויט א באקאנטער פאראויס באשטימ־טער ריכטונג, כאטש זי האט אפט און אויפמערקזאם זיך ארומגעקוקט און זיך צוגעקוקט צו די הייזער. ארייגקומענדיג אין א קליינער גאס האט זי גענומען געהן זיכערער. אויפ'ן שייד־וועג האט זי זיך אפגע־שטעלט. אין צוויי טריט און געווען דער ארייגאנג אין עפעס א האָ־טעל. איבער די טירען איז געהאנגען א גרויסער לאמטערן, אויף די שויבען פון וועלכען עס איז געווען אן אויפשריפט „אימפעריאל“, אויף א ביינקעל ביים שוועל האט געדרימעלט דער שווייצאר, און זיין ליוורעע מיט א גלאנציגער היטעל.

דארא איז ענטשלאסען צוגעגאנגען צו איהם און הויך געפרעגט:

— פרייע צימערען זענען פאראן?

דער שווייצאר האט אויפגעהויבען דעם קאפ, ער האט גע־איילט ארונטערגענומען די היטעל, האט זיך פארנייגט און איילענ־דיג אנגעהויבען:

— ביטע, ביטע! עס זענען פאראן, פאראן... אט אהער, איהר ווילט א גרויס צימער?

— א וואסער ניט איז, נאר ניט קיין שמוציגעס.

— איך הער.

דער שווייצאר, האט אנגעקלונגען. דאס גלעקעל האט זיך צו־קלונגען פון אויבען און עס האבען זיך גלייך דערהערט ווייכע לויפענדע טריט.

— זייט אזוי גוט ארויפגעהן פון אויבען, דארטען וועט מען אייך ווייזען... — האט דער שווייצאר זיך פארנייגט.

דארא האט זיך לאנגזאם און רוהיג אויפגעהויבען אויף די שטי־גען און איז נאכגעגאנגען דעם לאקעי, פארביי א רייע טירען. דער לאקעי האט געהאט א פליך כמעט ביז'ן האלז, א קלייניקער, א שאר־פינקער, מיט קלוגע דורכדרינגענדע אויגלאך.

עפענענדיג איינעם פון די נומערן, האט ער אנגעצונדען א ליכט און זיך אויפגעהויבען. דער צימער איז געווען א גרויסער, א ריינער און אפילו א היימליכער.

— גוט. איך נעהם דאס צימער, — האט געזאגט דארא.

— וועט איהר באפוילען צופאהרען נאך די זאכען צום וואקזאל?

— ניין. איך בין געקומען אהן זאכען.

— ווילט איהר אפשר א סאמאוואר?

— ניין. מען דארף גאר נישט. שטעלט אוועק די ליכט אויפ'ן טיש און ווארט א ווײלע.

דארא האט ארונטערגענומען די הוט, האט לאנגזאם אריינגע־שטעקט אין איהר די שפילקע, זי אוועקגעלייגט אויפ'ן טיש און זיך אויסקערעוועדיג צום לאקעי האט זי איהם עפעס באפוילען — — —

דער לאקעי האט זיך שטארק פארלארען פון דעם באפעל, איהם האט זיך געדוכט אז ער האט נישט פארשטאנען. ער האט אין גרויס פאר־וואונדערונג אויפגעהויבען אויף איהר די אויגען. אבער דארא האט רוהיג מיט א געוויסער אומגעדולד קלאר ווידערהאלט איהר פארלאנג. דער לאקעי האט זיך פארנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

---

אויף צוריק־וועגס פון האטעל, פארבייגעהענדיג מיראן'ס וואוינונג האט זיך דארא אפגעשטעלט און ארויפגעקוקט צו זיינע פענסטער. דארטען איז געווען ליכטיג, — זי האט אומענטשלאסען גענומען אי־

בערגעהן די גאס. אבער פון האלבען וועג האט זי פארקערעוועט אויף צוריק און איז געשווינד אוועקגעגאנגען אהיים.

עס איז געווען א זייגער צעהן. אין עס צימער האט מען געגעסען איוענט־ברויט. ווערא איז געזעסען א געלע, איינגעהילט אין א גרוי־סער שאל, פון וועלכער זי האט באפרייט די רעכטע האנט. זי האט צוקראכען געזוכט מיט׳ן גאפעל אין טעלער.

— איך האב זיך דערוואוסט וועגען א טראגישער געשיכטע, — האט דארא פלוצלונג געזאגט, און האט ארומגענומען אלעמען מיט די אויגען. — איך האב אפילו געזעהן דעם סוף... נאר וואס.

אלע האבען זיך אויסגעדרעהט אין איהר זייט.

זי האט אויפמערקזאם צעשניטען דאס פלייש.

— די געשיכטע האט געטראפען מיט מיינער א חבר׳טעס שוועס־טער... א חבר׳טע פון גימנאזיע. זי האט זיך היינט דערשאסען, נאר וואס. א עס־ער־קע. איהר מאן איז געזעסען אין טיורמע און זי איז געווען אויף דער פרייהייט. איהר הערט?

אלע האבען זעהר אויפמערקזאם זיך איינגעהערט. קאטערינא איוואנאוונא האט אפילו אויסגעצויגען צו איהר דעם פנים.

— זי האט זיך דערשאסען, אדער גע׳סמ׳ט? — האט פלוצלינג צוקראכען א פרעג געטאן ווערא, און האט אנידערגעלייגט דעם גאפעל.

— זי האט זיך געשאסען. איהר מאן...

— דאס איז בעסער... — האט באמערקט ווערא און האט זיך פעסטער איינגעהילט אין שאל.

— און עס איז אומבאקאנט פארוואס? — האט מיט א מין דער־שראקענער נייגעריגקייט געפרעגט קאטערינא אנדרעיעוונא.

ניין. עס איז יא באקאנט. טאקע אט דאס איז אינטערעסאנט. הערט זיך איין, זי האט איבערגעלאזען א בריף.

— דו האסט דעם בריף געלעזען? — האט אריינגעווארפען ווערא.

— יאָ.

— עס איז מורא'דיג אינטערעסאַנט צו וויסען, וואָס פאַר אַ האַנט־שריפט זעלבסטמערדער האָבען.

— שטער ניט, ווערא, — האָט שטיל באַמערקט סערגעי.

— און אַזוי, האָט זי, הייסט עס, איבערגעלאָזען אַ בריף, — האָט דאָרט זיך ווידער איינגעבויגען צום טעלער.—זי האָט דערצעהלט וועגען די אורזאַכען... איהר מאַן איז אין טיורמע. עס איז אומבאַוואוסט, ווען ער וועט אַרויס פון דאָרטען, ער זיצט שוין אַ יאָהר. זי איז אַ יונגע, אַ געזונטע, און ווי זי האָט אַליין וועגען זיך אָנגעשריבען אַ „געמיינע בעל־תאוה'ניצע". אַ ליידענשאַפטליכע קענטיג. דעם מאַן האָט זי פריהער ליעב געהאַט אַי אַלס אַ מענשען, אַי אַלס אַ מאַן, נאָר אין דער לעצטער צייט... נו, דאָס איז ניט וויכטיג. מיט איין וואָרט, עס איז בלויז אַ פאַקט, אַז זי האָט ניט געלעבט מיט'ן מאַן. און דאָ איז געווען אַ חבר, וועמען זי איז געווען געפעלען... ווערא, דערלאַנג מיר די זאַלץ... יאָ... אַ דאַנק... ער איז איהר אויך געווען געפעלען. און דוכט זיך זעהר, אורטיילענדיג פונ'ם בריף, דער מאַן האָט אויך געוואוסט דערפון. כ'מיין ער האָט זיך גיכער אָנגעשטויסען, כאָטש ער האָט געשוויגען... זי אַליין האָט געצווייפעלט... ניט געוואוסט. זי האָט געדענקט, אַז דאָס איז פשוט'ע ליידענשאַפט. ביי איהר איז דאָס געווען ניט קלאָר. איינמאָל, אפשר ערשטענס כדי זיך אַליין אויסצופּרוּאווען, און צווייטענס, כדי צו באַפרידיגען איהר פאַרלאַנג, אָדער צוליעב אַ וועלכער עס איז אַנדער אורזאַכע האָט זי עס געטאָן; און געטאָן האָט זי אַזאַ זאַך. זי איז אַוועקגעגאַנגען ערגעץ אין אַ האָטעל און באַפוילען מען זאָל איהר ברייגנען אַ מאַן. שוינבאַר, האָבען זיך געפונען... זי האָט געטראַכט, אַז קיין שלעכטס וועט דערפון דאָך קיינעם ניט אַרויסקומען, און זיך וועט זי דערמיט באַרוהיגען... און אין אַלגעמיין... נו, מיט איין וואָרט, זי האָט אַט דאָס געטאָן. אין דער צייט האָט מען אומערוואַרטעט אַרויסגעלאָזען דעם מאַן פון טיורמע. ער האָט זיך דערוואוסט; דערוואוסט האָט ער זיך גאַנץ פשוט. דער זעלבער מאַן, וואָס איז געווען מיט איהר אין האָטעל, האָט פון פאַרדרוס וואָס זי וויל שוין מעהר זיך ניט זעהן מיט איהם, אָנגע־

שריבען וועגען אלעם דעם מאן. עס האט זיך פארקאכט א קאשע אלע האבען זי פאראורטיילט, אפילו איהר אייגענע שוועסטער, און דער מאן האט זי מיט פארכאטונג אפגעשטויסען פון זיך. האט זי זיך געשאסען.

א ווײלע האבען אלע געשוויגען.

— יא־א... — האט אויסגעצויגען סעמיאן וואסילעוויטש. — אזוינע דארף דאס לעבען פארשטויסען.

— פארוואס? — האט געפרעגט דארא ארומנעמענדיג אלעמען מיט איהר בליק.

סערגעי האט עפעס פארטראכט געצייכענט מיט׳ן גאפעל אויפ׳ן טישטיך; קאטערינא סערגעיעווונא האט געקוקט פאר זיך מיט ניט זעהענדיגע אויגען. ווערא האט ווידער באפרייט די האנט און האט נערוועז געקנאטען א קייקעלע פון ברויט אויפ׳ן טיש.

— דערפאר, וואס דאס לעבען פארשטויסט אלע, די וואס ברע־כען איהרע געזעצען, — האט לאנגזאם און ניט גערן געענטפערט סעמיאן וואסילעוויטש.

— שוין־זשע האט זי געבראכען, און ניט אויסגעבעסערט? — האט א לאך געטאן דארא.

— ממ!... אויף אזא אופן וועלען זיך געפינען א סך וואס וועלען זיך נעמען אויסבעסערען די געזעצען פון לעבען...

קאטערינא אנדרעיעוונא האט זיך צוגעהערט.

— און מענער בעסערן דען ניט אויס די לעבענס־געזעצען, — האט זי אריינגעווארפען, זיך אויפהויבענדיג און צוזאמענשטעלענדיג די טעלער.

— א מאן איז איינס, און א פרוי — איז גאר אן אנדער זאך. א מאן בעסערט אלעס, און דערפון וועט גאר ניט זיין. און א פרוי... וועט געבוירען א קינד...

דאַרא האָט דורכדרינגענד א קוק געטאָן אויף איהם, און מאָדנע אַנגעשטעלט די אויגען.

— אויך מענער געבוירען... נו, און אויב זי האָט אַנגענומען אַלע מיטלען, אַז דאָס זאָל ניט זיין?

סעמיאָן וואַסילעוויטש האָט זיך פאַרקרימט.

— טאָ, פונדעסטוועגען איז דאָס א נידעריגקייט. א פרוי, וואָס געהט אום איבער האַטעלען ווי אַן אויסוואורף — איז דערווידער.

— ניט אמת! — האָט דאַרא זיך אַנגעצונדען. — זי איז גע־גאַנגען ניט פון אויסגעלאַסענהייט, נאָר צוליעב א דרינגענדער נויט־ווענדיגקייט.

— חא! — מיראַנ'ס לעהרע געהט פונדעסטוועגען ניט פאַרלאָ־רען...

— מיראַנ'ס לעהרע האָט דערמיט גאָר ניט צו טאָן! — דאָס איז די לעהרע פון לעבען און... א פשוט'ער ניט פאַרשטעהן פון ווער־טער. אַט איז אַן אויסגעלאַסענער! — האָט זי פּלוצלינג אַנגעדייט מיט'ן פינגער אויף סערגעיען. יענער האָט פאַרוואונדערט אויפגע־הויבען דעם קאָפּ. זיינע אויגען האָבען זיך מיט א דערשראָקענעם מאָדנעם פאַרדאַכט אָפּגעשטעלט אויף דאַראַן.

אַלע האָבען א קוק געטאָן אויף איהר מיט פאַרוואונדערונג. זי האָט מיט חוצפה א לאַך געטאָן.

— אַן אויסגעלאַסענער איז אייער פיאָדאָר פיאָדאָראָוויטש, וואָס עסט אויף שוין דעם צווייטען מאַיאָנטאַק. אַן אויסגעלאַסענער איז אייער קרוב פּיאָטר, וועלכער לעבט בלויז מיט'ן געשלעכטליכען לעבען.

פאַרדאָרבענהייט איז די איבערמעסיגקייט, און דאָס שעדליכע, וואָס קומט אַרויס דערפון, נאָר אויב... זעהט אויס, אַז זי האָט פריי־הער געטראַכט דערפון. נאָר פּלוצלינג האָט זי זיך אָפּגעריסען און רוהיג פאָרטגעזעצט:

— איך האט זיך דערפאר אזוי צוהיצט, ווייל עס איז פארדראַ־סיג, וואס איהר טייטשט אויס שלעכט און ניט ריכטיג איהרע מאטי־ווען. און דערצו איז זי — טויט און קען זיך אליין ניט פארטיידיגען... איך אליין בין ניט איינשטימיג מיט איהר. ניט דערפאר, וואס זי האט אזוי געטאן, נאר דערפאר, וואס זי האט זיך געשאסען. דאס הייסט, אז זי האט אליין ניט געגלויבט, אז זי האנדעלט ריכטיג ווי מען דארף... זי האט באדארפט אלעס ערקלערען דעם מאן... אמת, אז זי האט ער־קלערט... נו, איז ער ניט איינשטימיג. גוט, הייסט עס, אז צווישען זיי איז ניטא קיין שום העכערע גייסטיגע פארשטענדניס, אויף זאכען קוקען זיי פארשידען... און אויב אזוי, קען קיין רייד ניט זיין וועגען גייסטיגער ליעבע... וואלטען זיי זיך פאנאנדערגעגאנגען און שוין. אבער זיך שיסען — דאס איז נאריש.

— פארברעכען וועט אימער געפינען זיין שטראף... — האט טויב באמערקט סערגעי, ווידער צייכענענדיג מיט'ן גאפעל אויפ'ן מישטוך.

— פארברעכען? — האט אנגיסענדיג וואסער אין גלאז, דארא געווארפען א בליק אין זיין זייט. — דו געפינסט, אז דאס... איז א פארברעכען?

— אהן צווייפעל... א פארברעכען געגען דער פאמיליע, און גע־גען איהרע אייגענע פארשפרעכענס פון ריינקייט... נו, און אפילו גע־גען דער מאראל, אויב דו ווילסט.

דארא האט אויסגעטרונקען די וואסער און האט א לאך געטאן.

— מאדנע... וואס זשע, זי האט באדארפטווארטען אויפ'ן מאן?

— אהן צווייפעל. אדער זי האט זיך באדארפט פריהער פאר־נאנדערגעהן מיט איהם. נאר ניט נארען.

דארא האט פארשענד א קוק געטאן אויף איהם.

— אזוי? און אויב זי האט איהם ליעב געהאט, אויב זי האט איהם געפיהלט דאן גייסטיג נאהענט? זי האט געוואלט לעבען מיט איהם, ארבייטען און אין אלגעמיין זיין זיין פריינד?...

— נו, וואס פאר א ליעבע קען שוין דארטען זיין, ווען מען געהט צו אן אנדערען און דערצו נאך אזוי שמוציג!

סערגעי האט דאס געזאגט מיט אן אויפגעציטערטער בייזער שטים.

דארא איז עטוואס בלאסער געווארען. איהרע ליפען האבען ווי פריהער אונטערגעלאכט.

— אבער זי האט דאך יענעם... אין האטעל ניט ליעב געהאט, זי האט איהם אפילו ניט געקענט... וויכטיג איז דאך די גייסטיגע ליעבע.. און לאמיר זאגען, אז אט די גייסטיגע ליעבע איז געבליבען... ציי דאס איז בלויז אין דער טעאריע, אבער אין דער ווירקליכקייט, איז אט דער פארדאממטער קערפער אלעס? א? אזוי לאנג ווי זי איז איהם געווען אומטריי מיט דער נשמה צוליעב דעם חבר, האט ער געוואוסט און האט זי ניט אפגעשטויסען... דאס הייסט, מען קען עס ליידען. נאר קוים האט מען זיך צוגערירט צום גוף, דאן איז שוין א סוף? פאר־ברעכען אין פאראכטונג?

ווערא האט נערוועז צוזאמענגעדרעהט דאס קייקעלע.

— אלענפאלס, — האט זי פלוצלונג בייז געזאגט, — עס וואלט שוין געווען א סך אנשטענדיגער און שעהנער זיך צוזאמענקומען מיט אט דעם זעלבען חבר, אויב שוין... און ניט טאן קיין מיאוסקייטען!

דארא האט מיט שפאט א קוק געטאן אויף איהר.

— יא? קענטיג, אז זי האט אנדערש געדענקט.

— ווייל איהר האט זיך פשוט פארגלוסט צו זיין אויסגעלאסען.

ווערא האט ארונטערגעריסען די האנט פון טיש, און זיך קאנ־וואולסיוו פארוויקעלט אין שאל.

— ענטשולדיגט! — האט זיך ארייגגעמישט סעמיאן וואסילע־וויטש, וועלכער האט פון דער זייט באאבאכטעט דאראן. — און איהר אליין געפינט גאר ניט קיין אוממאראלישעס אין איהר האנדלונג?

— און איהר געפינט, אז דאס איז אוממאראליש?

— יא.

— הייסט עס, אז די גאנצע מאראל איז ביי אייך אין דעם גע־שלעכטליכען אקט? — האט הארט ארייגגעווארפען דארא. זי האט שוין ניט געשמייכעלט.

— גיין, ווארום דען...

— גיין, ענטשולדיגט, ניט „ווארום דען“ נאר טאקע אזוי. דער מאן האט געוואוסט, פארשטעהט איהר, געוואוסט וועגען איהר גייס־טיגער נייגונג צום חבר, געוואוסט, און ער האט זי ניט אפגעשטוי־סען. דאס איז געווען אוממאראליש. דער עיקר איז דאך אין די גייסטיגע באציהונגען. דער קערפער דאס איז א קלייניגקייט... נאר קוים האט זיך אן אנדער מאן צוגעריהרט צו אט דער קלייניגקייט, דאן פליהען צום טייפעל אלע גייסטיגע באציהונגען. אין וואס זשע בא־שטעהט די מאראל? אין וואס באשטעהט איהר גאנצע וויכטיגקייט? ליגען!

— אויב זי האט ווירקליך ליעב געהאט דעם מאן, — האט אריינ־געווארפען סערגעי, — האט זי געקענט צוואווארטען אויף איהם.

— און אויב זי האט ניט געקענט?

— נו... — האט ער א לאך געטאן.

— דו גלויבסט ניט? יא, מעגליך, אז דו קענסט עס ניט פאר־שטעהן...

סערגעי האט פלינק א קוק געטאן אויף איהר. פיינדליך און מיט א בייזען שמייכעל האט זי באגעגענט זיין בליק.

— נו, קינדער, גענוג! — האט ארויסגערעדט קאטערינא אנדרע־יעוונא מיט א געמאכטער גלייכגילטיגקייט, אנהויבענדיג אפראמען פון טיש. ווערא האט ווידער ארונטער געריסען די האנט און האט מיט כעס א קוק געטאן אויף דארא׳ן.

— דו, הייסט עס, רעכטפערטיגסט אט די מיאוס׳קייט: געהען אין א האטעל, רופען עפעס א מאן, ניט וויסענדיג ווער ער איז, פון וואנענט... דו קענסט עס רעכטפערטיגען.

דארא האט זיך אויפגעהויבען.

— יא, איך קען — האט זי שטאלץ מיט עפעס א מין ארויסרוף זיך אויסגעגלייכט.

אלע האבען געשווינד א קוק געטאן אויף איהר.

— יא, איך קען! אלענפאלס איז דאס אנשטענדיגער און שעה־נער דערפון וואס דו לייגסט פאר.

— דאס הייסט?

— דאָס הייסט, זיך צוזאַמענקומען מיט אָט דעם חבר און אונ־טער'ן אויסרייד פון גייסטיגער נייגונג, פּשוט באַפרידיגען די פיזישע באַדערפענישען. און אויב נאָך דערצו נעהמען און שטעלען א חופּה. דאַן איז דאָך שוין זיכער שעהן און מאָראַליש! אמת? „שעהן"... איז דאָס שעהן, — זיך צוזאַמענקומען צוליעב א פּשוט'ער, ניט באַוואוסטזיניגער באַדערפעניש און נאַרען אי זיך אי אנדערע, אז מען איז זיך צוזאַמענגעקומען גייסטיג? איז — דאָס מאָראַליש? נאָר דאָס וואָס זי האָט קיינעם ניט געוואָלט נאַרען, און זיך עהרליך אויספּרוא־ווען, דאָס איז א פאַרברעכען! איז דאָס אוממאָראַליש, וואָס זי האָט געוואָלט איהר נשמה איבערלאָזען פאַר'ן מאַן. אָט די זעלבע נשמה, וואָס איז כלומרשט געווען פאַר איהם אלעם? ס'אַרא ליגען און ווירק־ליך, מיאוסקייט. ס'ארא קלעגליכער און נידעריגער ליגען! די נשמה דאַרף ער? דער קערפּער און בלויז דער קערפּער, איז זיין גאַנצע נשמה, מאָראַל, צניעות און פילאָזאָפיע; ניט יענע מענשען, וועלכע קוקען לייכט אויף פיזישע באַציהונגען זיינען אוממאָראַליש, נאָר גראַד פאַרקערט, ציניש און אוממאָראַליש זיינען די מענשען, וואָס לעגען אריין אין אָט די באַציהונגען די גאַנצע הייליגקייט פון פאַמיליען פאַר־העלטנישע צוזאַמען מיט דער מאָראַל א. אז. וו. מיאוסע צוויי פּנים'דיגע זיינען זיי! פּריוואַט אייגענטימער. געה פון זינען אראָפּ. שטאַרב, נאָר וואַג ניט אַנצוריהרען די אייגענטום רעכט פון מאַן. וואַרט, אַדער לייג, פאַרדעק זיך מיט דער נשמה... יא, מיר איז גע־פעלען די האַנדלונג פון אָט דער פרוי! איך האָב רחמנות אויף איהר. עס טוט מיר באַנג וואָס ביי איהר האָבען קיין כוחות ניט געסטאַיעט זיך אַפּטראָגען מיט א געלעכטער צו אָט דער פאַראַכטונג. עס טוט מיר נאָר לייד, וואָס זי איז געווען א פאַרברעכערין אין איהרע איי־גענע אויגען; אָבער די האַנדלונג איהרע האָנריס איך!

זי האָט זיך אויסגעקערעוועט און א צורודערטע איז זי שטאָלץ אַרויסגעגאַנגען.

אַלע זיינען געזעסען אין גרויס פאַרלעגענהייט געדריקטע פון עפּעס אן אַלגעמיינעם געדאַנק. סערגעי אין גאַנצען א בלאַסער, מיט קנייטשען אויפ'ן שטערן איז געזעסען און זיך קיין ריהר ניט געגעבען. דאַן האָט ער מיט אמאָל זיך אויפגעהויבען און ניט קוקענדיג אויף קיי־

נעם איז ער ארויסגעגאנגען נאך דראן. זי האט געהאלטען אין אנ־
צינדען דעם לאמפ.

סערגעי איז אריין צו איהר ניט אנקלאפענדיג אין טיר. דארא
האט פון דער זייט א קוק געטאן אויף איהם. זיינע אויגען האבען
געקוקט אויף איהר מיט וועהטאג און שרעק, אזוינע דורשטיגע און
דערשראקענע...

דארא!... וואס איז דער צווייטער נאמען פון דער... וואס האט
זיך דערשאסען?

זיין שטים איז געווען אזא שטילע און צוזאמענגעדריקטע.

— דו קענסט זי ניט, — האט באמערקט דארא, אנטוענדיג דעם
אבאזשור אויפ'ן לאמפ. דערפון האבען זייערע פנים'ער זיך באדעקט
מיט א שאטען.

— אבער וואס איז איהר אדרעס?

— צו וואס דארפסטו איהם?

— אזוי... עס איז זעהר אינטערעסאנט...

קענטיג א שוויים האט באדעקט זיין שטערען. ער האט ארויס־
גענומען א טיכעלע און האט אויסגעווישט דעם פנים. זיינע ברייטע
צועפענטע אויגען האבען אנגעשטרענגט געווארט.

דארא האט פארמאכט עפעס א בוך, האט אפגעראמט דאס פא־
פיר פון טיש און אראפגעבלאזען דעם שטויב פון א פאטאגראפיע.

— דארא...

— אבער צו וואס דארפסטו דאס?

— איך דארף. ווער איז זי? וואו?...

זי האט זיך אריינגעזעצט אין פאטער־שטול און מיעד אויסגע־
צויגען די פיס.

— איך וויל ניט זאגען, — האט זי הארט און קאלט געזאגט.

— פארוואס? — האט אהן אן אטעם זעהר שטיל ארויסגעמור־
מעלט סערגעי.

— ווייל איך וויל ניט, אין דאס אלעס. איך בין מיעד און וויל
שלאפען...

סערגעי איז צוגעגאנגען צו איהר אויף א פאר טריט נעהענטער
און האט זיך אפגעשטעלט.

— דארא! זאג מיר... ער האט מיט א ציטערענדער האנט פאר־ריכט די פענסנע. ער איז אנטשוויגען געווארען, אזוי ווי ער וואלט זיך אליין געשראקען פאר זיין פראגע. ער האט געאטעמט האסטיג און שווער.

דארא האט באוועגלאז געווארט. א שטראל פון דעם לאמפ האט זיך געשפיעלט אין איהרע גאלדענע האר, און האט זיך צושאטען אין זיי מיט א וואונדערבארען שיין. דאס געזיכט איז געווען אין שאטען.

— זאג... נאר, דארא... זאג... איז אט די געשיכטע געווען אין דער ווירקליכקייט?

— געווען, — האט דארא קאלט ארויסגערעדט.

סערגעי האט געמאכט נאך א שריט.

— ניט... מיט דיר?

דארא האט זיך קיין דיר ניט געטאן. געשוויגען.

— און אויב אפילו מיט מיר? דיר איז דאך וויכטיג די נשמה...

סערגעי איז צוגעגאנגען נעהענטער און האט זיך איינגעבויגען צו איהר געזיכט. דארא האט אויפגעהויבען צו איהם איהרע גרויסע אויגען. ער האט מיט מורא געשמייכעלט.

— דארא, דו שפאסט?

זי האט ארומגענומען זיין גאנץ געשטאלט, מיט א קאלטען בליק פול מיט עקעל.

— ניין, איך שפאס ניט!

— דארא!!

זיינע קני האבען מיט אמאל גענומען ציטערען, אזוי ווי זיי וואל־טען פארלוירען זייער גאנצע קראפט, און אט, אט בייגען זיי זיך אונטער.

— דאס איז ניט אמת...

פארצווייפלונג, אנגסט און פיין זיינען געווען אין זיין שטים.

— דאס — איז ניט אמת... דארא!

דארא האט געשוויגען.

ער איז פלוצלינג געפאלען פאר איהר אויף די קני, ער האט מיט זיינע קאלטע פינגער ארומגעכאפט איהר האנט און דורשטיג איהר ארייגעקוקט אין פנים. זיינע ליפען האבען געציטערט, דאס געזיכט

האט זיך מורא׳דיג אויסגעקרימט און אויף די באקענביינער זיינען ארויסגעטראטען רויטע פלעקען.

— דאָרא... אום גאָטעס ווילען... מען דאַרף ניט... דאָראַטשקאַ! מיין ליכטיגע! דו האָסט ניט געקענט... זאָג, אַז עס איז ניט אמת. ווייל דאָס איז דאָך גרויזאַם, דאָס... דאָרא, עס איז ניט אמת, יאָ? וואָס זשע שווייגסטו? גאָט מיינער, דאָרא דאָס קען ניט זיין!... מיין ריינע, מיין שעהנע, דו האָסט ניט געקענט... דאָרא!

דאָרא האָט א לאַך געטאָן.

— נו, עס איז ניט אמת, שטעה אויף!

— ניין, דו זאָג... זאָג מיט דיין אמת׳דיגער געוואָגטער שטים...

— עס איז לאַנגווייליג, סערגעי...

— נאָכוואָס מאַטערסטו מיך? פאַר וואָס?

— דאָס מאַטערט דיך אַזוי?

— דאָרא, מען דאַרף ניט... נו, האָסטו א שפּאַס געטאָן, און גענוג... גענוג... איך קען ניט... דאָס איז פאַר מיר...

דאָרא האָט א קוק געטאָן אויף זיין אויסגעקרימטען צוועהטאָג־טען פּנים און האָט טיעף אָפּגעזיפצט. זי האָט א לאַך געטאָן און ווי איבערגעוואָלד איהם א גלעט געטאָן איבער׳ן באַק.

— נו, באַרוהיג זיך... איך האָב דאָס אַלעס אויסגעטראַכט... געה צו זיך... איך בין יענע נאַכט ניט געשלאָפען, בין איך מיעד און וויל זיך לייגען, געה, און טראַכט ניט...

— דאָס איז א ליגען? א ליגען?

זיינע אויגען זיינען רחמנות׳דיג און דורשטיג אומגעלאָפען איבער איהר געזיכט.

זי איז ביי׳ן אויפגעשטאַנען און האָט באַפרייט די האַנט. אין די ווינקלען פון די ליפּען האָט ווי א שאָטען דורכגעשוועבט אַן עקעל.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז דאָס איז א ליגען. מעהר דאַרפסטו דאָך גאָר ניט. איך האָב דאָס אויסגעטראַכט. געה אַוועק, איך וויל שלאָפען.

סערגעי איז לאַנגזאַם אויפגעשטאַנען, ער האָט פאַריכט די פענסנע און, ניט רעדענדיג קיין וואָרט איז ער אַוועק צו דער טיר.

דאָרא האָט איהם נאָכגעקוקט.

— דאס אלעס איז א ליגען! דו הערסט, סערגעי! — האט זי א געשריי געטאן צו איהם אי מיט רחמנות, אי מיט פארדרוס, פאר אט דעם רחמנות.

ער איז ארויסגעגאנגען, זיך נים אומקוקענדיג.

דארא האט בייז געמאכט א שריט פאראוים, דאן האט זי גלייך פארקערעוועט אויף צוריק. זי איז צוגעגאנגען צום בעט און אנ־כמארענדיג די ברעמען געשווינד גענומען בעטען...



# XII.

אויף מארגען איז טאראס אריינגעגאנגען צו מיראנען, ווי ער האט איהם פארשפראכען. פאר דער אויסערליכער טיר פון זיין וואוינונג האט ער זיך ניט ווילענדיג אפגעשטעלט. אויפ'ן גלעקעל איז געווען אנגעקלעפט א צעטעלע מיט דעם פאלגענדען אינהאלט:

„אויב איהר זענט געקומען צוליעב א וויכטיגער זאך, טא עפענט די טיר אהן א קלינג און געהט אריין, אויב גלאט אזוי זיך, טא פאר־קערעוועט אויף צוריק און געהט אוועק“.

טאראס האט זיך געשלאגען מיט דער דעה, נאר ער האט גע־עפענט די טיר און איז אריינגעגאנגען. ער האט פארזיכטיג אנגע־קלאפט צו מיראנען.

— קומט אריין, — האט זיך דערהערט אן אויסגעצויגענע שטי־מע.

טאראס איז אריינגעקומען און האט זיך אין פארוואונדערונג אפ־געשטעלט אויפ'ן שוועל. אין צימער האט געהערשט א האלבע פינס־טערניש.

די פענסטער זיינען געווען פארהאנגען מיט עפעס א טונקעלע צייג. אויף די ווענט, אין דער פארם פון א פיערעק, ביי דריי ארשין די גרויס, זיינען געהאנגען פיער קאלירטע לעמפלאך, א רויטע, א גרינע, א העל־בלויע און א געלע. די שיין פון די לעמפלאך האט אויס־געמאכט אויף די ווענט און אויף דער סטעליע מאדנע פארשידענקא־לירטע פלעקען, וועלכע האבען ארומגעטאנצט און זיך געוויגט. פון הינטען אויפ'ן דיל איז געזעסען מיראן א האלב אויסגעטוענער אויף עפעס א פירעקיגע פעל. ארום איהם איז געשטאנען א מאדנע רונדע פלאש, א גלאז, עס איז געלעגען עפעס א פאפירענער פאקעט, קישענס,

ביכער. א טינטער מיט טינט און א פען זיינען אויך געשטאנען דערביי.

— קומט אריין... — האט אויסגעצויגען מיראן, זיך ניט אויפ־הויבענדיג פון ארט. — נעהמט אביינקעל און זעצט זיך... אויב איהר ווילט ליכט, טא זעצט זיך אונטער א לעמפעל...

טאראס האט זיך אומענטשלאסען א רוק געטאן פאראויס, ער האט געפונען א ביינקעל, דאס אוועקגעשטעלט צווישען צוויי לעמפלאך און האט זיך געזעצט.

— איהר ווילט ווייןֿ? — האט געפרעגט מיראן.

— ניין, א דאנק... וואס טוט איהר דאס... אזוינסֿ?...

— וואסֿ?... די ליכטֿ? איך האב זיי ליעב... דאס איז בעסער פון דעם גרויעם רעגען...

— עס רעגענט ניט...

— אלץ איינס... גיטא קיין זון... נו, דערצעהלט... איך הער.

מיראן האט גענומען די גלאז, און האט אנגעגאסען אין איהר א געדיכטע פליסיגקייט, וואס האט אויסגעזעהן שווארץ און, אנשפא־רענדיג זיך אויפ׳ן עלענבויגען האט ער גענומען זופען. זיינע טונקעלע האר זענען געווען גלאט צוגעקאמט, די וואנצען פינקטליך פארדרעהט. אין זיינע אויגען האבען זיך אפגעשפיגעלט די קאלירען פון די לעמפ־לאך. און אין דער האלב־פינסטערניש האבען זיי אויסגעזעהן פינק־לענדיג.

טאראס האט אראפגענומען דאס היטעל, און א רייב געטאן דעם שטערן.

— איך האב אפגעגעבען די פופצעהן רובעל און דאס געלט אריינגעטראגען אין באנק.

— לויבענסווערטה... וואס מאכט אליאֿ?...

— זיי גלויבען ניט, אז עס וועט זיין געלט... — האט א ברום געטאן טאראס.

— נאטירליך...

טאראס האט געקנייטשט די היטעל. מיראן האט שווייגענדיג געזופט פון גלאז.

— איך וועל אייך דאס געלט שפעטער אפגעבען... נאר דערפאר

האָב איך דאָס גענומען... דאָס מוזט איהר וויסען... — האָט ערענסט געזאָגט טאראַס.

— פיין... גיט אַפּ... און דערווייל נעהמט אויפ'ן טיש א גלאָז און טרינקט אויס...

— איך טרינק ניט!

— דאָס איז א שאָד... דאָס פאַרשאַפט פאַרגעניגען דעם קער־פער, וועלכען איהר האָט ליעב... אויסער דעם פאַהר איך אוועק.

— איהר פאַהרט אוועק, — האָט לעבעדיג געפרעגט טאראַס.

— יאַ־אַ... און א חוץ דעם האָב איך אין זאַוואָד, באַקומען פרייהייט. איך בין פריי, ניט פאַרנומען מעהר... ווי איז דאָס... עס איז פאַראַן אזא פערז?... איבריגענס, זענען די פערזען... ניט וויכטיג...

— מען האָט אייך אָפּגעזאָגט?

— יאַ־אַ, זיי געפינען אז פאַר מיר איז נוצליך אומצובייטען די באַלעבאַטים... נאָר דאָס איז ניט דער עיקר... דער עיקר... נו, דער עיקר באַהאַלט זיך אימער אזוי, אז, מען קען איהם אפילו מיט ליכט ניט געפינען. אמת?

טאראַס האָט כמורנע און אויפמערקזאַם זיך צוגעקוקט צו איהם.

— איך וויים ניט.

— דאָס איז דער ריכטיגסטער ענטפער...

די לעמפּלאַך האָבען געפינטעלט, די שטראַלען צוזאַמענגעפלאָכ־טען איז א פלעק האָבען זיך באַוועגט, און האָבען אזוי ווי געקעמפּפט איבער מיראָן'ס קאָפּ אימרוהיג, און שווייגענדיג; די שאָטענס האָבען זיך דערשראָקען געדריקט אין די ווינקלען. און ווי פון דאָרטען נאָכ־געפאָלגט און מורא געהאַט ארויסגעהן.

— איך פאַרשטעה אייך ניט! — האָט פּלוצלינג מיט אן אָנ־שטרענגונג געזאָגט טאראַס — פאַרוואָס האָט איהר דאָס געטאָן?

מיראָן האָט צוגענומען די גלאָז פון די ליפּען.

— וואָס געטאָן?

— דאָס... דאָס געלט ביי קיסעלסקין? פאַרוואָס?

— לאָזט צורוה, טאראַס. עס איז לאַנגווייליג...

— איך וויל וויסען! און איך וויל זאָגען, אז איך האָב אויך...

— כ'מיין, נו, מיט איין ווארט, אז איך קען אויך אויספיהרען א געדאנק ביז'ן סוף. אט. און וועל אייך אומקערען... אלעס.

מיראן האט זיך פויל א ציה געטאן מיט'ן האנט צום בוד, האט אויסגעטרייסעלט פון דארטען א בריף און האט אוועקגעשטעלט די גלאז. ער האט גענומען דעם בריף, ער האט ארויסגענומען דאס פאפיר פון קאנווערט און פארנאנדערוויקלענדיג עס, האט ער געזאגט:

— אט וועל איך אייך, געבען אז ארבייט... ווען איהר וועט זיין אין גאס,ווארפט אריין אט דעם בריף אין בריף־קאסטען. גוט?

— איך וועל אריינווארפען.

— איך וועל איהם איבערלעזען...

מיראן האט אונטערגעשטעלט דעם בריף אונטער'ן רויטען לעמפעל, האט איהם אביסעל אונטערגעהויבען און גענומען לעזען. דאס גרינגע לעמפעל האט באדעקט זיין געזיכט מיט ביינקשאפט, אדער די ביינקשאפט איז פון בריף געקומען? טאראס האט אן אנגעכמורעטער געווארט, ארומלויפענדיג מיט די אויגען ארום זיך.

אין בריף איז געווען:

„דארא! איך פאר אוועק. אוועקפארענדיג, וויל איך זאגען דאס, וואס איז קיינמאל ניט גערעדט געווארען צווישען אונז. ניט איך רעד. עס רעדט די ביינקשאפט מיינע. זאל זי רעדען. זאל זי. איך האב ליעב ווען זי רעדט. כ'האב ליעב ווען זי לאכט. זי האט קאלטע, ווייסע ציין ווי שניי. זי לאכט פון מיר. זי ווייסט, אז איך האב אייך ליעב. אך, דארא, נאר אפילו זי, די ביינקשאפט מיינע, ווייסט ניט, ביז וואס פאר א שטופע איך האב אייך ליעב! און וועט איהר זיך אויך צולאכען? לאכט איהר אויך. איך וועל זאגען נאך לעכערליכעס: איך ליעב אזוי, ווי איך האב נאך קיינמאל ניט געליעבט. אמאל, אמאל, ווען איך בין אלט געווען א יאהר ניינצעהן, ווען די גאנצע ערד האט געאטעמט מיט פארגעפיהלען, ווען די נשמה איז אזוי געווען באזייט מיט טרוימען, אז דאס מינדסטע ווינטעל, האט זיי אראפגעבלאזען, ווי די בליהט פון די בוימער, בלויז דאן איז עטוואס ענליכעס צו אט דער ליעבע איינמאל אויסגעוואקסען ביי מיר... יא, יא, וועט איהר א שמייכעל טאן — איך לאך אויך. אמת, איך בין אן אומגעלומפערטער פארפיהרער? דאס איז געווען בלויז איינמאל.

נאר איך האב שוין געוואוסט, אז אויב דאס איז געווען איינמאל, טא פארוואס קען דאס ניט זיין נאך אמאל? דערפאר האב איך געווארט. א סך בליהטען זענען אראפגעפאלען פון מיין נשמה, און פונדעסט־וועגען האב איך געווארט. א סך פריידען זענען פארבייגעגאנגען; א סך האבען פארטשעפעט מיין הארץ. עס זענען געבליבען אין הארצען סמנים פון זייערע קושען און פלוכען. און איך האב געווארט. עס זענען געווען בלומען, וואס האבען זיך ניט אראפגעבלאזען. נאר איך האב געטראכט: אט וועט זי קומען, א שטארקע, א פרישע און אייגענע. זי וועט ניט וויינען, זי וועט ניט בעטען. זי וועט זיין אזוי שטארק, אז זי וועט זיך אויסלאכען פון קאנטראקטען און אפמאכען. א טיעף אייגענע, וועט זי מיך פארשטעהן, זיך צוזאמענגיסען מיט מיר, מיך אריינעהמען אין זיך. א שטארקע, ווי די ערד, וועט זי שאפען לעבען און וועט צושטערען, פארניכטען דאס צופוילטע.

„אך, דארא, וואס נאר האב איך דען ניט איבערגעטראכט,ווארטענדיג. און ווען איהר זענט געקומען, האט פלוצלינג דאס הארץ א ציטער געטאן און שעמעוודיג אריינגעראמט: „דאס איז זי"! פאר־שטעהט איהר, דארא? א נאריש הארץ, פון וואנענט האט עס גע־קאנט וויסען? דאס הארץ פיהלט דאך בלויז, נאר אט זעהט, עס האט דאך דערקענט!

„יא, יא, דאס איז אזוי לעבערליך. אמת? נאר איך וועל זאגען נאך לעבערליכעס. ווען איך טראכט דערפון, אז עס איז שוין געקומען זי, מיט וועלכער איך וויל האבען א קינד, — לאכט דארא, — פיהל איך, ווי דער קאפ דרעהט זיך מיר. אך ווי לעבערליך. דאס הארץ פארשטארבט, אזוי גרויס איז דאס גליק, יואס עס פיהלט עס אן. אזוי גרויס איז די פרייד, אז זי געפינט זיך דארטען ניט גענוג פלאץ, און צוגיסט זיך איבער די הענט, און פיס, אין פיהלט אן די אויגען. דאן ווילט זיך וויינען, ווייל ענג איז דעם גליק אין די אויגען. טאנצען ווילט זיך דאן, ווייל ווייניג ארט איז דעם אין די פיס. ווי לעבערליך! איך לאך אפט דורך די נעכט. עס איז אזוי שטיל ארום און ארום, עס שוועבט בלויז די צייט, וואס קריכט אוועק אין דער פארגאנגענהייט. ווייסט איהר אז צומאל שוועבט די צייט אזוי שמערצליך־בייגקענדיג?

און איך לאַך שטילינקערהייט... און שטעלט זיך פאַר: דער קלוגער באַטראַכטער געדאַנק זאָגט, אַז קיין שום זאַך שטעהט ניט אין דער צייט — אפילו אַזאַ ליעבע! — אָבער וואָס קען מען טאָן מיט'ן נאַרישען האַרצען! — דאָס האַרץ שענקט ניט דעם געדאַנק קיין טראָפּען אויפמערקזאַמקייט: עס וויל אייך, עס וויינט, ציהט זיך צו אייך און פאָדערט צערטליכקייט, עס פאָדערט אַן ענטפער. נו, וואָר־זשע זאָל איך זיי פאַר איהם נעמען, דאַראַ? לעכערליך!...

„דאַן ברייננגט ארויס דער געדאַנק אייער געשטאַלט און זאָגט: „נו — אַט האָסטו דיר דיין דאַראַ". אָבער דאָס איז גאָר ניט דאַראַ. דאָס איז אַ פּוסט און פאַסנע דאַמאַטשקע, דאָס איז אַ פוילער ווערימעל פון לעבען, דאָס איז אַ צושראַקענער נאַכט־פויגעל. וועלכער קען ניט זעהן בייטאָג, דאָס איז אַ פרעמדע, אַ ווייטע... דאָס איז איינע פון די, וועלכע געהן קיינמאָל ניט ארונטער מיט קיין ליכט אין די קעלערען פון זייערע נשמות אויס שרעק צו דערשטיקט ווערען דאָרטען פון בלאָטע. נאָר אויסערליך זענען זיי ריינע און רוהיג זיכערע."

„דאַן נעהמט דאָס האַרץ טופען מיט די פיס און שרייען: „דאָס — איז ניט זי." — „ניין, זי" — זאָגט דער באַטראַכטער, קלוגער געדאַנק. „ליינגסט! דאָס — איז ניט זי. זי קען ניט לעבען אין פוילעניש, זי איז אַ לעבעדיגע און אומרוהיגע." — „ניין, זי." און הויבט זיך אָן אַ קריגעריי! דאָס איז ערגער פאַר אַלץ! איך ליג דאַן און הער. ווען וועלען זיי שלום מאַכען? דאַראַ! איהר ווייסט דאָס ניט? אפשר, וועט קומען פון אייך נאָך אַ געדאַנק און וועט שלום מאַכען צווישען זיי?"

„אַדער פון דעם אַלטען געדאַנק וועט געבוירען ווערען אַ געפיהל און וועט פאַרניכטען דאָס אַלטע? יאָ, דאַן וועט ווערען שלום. און דערווייַלע ליג איך און הער, און וואַרט געדולדיג."

„ווי דענקט איהר, דאַראַ, צו וואָס וועל איך זיך דערוואַרטען? אפשר וועט איהר מיר אָנשרייבען?"

„איבריגענס, וועגען וואָס־זשע וועט איהר אָנשרייבען? וועגען דעם, אַז איך בין אַ געניטער אַקטיאָר? אָבער דאָס, ווייס איך דאָך

אליין. צוליעב וואס־זשע האב איך אייך געשריבען? נאר אט דאס וויים איך טאקע ניט. איך זאג דאך אייך ניט איך שרייב, נאר מיין ביינקשאפט. זי איז בייז און בייסט אזוי גיפטיג. און ציין האט זי ווייסע, קאלטע. קיין כוח ניטא אויסצוהאלטען. זעץ איך זיך און שרייב, צו וועל איך דאס אנגעשריבענע אוועקשיקען? אט דאס וויים איך באמת ניט. אויב איך וויים אליין, אז איהר צווייפעלט ניט אין מיינע אקטיארסקע טאלאנטען, טא צו וואס שרייבען מעהר? אמת?"

דערמיט האט זיך דער בריף געענדיגט. מיראן האט אונטער־געלאכט. דערנאך האט ער לאנגזאם צוזאמענגעלייגט דעם בריף און איהם לאנגזאם צוריסען, צוזאמענגעלייגט די העלפטען און ווידער צו־ריסען. די שטיקלאך האט ער פינקטליך צוזאמענגעקליבען ארום דער פלאש.

טאראס, וועלכער האט טריב געווארט, האט מיט פארוואונדערונג אויפגעהויבען דעם קאפ.

— אין דעם בריף זענען זעהר א סך גראמאטיקאלישע גרייזען.

— האט זיך מיראן גענומען ציהען, איך וויל אנשרייבען אן אנדערן. איך האב זעהר ליעב צו שרייבען גראמאטיקאלישע בריף... וואוהין געהט איהר איצט?

— טאראס האט זיך גענומען אויפהויבען.

זיצט, איך האב דאס ניט געמיינט... ווי האלט עס ביי אייך מיט דער נשמה? גיט זיך ניט אונטער, דער חזר.

—זי גיט זיך אונטער! — האט טאראס פלוצלינג פארצארענט א לאך געטאן.

מיראן האט מיט א פוילער נייגעריגקייט א קוק געטאן אויף איהם. טאראס האט זיך געקוקט אונטער די פיס און געדרעהט די היטעל קגיימשעגדיג זי.

— גיט זיך אונטער? — דאס איז אינטערעסאנט... ווען?

— אין גיכען... אלענפאלס, וועלען זיי די ארביימער שוין ניט אריינציהען אין זייער פילאזאפיע... דאס שוין ניט!... ממ! דאס ווע־לען זיי שוין ווארטען...

— אינטערעסאנט... וואס־זשע וועט איהר זיי טאן?

טאראס האט געשוויגען. דער פלעק האט זיך קלאנגלאז געוויגט אויף דער סטעליע און אויף די ווענט. מיראן האט גענומען די גלאז מיט'ן וויין.

— מען וועט זעהן! — האט טאראס פלוצלינג אויפגעהויבען דעם קאפ.

— אלעס וועט מען דערזעהן... גענוג!... גענוג פון אונזערט־וועגען... אפשר, איז אט די פריצימלאך נויטיג א פילאזאפיע, אבער, אונז... ענטשולדיגט... דאס, ענטשולדיגט שוין... גענוג פאר אונז אלער־ליי סאציאליזמען... גענוג האט מען אונז פארהיפנאטיזירט... דא...

מיראן האט שטיל א שמייכעל געטאן.

— גענוג וועט זיין פאר די ארבייטער דער איינער קערפער בלויז?

— יא, אזוי איז ריכטיגער...

— ס'ארא שלעכטער איהר זענט... אלעס זיי, און פאר די אר־בייטער בלויז דער גוף. די ארבייטער וועט זיין לאנגווייליג.

— ניין, עס וועט זיי בלויז לייכט זיין... ווי אן איבעריגע מאסע דארף מען ארויסווארפען אט די גאנצע... מיאוסקייט! אט א די נשמות אייערע, אט דעם ליגען...

— און זיי וועלען פליען!

—יא, פליען! אט...

— טאראס'ן, האט, זעהט אויס, געררייצט אט די גאנצע אומגע־בונג, אט די לעמפלאך, צוזאמען מיט מיראן'ס טאן.

— מען דארף ניט טאראס... זאלען אויף דער ערד... גראד פאר־קערט, גיט די ארבייטער אויך נשמות, אבער ניט קיין צופוילטע נאר פרישע... אויך אינטעליגענטען, פאעזיע און ברויט... שוין־זשע האבען זיי ניט פארדינט? איהר זענט א שלעכטער... טאקע אט די אלע זאכען האבען זיי אזוי ווייניג... אייך ביינקשאפט גיט זיי. און תפילות ...א תפילה, ווייסט איהר? ווען עס ווילט זיך ארויפלאזען אויף די קני און בעטען... ניט מיט קיין שרעק און אויך ניט מיט קיין געבעט, נאר מיט ליעבע. איהר ווייסט ניט? דאס איז א גוטע תפילה... פרואווט...

טאראס האט מיט פארוואונדערונג געקוקט אויף מיראנען.

— הייסט עס, אז אויך... איהר זוכט גאט?

מיראן האט זיך פויל צולאכט.

— נו, צו וואס טויג דאס מיר... איך קען אליין אויך אומגעהן איבער דער ערד... ווער עס פיהלט זיך זעהר שוואך, יענער זוכט אן אנהאלט... אבער איך וועל נאך דערוויילע אליין פרואווען... איך רעד ניט וועגען גאט, נאר וועגען א תפילה.

— תפילה טוט מען בלויז צו גאט! — האט ביין געזאגט טאראס.

— ניין, ניט אזוי... פיליכט האב איך זיך ניט ריכטיג אויסגע־דריקט. אבער דאס איז ניט וויכטיג... און איהר דארפט זיך היילען וואס גיכער... דאן וועט איהר אויך מיט דער נשמה דורכקומען.

טאראס האט זיך אויפגעהויבען.

— איך וועל זיך נאך דערווייזען צו היילען. צום ווידערזעהן.

— אזוי דענקט איהר? מעגליך... נו, און איהר געהט אלץ אום אהן א מאנטעל? — דער איז צו קאלט... נעהמט מיין הערבסט מאנ־טעל... אן דארטען הענגט ער... נעהמט איהם אראפ...

— איך וויל ניט. מיר איז ניט קאלט. זייט געזונט.

— נעהמט ארונטער דעם מאנטעל.

טאראס האט געדריקט מיט די פלייצעס און האט אראפגענומען דעם מאנטעל פון צוויאק.

— פאסט איהם אן...

— צו וואס? מיר איז ניט קאלט...

— לייגט ניט... איהר וועט נאך פארקיהלען אייער גוף, אייער איינציגען פארמעגען. מיט וואס וועט איהר דאן בלייבען? טוט אן!

טאראס האט אין פארלעגענהייט אנגעטאן דעם מאנטעל. זעהט אויס, אז ער האט אליין אויך ניט איינמאל געטראכט פון א מאנ־טעל. דער מאנטעל איז געלעגען אויף איהם ווי א זאק, מיראן איז געווען העכער און ברייטער פון איהם.

— דער מאנטעל איז אביסעל צו ברייט... האט א לאך געטאן טאראס.

— נישקאשה... עס וועט זיין ווארעם... קומט אריין... מיר וועלען זיך נאך דורכשמועסען וועגען אייער נשמה... נאר ווען עס וועלען ניט

זיין קיין לעמפלאך... דאן איז בעסער. פארמאכט די טיר הינטער זיך...

— גוט... צום ווידערזעהן...

אויפ'ן שוועל האט טאראס זיך אויסגעקערעוועט און בייז ארויס־געברומט: — א דאנק פאר'ן מאנטעל!

מיראן האט שווייגענדיג א שמייכעל געטאן און א זופ געטאן פון גלאז.

אין גאס האט זיך טאראס אפגעשטעלט, ער האט א טראכט גע־טאן און מיט א קרומען שמייכעל זיך גענומען געהן אין דער ריכ־טונג פון קיסעלסקי'ס וואוינונג. צו מאל באפענדיג א קוק אויפ'ן מאנטעל, וואס האט אנגענעהם געווארעמט און געשמעקט מיט מי־ראנען.

צו די קיסעלסקי'ס איז ער ניט אריינגעגאנגען. ער איז בלויז אריין אין הויף, און איז געשטאנען א ווייליע אונטערן פענסטער פון ווערא'ס צימער, און א לאך טוענדיג איז ער ווידער ארויסגעגאנגען.

טאראס האט לאנג אומגעבלאנדזשעט איבער די גאסען. מען האט שוין לאנג אנגעצונדען די לאמטערנעס. א פאר מאל האט שוין אנגעהויבען רעגענען. די שטיינער פון די טראטוארען האבען גע־בלאנקט פון נאסקייט.

גאנץ אומערווארטעט איז טאראס צוגעקומען צום שענקעל, וואו עס פלעגען זיך אפט צוזאמענקומען פארטיי־מענשען. פון פענסטער האט מען געזעהן דאס ווינקעל־טישעל ארום וועלכען עס זענען געזעסען יאנא, ריסצקי, קיט און פיאטר.

טאראס האט א בייזען שמייכעל געטאן און איז אריין. ער האט זיך געגריסט מיט אלעמען, אויסער קיט'ן, און האט זיך געזעצט. קיט האט געצויגען דעם ביער און האט געקוקט אין גלאז. זיינע לאנגע וואנצען זענען געווען אין שוים.

— איהר ווילט ביער? — האט איהם פארגעשלאגען יאנא, וועל־כע איז שוין געווען אונטערן גלעזעל, זיין געל־גריגע הויט האט זיך באדעקט מיט שוויים, און איצט, נאך מעהר ווי אלע מאל, אויסגעזעהן ווי אפגעטיילט פון שארבען. עס האט זיך געדוכט, אז ווען מען זאל זי אננעמען פאר די אויערען, וואלט מען לייכט געקענט אויסדרעהען

די הויט מיט די אויגען־לעכער אויף דער פאמילניצע און צוריק; אדער ווען מען זאל זי א טרייסעל טאן וואלט דער שארבען זיך געמען אין איהר ווארפען, ווי אין א בייטעלע.

טאראס האט זיך אפגעזאגט פון א גלעזעל ביער און איז שנעל אריינגעפאלען אין פארוואלקענטער, בייזער פארטראכטקייט. דעם געשפרעך האט ער ניט געהערט. צומאל האט ער אויפגעהויבען דעם קאפ און געקוקט אויף אלעמען מיט בייזע שפאטישע אויגען און אונטערגעלאכט. קיט האט פון דער זייט אכטונג געגעבען אויף איהם.

ריסעצקי און פיאטר האבען דעבאטירט וועגען קעמפער, — ריסעצקי האט בייגעקומען פיאטר'ן מיט נעמען. די פיעלע וואס ער האט דערמאנט, האט ער באהויפטעט אז ער איז אפילו געווען פערזענליך באקאנט מיט'ן בארימטען קוראטשקין. מען האט איהם ניט געגלויבט און געלאכט. ריסעצקי האט זיך באליידיגט.

יאנא, האט זיך גערייצט. דאן האט זיך ריסעצקי דערמאנט, אז איינמאל האט איהם פיאטר ניט געגלויבט, אז ביי זיך אין שטעטעל, איז ער, ריסעצקי, פארשמ'ט פאר א ספארט. פיאטר האט ניט פארשטאנען דעם צוזאמענהאנג צווישען ספארט און קעמפער, נאר פונדעסטוועגען האט ער אויך שטארק געצווייפעלט אין ריסעצקי'ן אלס ספארט.

טאראס האט גאר ניט געהערט פון דעם אלעם. קיינער האט איהם אויך ניט געשענקט קיין אויפמערקזאמקייט, אלע זענען געווען פארנומען מיט זיך. פלוצלינג האט טאראס אויפגעהויבען דעם קאפ און האט זיך צוגעהערט.

— ווער? ווערא? ווערא? כא־כא־כא!

פיאטר האט זיך אפגעווארפען אויף צוריק און א שטארקען קלאפ געטאן ריסעצקי'ן איבער'ן פלייצע.

— יא, ווערא! האט ער מיט זיכערהייט געענטפערט און אביסעל זיך אפגערוקט.

— נו, הארציניו, דאס זינגט איהר שוין... און דערצו נאך אהן נאטען. גאר איננאנצען אהן נאטען, פרייד מיינע...

ריסעצקי האָט איהם ניט געהערט:

— און איך בין איבערצייגט, אז דאָס... איז א ערהאבענע נאַטור... א ריינע...

פיאָטר, איינהאַלטענדיג דעם ציטערענדען געלעכטער אויף די ליפּען, האָט זיך אפילו איינגעבויגען צו ריסעצקי'ן און איהם אויס־געהערט כלומרשט מיט אן אנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמקייט.

ריסעצקי האָט זיך אביסעל זאַיקעוועט באַזונדערס ווען ער איז געווען אויפגערעגט.

— אַ... אַהן צווייפעל!... זיכער, וועט איהר... דאָס ניט פאַר־שטעהן... ביי אייך איז די גאַנצע ל... ליעבע בלויז אין א געוויסען אַקט...

— געווים! דאָך ניט אין „זיסע קלאַנגען און אין תפילות“...

— ...נאָר עס זענען דאָ מ...מענשען, וו...וועלכע געפינען דאָס פאַר שמוציג... וועלכע קענען ליעב האָבען... ע...ערהאָבען.

— אָבער עס זענען דאָ ערהאבענע נאַטורען, וועלכע לייגען, — דאָס איז שוין גאָר אן אנדער זאַך. אליין טוליען זיי זיך און שרייען: „פע, פע, געה אוועק“. אָט אַדי ערהאבענקייט, אזוי צו זאָגען, איז שוין אַ פיקאַנטענקע. יאָ, יאָ, מיין טייערער חבר ריסעצקי...

— אויב איהר מיינט. ווערא'ן, זאָגט איהר אַ ליגען! — האָט בייז און גראָב געזאָגט ריסעצקי. זיין געזיכט האָט זיך אינגאַנצען אָנגע־צונדען און די אויגען זענען געוואָרען שפּיציגער.

פיאָטר האָט לאַנגזאַם דורכגעפיהרט מיט אַ פינגער איבער די וואַנצען. זיינע ליפּען זענען דינער געוואָרען און האָבען אַלץ אזוי איראָניש געשמייכעלט.

— איך ליִג? גוט. אויב אַזוי, איז אָט וואָס איך וועל אייך זאָגען: ווערא האַלט מיך פאַר אַ מענשען־חיה, פאַר אַ מאַנסביל, פאַר אַ נידעריגער נאַטור, אמת?

— יאָ!

— אויסגעצייכענט. איצט ווילט איהר זיך וועטען, אז אין צוויי וואָכען ארום וועט אָט די זעלבע ערהאבענע ווערא ווערען מיין „גע־ליעבטע“. געהט עס?

יאָנאָ און קיט האָבען אויסגעשאָסען אַ געלעכטער. ריסעצקי האָט

זיך הארט אנגעשטעלט אויף איהם.

— איהר ל...לייגט!... — האט ער אם ענדע שווער ארויסגע־רעדט.

— דאס וועלען מיר שוין זעהן, ווער עס לייגט. נו, ווילט איהר זיך וועטען? אויף א פינף און צוואנציגער, איהר ווילט?

— ניין! — האט אויסגעשריען יאנא. ווער עס וועט פאר־שפיעלען, דער וועט שטעלען בראנפען, אבער בראנפען פון דער ברייטער האנט, פאר אלעמען, די עדות, פארשטעהט זיך אריינגערעכענט פריהער פאר אלעמען.

— גוט. — האט צוגעשטימט פיאטר! — געהט עס, ריסעצקי. ריסעצקי האט נאך ניט געקענט קומען צו זיך.

— נו, עס געהט... — האט ער ארויסגערעדט, קרום שמייכלענ־דיג. קיט האט זיך צוגעקוקט צו טאראסען. יענער איז געזעסען א בלאסער, אן אנגעשטרענגטער.

— גוט! — האט פיאטר א טרייסעל געטאן מיט'ן קאפ. זעהט זשע, אז איהר זאלט זיך דערנאך ניט אפטרייסלען. פונקט אין צוויי וואכען ארום אין דער זעלבער שעה וועל איך אייך ברייגנען באווייזע פון ווערואס ערהאבענקייט. אפשר וועט דאס אימיצען זיין ניט באַ־זאנדערס איינגענעהם, כא־כא־כא! ...אבער, מיין טייערער חבר רי־סעצקי, איהר האט זיך אליין אנגעפרעגט! נאר מיינע הערען, איך זאג אייך אפריהער: קיין איינציגען ווארט קיינעם ניט, ביז וואנען עס וועט ניט אויסגעהן די באשטימטע צייט. איהר הערט? אנדערש בין איך ניט פאראנטווארטליך אין פאל פון א דורכפאל. אייער ווארט? איינשטימיג?

— מיין ווארט! איינשטימיג! — האט פלוצלינג, מאדנע און הויך א געשרעה געטאן טאראס און זיך אפגעווארפען אויף צוריק אויפ'ן ווענטעל פון בענקעל. ער האט אראפגענומען די היטעל און האט מיט א ציטערענדיגער, אונענטשלאסענער האנט דורכגעפיהרט איבער'ן שטערען.

בלויז קיט האט באמערקט:

— ריכטיג! איינשטימיג! — האט באשטעטיגט יאנא. — קיי־נעם קיין ווארט ניט... ערלויבט מיר, בלויז צו פרעגען, וואס פאר א

באַדען האָט איהר פאַר אַזאַ געוועט? ווירקליך, דאָס איז דאָך, אייַ־געגטליך, אַ מיידעל. דאָס וועט וואַרפען אַ שאָטען אויף אַ מיידעל. זי איז — אונזערע אַ חברה... דאַ ווייסט איהר... יאַ־אַ... — האָט אויסגעצויגען קיט. — אַזוי טאָר מען ניט.

פיאָטר האָט זיי אַלעמען באַטראַכט מיט אַ שמייכלענדיגען בליק.

— אייך ווילט זיך אונטער אַט דעם אויסרעד הערען עטוואָס שאַרפינ־קעס, אָדער איהר האָט זיך באמת איינגעשטעלט פאַר איהר „עהרע“?

— אָט אַן אומפאַרשעמטער! —איז זיך קיט אַזש פאַרגאַנגען פון געלעכטער. זיינע אויגען זענען שוין געווען פאַרגאָסען מיט בוימעל און עטוואָס שכר'ע.

אָבער יאַנאַ האָט זיך באַליידיגט. — איהר האָט קיין רעכט ניט אַזוי צו רעדען! אויב איהר רעדט אַזוי וועגען אַ מיידעל, מוזט איהר האָבען באַווייזע.

פיאָטר האָט זיך צולאַכט.

— אין צוויי וואָכען אַרום וועל איך דאָך אייך געבען באַווייזע. און אויב ניט, הייסט עס, אַז זי איז אַ ריינע. און שוין... נאַר... אויב איהר ווילט באַלד, קען איך עס טון מיט פאַרגעניגען.

— שוין! — האָט ביֵיז אַריינגעוואָרפען ריסעצקי.

— גוט! שוין איז שוין...

פיאָטר האָט אָנגעגאָסען ביער, האָט אַ זופּ געטאָן און אָנגעהויבען:

— די גרינגדע זענען פאָלגענדע. אין די אָווענדען געהן מיר זעהר אָפט שפּאַצירען צוזאַמען. דאָס ווייסט ריסעצקי אויך. ער באַגעגענט אונז אַמאָל מיט פאַרגעניגען. איך בין אָהן צווייפעל אַ פאַרפאַלענער, אַ נידעריגער מענש, אָבער וועראַ וויל מיך ראַטעווען, אומבאַדינגט ראַטעווען! און בלויז מיט דעם צוועק רופט זי מיך אַלע מאָל. נאָר אַזוי ווי איך בין אַ האָפנונגסלאָזער, קומט איהר אויס יעדען אָווענד זעהר לאַנג מיך איבערצייגען. אַזוי אַז אַהיים קערען מיר זיך אום זעהר שפּעט. אַזוי שפּעט, פאַרשטעהט איהר, ווען עס איז שוין פינ־סטער און אויף די שטיגען געהט שוין קיינער ניט... יאַ־אַ...

— נו, איז וואָס דערפון געדרינגען? — האָט אומגעדולדיג גע־פרעגט יאַנאַ.

פּיאָטר האָט אָפּגעטרונקען פון גלאָז, ער האָט אויסגעווישט די וואָנצעס און פאַרשייט אַ קוק געטאָן אויף יאַנאָן.

— דערפון איז נאָך געוועגליך גאָר ניט. נאָר דערפון וואָס עס קומט פאָר אויף די שטיגען קען מען שוין יאָ עפּעס דריגנען... דער־צעהלען מיט דעטאַלען, מיינע הערען?

— מיט דעטאַלען, מיט דעטאַלען! — האָבען צוזאַמען אויסגע־שריען קים מיט יאַנאָן.

ריסעצקי האָט אַ פאַרצאַרענטער זיך אָנגעגאָסען ביער.

פּלוצלינג האָט זיך טאַראָס אַ צאַפּעל געטאָן און פאַרשיקט ארויס־געדעדט:

— גיט מיר ביער!

ריסעצקי האָט איהם אָנגעאָסען ביער. ער האָט דורשטיג אויס־געטרינקען.

— גוט... הייסט עס מיט דעטאַלען... אַזוי, אַז עס איז שוין שפּעט ווען מיר קומען אויף די שטיגען, ביז דער ערשטער פּלאַטשאַד־קע קומען מיר צו באַשיידען. אויף דער פּלאַטשאַדקע קוש איך איהר די הענט און זי זידעלט מיך. אויף דער ערשטער פּלאַטשאַדקע זי־דעלט זי זיך שטענדיג. דערנאָך הויבען מיר זיך אויף עטליכע טרעפּ־לאַך און איך ערקלער, אַז איך קען מעהר ניט געהן. באַמערקט נאָר, אַז דאָס קומט פאָר יעדען טאָג. אפילו מיר איז אַביסעל אומאַנגע־נעהם צו שפּילען אַט די קאָמעדיע. אָבער זי גאָר ניט, באַמערקט דאָס במעט ניט... זעה נאָר, ווי מען הערט זיך דאָס איין! נו, גוט. איך שטעל זיך אָפּ. דאָן גיט מיך וועראַ שווייגענדיג אַ ציה. פאַל איך און נעהם ארום איהרע פיס... פיס האָט זי נישקשה'דיגע, ריסעצקי. שלאַנקע... כע־כע־כע! ער רויטעלט זיך... איהר טראַכט אָפּט וועגען זיי?... כע!

— נו, ווייטער! — האָט איהם יאַנאָ אונטערגעשטורכעט מיט'ן עלענבויגען.

— נו, ווייטער פאָלגט אַזוינס, טייערע מיינע, אַז מען דאַרף אַוועקשטעלען פינטעלאַך און באַשיידען אַראָפּלאָזען די אויגען...

און פּיאָטר האָט ווירקליך געמאַכט מיט'ן פינגער פינטעלאַך

איבער׳ן נאסען טיש, האט איינגעבויגען דעם קאפ אויפ׳ן לינקען אקסעל און האט באשיידען אראפגעלאזען די אויגען.

— עט, צום טייפעל! שיט ווייטער! גישקשה, האט געשריען יאנא מיט אן אויפגערעגטען געלעכטער.

פיאטר האט זיך צולאכט.

— אהא, פאסקודניקעס. זעהט נאר, ס׳ארא זשעדנע מארדעס!

טאראס האט גענומען די פלאש מיט זיין האנט, שטארק געצייטערט, ער האט אנגעגאסען א גלאז ביער און אויסגעטרינקען.

ריסעצקי האט שווער און אומגעלומפערט געמאלען אזארען אויפ׳ן טיש.

— נו, ווייטער, ווייטער, — האט אומגעדולדיג אונטערגעווינקען קים.

— רעדען ווייטער, ריסעצקי? — האט געפרעגט פיאטר.

— אייער זאך, — האט בייז ארויסגעברומט ריסעצקי.

— גוט! אז מיינע, איז מיינע. נו, אזוי אויף דער צווייטער פלאסטשאדקע שלעפט זי מיך שוין. באמערקט, אז די גאנצע צייט שווייגען מיר. מעהר איז שוין גיטא קיין מוסר, ניט קיין לעקציעס. גארניט... נו, און וואס זאל איך אייך זאגען, מיינע הערען, — איז זי דאס ליידענשאפטליך! אט דאס איז ליידענשאפט! כ׳מיין, אזא מין אומפארשעמקייט, אז איהר וועט מיר גלויבען, עס איז מיר צומאל אומאנגענעהם... אויף מייןווארט!... נאר אינטערעסאנט איז דאס, אז אימער טרעפען זיך מיט איהר עפעס מאדנע זאכען. ווייסט זיי דער טייפעל... זי הויפט אן אינגאנצען צו ציטערען, שליקערצען, עס קלאפען די ציין, ווי פון קעלט, טרייסלען זיך... און שוין, א סוף... זעגען איך זיך און געה אוועק... מסתמה דערפאר רעדט זי דאס שטענדיג מיט אזא מין אויפריכטיגען בעם וועגען אט די מיאוסקייטען, ווייל מיט איהר טרעפט ווירקליך אימער אט די מיאוסקייט! אויף מיין ווארט! איך דענק ערענסט דערפון. דאס קען כ׳וויים אליין ניט וועמען ארויסברייגנגען פון זיך. אויף מיר בלויז בעס׳ט זי זיך אומזיסט... כ׳מיין דער רוח וועט זיי פארשטעהן. אויפ׳ן צווייטען טאג פיהלט זי אזא מין פיין פון חרטה און בושה, אז אפילו מיר טוט באנג. אזוינע נאטאציעס, אזא ענטריסטונג... און איין אוועגד... די שטיגען

און אלעס אויף דאס ניי... אט בלויז אט די מאדנע צופעלע! דאס איז א מיידעל מיט א חסר׳ענדעל, נאר...

פיאטר האט א קנאק געטאן מיט די פינגער און האט זיך חצפה׳־דיג צולאכט ריסעצקין גלייך אין פנים אריין. יענער האט שווער גע־אטעמט, געקוקט אויפ׳ן טיש, מאכענדיג אזארעז.

טאראס האט געפיהרט מיט׳ן האנט איבער׳ן שטערען און מיט אומבלאנזשענדע אויגען געקוקט אויף אלעמען.

— נו, וואס־זשע קומט פונדעסטוועגען פאר אויף די שטיגען?...

— האט זיך יאנא צולאכט מיט ניט קיין גוטען געלעכטער. זיינע אויגען האבען זיך פארצויגען מיט עפעס א דורכזיכטיגער תאוה׳דיגער הייטעל.

— נו, דאס איז שוין אביסעל צופיעל דעטאלען, טייערע מיינע...

— האט פיאטר א לאך געטאן.

— נו, דערצעהלט שוין ביז׳ן סוף! וואס איז דארטען? — האט ווידער אונטערגעווינקען קיט.

— וואס־זשע פאר א סוף ווילט איהר. קיין סוף איז נאך ניטא. ער וועט זיין אין צוויי וואכען ארום...

— אבער דארטען אויף די שטיגען! האט אויסגעשריען יאנא, איינגעשפארט און שמייכלענדיג אין פארלעגענהייט.

פיאטר האט זיך גענומען ציהען.

— איך וועל ניט זאגען... און עס איז ניטא וואס צו זאגען... געהט מיר צום טייפעל, איך וויל מעהר ניט רעדען!

טאראס האט זיך פלוצלינג אויפגעהויבען און האט א ווילדען קוק געטאן אויף אלעמען און אהן א היטעל האט ער זיך לאנגזאם געלאזען צום ארויסגאנג.

אלע האבען מיט ערשטוינונג געקוקט אויף איהם.

— וואס געהט דא אן? — האט זיך פארוואונדערט אומגעקוקט אויף אלעמען פיאטר.

יאנא איז בליץ־שנעל אויפגעשפרינגען, ער האט געכאפט טאראס היטעל און זיך געלאזען לויפען נאך איהם. אבער ער האט זיך גלייך אומגעקערט. ער האט אראפגעריסען פון העננער זיין מאנטעל און הוט, האט א זאג געטאן צו אלעמען „באצאלט פאר מיר, צום ווידער־

זעהן" און איז אנטלאפען.

פיאטר האט זיך אין פארלעגענהייט געווענדט צו קיטען:

— וואס איז דא אייגענטליך פארגעקומען?

קיט האט פולבארייטענד א לאך געטאן און גענומען דערצעהלען.

פיאטר האט זיך איינגעהערט מיט אויפגעהויבענע ברעמען.

יאנא האט געבראכט טאראסען צו זיך. יאנא האט זיך אליין ניט שטארק געהאלטען אויף די פיס. אבער טאראסען האט ער שטארק אונטערגעהאלטען פאר'ן עלענבויגען און האט איהם ניט אפגעלאזען דעם גאנצען וועג אהיים. טאראס האט זיך געהארכזאם אונטערגעגעבען.

— איהר וועט נעכטיגען ביי מיר! — האט באשלאסען יאנא.

— און שוין. אין אזא צושטאנד קענט איהר אין ערגעץ ניט געהן.

ער האט אנגעצינדען דעם לאמפ און האט אוועקגעזעצט טאראסען אויפ'ן בעט.

— זיצט... אט אזוי... און עס וועט גוט זיין. איהר וועט נעכטיגען ביי מיר. מיר וועלען אוועקלייגען דעם מאטראץ אויף דער ערד. דער טייפעל זאל איהם נעהמען, מיר וועלען זיך צוטיילען מיט די קישענס און א סוף צו דער מעשה. און דאס איז אלץ נעכטיגע טעג. גלויבט ניט דערין. אויף מיין ווארט, טייערער, גלויבט ניט.

— פיאטר לייגט. דאס איז א שכר'ער פלאפלען און מעהר גארניט. ער לייגט דער הונט, איך קען איהם. דערנאך וועט ער אליין פון אונז לאכען וואס מיר האבען איהם געגלויבט... אויף מיין ווארט!

— שויז־זשע איז ער אזוי? — האט הילפלאז און רחמנות'דיג א שמייכעל געטאן טאראס.

— אזא איז ער. דער שווארץ יאהר, אזא מאן! איך קען איהם. ער לייגט וועגען אלץ, וואס עס קומט איהם נאר אין קאפ. און שטעלט זיך פאר, ער איז דאך ווייט ניט קיין נארישער יונג, נאר ווייסט איהם דער טייפעל, וואס מיט איהם איז געווארען! אויף מיין ווארט. ער איז געווען אמאל א גוטער פארטיי ארבייטער און איצט... אט, אלץ לייקענט ער, דער פאסקודניק, לאכט, און בלויז פרויען ווייסט ער... אט אזא מין חזר... אבער ער לייגט אלץ, און איהר זאלט ניט

גלויבען קיין איינציגען ווארט זיינעם. איך פארשטעה אייך... אזא זאך... יא... נאר, פון דעסטוועגען וועלען מיר נעהמען מאכען דעם געלעגער, אמת? איהר בלייבט אזוי זיצען... אט זעצט זיך אט אויף דעם ביינקעל, און איך וועל נעמען דאס מאטראצעל... אט אזוי... און זיצט... זיצט רוהיג. און איך וועל דערווײלע... אט... די קאלדרעלע זאל דערווײלע דא ליגען... א... און דאס מאטראצעל אהער אויפ'ן דיל... אט... זיצט, זיצט... אט... איצט וועלען מיר אויפ'ן זעלבען מאנער: אייך איין קישען און מיר אויך איינע, און צודעקען וועלען מיר זיך, איינער מיט דער קאלדרע, דער צווייטער מיט א מאנטעל... א... און מיר וועלען שלאפען, ווי גוט באזיצער... וואס זשע טוט מען? עס איז שלעכט... נאר מען קען זיך ניט העלפען... אט... און איצט טוט זיך אוים.

טאראס האט אויטאמאטיש געפאלגט. ער האט זיך אויסגעטאן און געלייגט אויפ'ן דיל, איינדעקענדיג זיך מיט'ן מאנטעל.

יאנא ניט אויפהערענדיג רעדען האט זיך אויך געלייגט. ער האט פארויכערט און ארויסשטעלענדיג פון אונטער דער קאלדרע דעם גענאלטען פנים, וואס איז געוועזן רויט פון דעם אויסגעטרוקענעם ביער, האט זיך גענומען ציהען.

— און באמת, וואונדערליך. עס וואלט זיכער געוועזן בעסער צו ליגען אויף א ווייכען געלעגער און צוזאמען מיט... אך, א בהמה, איז פיאטר, אן אמת'ער פערד... נו, כאפט איהר דער גוטער יאהר! אלעס געהט אריבער... און ער לייגט פשוט.

יאנא האט טיף זיך פארצויגען מיט'ן פאפיראס און געווארפען א בליק אויף טאראס'ן. יענער איז געלעגען אומבאוועגליך, די אויגען, צאפעלדיגע און מוטנע זענען געווען אנגעשטעלט אויפ'ן סטעליע.

— אייך איז ניט הארט, ליעבער? א? — האט געפרעגט יאנא.

טאראס האט זיך אויפגעכאפט.

— וואס?

— איך זאג, איז אייך ניט הארט?

— ניין.

— יאנא האט ווידער אפגעזיפצט.

— ס'ארא בעסטיא, פונדעסטוועגען, עס איז אט דער פיאטר...

עס געהט איהם, דעם הונט!... אך!... נו, מלה... לאמיר כאטש שלאַ־פען... אויב... איהר ווילט שלאפען?

— יא... איך וויל... איך וויל שלאפען.

— נו, טא שלאפט. שלאפט. א גוטע נאכט.

און אויסלעשענדיג דעם לאמפ, האט יאנא א סקריפע געטאן מיט'ן בעט, זיך געדרעהט א ווײלע און איז שטיל געבליבען.

טאראס האט זיך קיין ריהר ניט געטאן. צוערשט איז געווען זעהר פינסטער, דערנאך האבען זיך צוביסלעך גענומען מערקען די ווענט און דער ווייסער ליילאך אויף יאנא'ס בעט. פון די לאמ־טערנעס אין גאס האט געשטראמט אהער א שוואכע שיין.

פון צייט צו צייט זענען איבער'ן בריק מיט א גערויש דורכגע־פאהרען פוהרלאך; עס האבען זיך געהערט הויכע שטימען פון די דורכגעהער; פון הינטען האט זיך געקלאפט די ארייננגאנגס־טיר. און פון ערגעץ האט זיך קוים דערטראגען דאס געוויין פון א ברוסט קינד.

יאנא האט זיך א פאר מאל איבערגעווארפען אויף דער אנדערער זייט.

— טאראס! — האט ער פלוצלינג איהם א שטילען רוף געטאן.

טאראס האט געשוויגען. עס האט זיך איהם ניט געגלוסט רעדען.

— טאראס! — האט העכער איהם א רוף געטאן יאנא.

טאראס האט א כראפע געטאן, ווי מען וואלט איהם באומרוהיגען פון שלאף.

יאנא האט זיך אייגגעהערט, און דאן זיך אויסגעדרעהט אויפ'ן רוקען.

דאס קינד האט געוויינט שטארקער, זיך שטיקענדיג, זעהט אויס, ערגעץ דארטען מיט זיין אייגענעם געוויין. ארום יאנא'ן, אויף א שטול האט געטיקעט דער זייגער.

פלוצלינג האט טאראס דערהערט קלאנגען אין דער פינסטער, וועלכע האבען איהם א שטארקען קלאפ געטאן אין הארצען — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

טאראס האט ניט אויסגעהאלטען און אומערוואַרטעט פאר זיך אליין האט ער זיך אויפגעזעצט אויפ'ן געלעגער. די קלאנגען זענען גלייך פארשוואונדען. אויפ'ן בעט איז געווען טויט־שטיל אזוי, אז עס האט זיך אפילו ניט געהערט יאנא'ס אטעמען. טאראס האט דער־פיהלט אַן אומערטרעגליכע חרפה. ער איז פלינק אויפגעשטאנען און האט זיך איילענדיג אין דער פינסטער גענומען אנטאן.

אויפ'ן בעט איז געווען שטיל.

טאראס האט געקלאפט מיט די ביינקלאך, און מיט די שטיוועל. ער האט עפּעס אראפּגעווארפען פון טיש אויפ'ן דיל, אבער פון בעט האט זיך ניט געשפירט דער מינדסטער גערויש. יאנא איז ווי גע־שטארבען.

בלויז דאן ווען טאראס האט אויף זיך שוין אנגעטאן דעם מאנ־טעל, האט ער זיך פלוצלינג גענומען דרעהען, אזוי ווי ער וואלט זיך נאר וואס אויפגעכאפּט, און האט פארשלאפען געפרעגט:

— וואס איז? ווער איז דא?

— דאס בין איך. איך געה אוועק... — האט טויב געזאגט טאראס.

— וואוהין? נאך וואס? — האט עטוואס באאומרוהיגט זיך אויפגעהויבען פון דעם בעט יאנא, און געשפירט האט זיך אין זיין שטים עפּעס א געפיהל פון שולד, בושה און שמערצליכער אומאנגע־נעמליכקייט.

— אזוי... איך קען ניט שלאפען... פארשליסט נאך מיר די טיר...

און טאראס האט זיך אין דער פינסטער געלאזען געהן צום טיר.

יאנא האט איהם שווייגענדיג נאכגעטאנצט מיט די בארוועסע פיס.

ארויסקומענדיג אין גאס, האט טאראס טיעף אפּגעזיפצט און זיך לאנגזאם געלאזען געהן, וואוהין די אויגען האבען איהם געטראגען.

עס איז שוין געווען שפּעט, זעלטען האבען זיך באגעגענט פאר־ביינגעהער. טאראס איז געגאנגען מיט א געבויגענעם קאפּ און מיט א פארגליווערטען שפּאטיש קרענקליכען שמייכעל אויף די ליפּען. ער איז לאנג געגאנגען. זיך אפּשטעלענדיג, האט טאראס באמערקט, אז ער געפינט זיך אויף א מאדנער גאס וואו עס זענען כמעט ניטא קיין

הייזער, בלויז הויכע שטיינערנע פּארקאַנס אונטער וועלכע עס האבען פייגליך געזשומעט די הויכע בוימער באַרירענדיג איינע די אנדערע מיט די האלב נאקעטע צווייגען. די פּארקאנס זענען באַלויכטען געווארען פון א רייע לאמטערנעס, וואס זענען אלס א געלע פונק־ליניע געלאפען אויף ארונטער, ערגעץ ווייט האבען זיי זיך פארקערעוועט אויף רעכטס. אין מיטען גאס האט זיך געצויגען א בולווארעל און עס האבען זיך געמערקט פוסטע ביינק.

טאראס איז לאנגזאם צוגעגאנגען צו איינער פון זיי און זיך אוועקגעזעצט אונטער א לאמטערן.

א מינוטען דריי איז ער געזעסען מיט פארמאכטע אויגען און פלוצלינג האט ער א לאך געטאן און ארויסנעמענדיג פון קעשענע זיין גרויס נאטיץ־ביכעל, האט ער פארביסען א ליפּ, און גענומען פלינק שרייבען.

„איך שרייב אייך, ווערא, איך וויל אייך שרייבען, איך וויל רעדען מיט אייך, איך וויל וויינען און שרייען פאר אייך, אט דא אין מיטען דער פארווארפענער קאלטער גאס, וואס איז אזוי נאס און פארביינקט ווי אמאל אין טיורמע. (געדענקט איהר, איהר האט ליעב געהאט מיינע בריף?) איך וויל צוזאמענהמען מיין טרויער אין איין שטיין פון ווערטער און ארייננשליידערן דעם שטיין אין אייער הארצען. איך וויל איינטונקען מיין פען אין דעם שווארצען שוים פון מיינע ליידען און ארייננשטעכען די פען אין אייער הארצען".

טאראס האט געזיפצט. דער ווינט האט א בלאז געטאן איבער זיין קאפּ און איז שטיל געבליבען, אט ווי ער וואלט איהם נאכגעפאלגט פון דארטען. ער האט באנעצט דעם בליי־פעדער און פארטגעזעצט:

„ווערא! איך האב נאר וואס געזעהן מיט מיינע אייגענע אויגען נידערטרעכטיגקייט און ליגען, פון וועלכע איך בין אנטלאפען אויף דער גאס. אויך היינט האב איך געהערט רייד, וואס האבען מיט סם אנגעצונדען מיין בלוט. שרעקליכע עקעלהאפטע און שמערצליכע רייד פון וועלכע איך וואלט באדארפט יאמערען און קלאגען ווי א משוגע־נער... נאר איך בין א נידערטרעכטיגער, א מיאוסער און איך וויין נים.

פארקערט. מיין פאר'סם'טער, צופוילטער קערפער ברענט פון אט די אלע מיאוסקייטען. איך פיהל ווי עטוואס בויגט מיינע קני צו דער ערד, און עס ווילט זיך מיר פאלען פאר אייך אין געבעט, עס ווילט זיך אין א ווילדען ליידענשאפטליכען און טשאדנעם עקסטאז קושען די טרעט פון אייערע פיס. — אייערע פיס. ווערא! א נידעריגער, עס שווידערט מיך אפילו ניט אפ פון אייער ליגנערישקייט. איך האב מוראדיג רחמנות אויף אייך און אויף זיך און נאך מעהר, נאך מעהר: אין דער מינוט פיהל איך, ווי בלויז דער געדאנק וועגען אייך, פיהלט מיך אן מיט עפעס א הייליגקייט, הייליגקייט... וואס מיט מיר איז, פארשטעה איך ניט. וואו איז מיין זעלבסט־ליעבע, איך ווייס ניט. איך בין גרייט תפילה טאן צו אייערע ליגנערישע אויגען. יא, יא, אפילו תפילה טאן, אפילו בעטען בין איך גרייט, ווייל אזוי פיהל איך און אויב דער גוף, ווערא, האט געבוירען אט דעם געפיהל, זאל זיין געבענשט דער גוף. און אויב נידערטרעכטיגקייט און ליגען האבען איהם געבוירען, א זייט געבענשט נידערטרעכטיגקייט און ליגען. דערפאר, וואס איהר האט אט דעם געפיהל געבוירען!..״

טאראס האט מיט הייסע אויגען א קוק געטאן ארויף אויפ'ן בוים און אויפ'ן לאממערען און נאך פלינקער און פיבערהאפטער גענומען שרייבען:

„און צו דער זעלבער צייט ווי וועהטאגהאפט ווי פיינליך!... די בוימער רוישען. פון דער ווייטען שלאפט די שווארצע ריזיגקייט פון שטאט... דער ווינט קוקט אריין צו מיר, רייסט די בלעטלאך פון בי־כעל, אט ווי ער וואלט זיי וועלען איבערלייענען. רייס זיי, ווינט, רייס! צוריים צוזאמען מיט זיי מיין וועהטאג, מיין פיין און מיין כאאס! צוריים און צוטראג מיט'ן פארוועלקטען בלאט, איבער דער שווארצער שלאפענדער ערד!...״

„און ווי מאדנע: אלעס שווייגט, און ביי מיר אין דער נשמה איז אי א געשריי, אי א געוויין, אי א ווילדער געזאנג. און די נאכט שווייגט, בלויז דער ווינט רוישט, בלויז מיין הארץ זינגט העכער דאס ווילדע ליעד. פאר אייך זינגט דאס הארץ. וועגען וואס? איך ווייס ניט, נאר זאל עס זינגען, ווי אמאל אין טיורמע.״

„פינסטער ווי די נאכט הערשט די שטילקייט ארום און ארום. ווי מיט א גרוי־שטאלענעם פאס, דרעהט זיך איבער מיר דער ווינט, און ער וואיעט פון אויבען איבער מיר. אין דעם שטאלענעם פאס פון ווינט טראגען זיך דורך מיט טריבע געזיכטער די געשטאלטען פון מיין לעבען.

„עס איז וועהטאגהאפט, זינלאז.

„עס זינגט א פיבעריש ווילד ליעד דאס הארץ, עס זינגט און בענקט און רייסט דאס אייגענע בלוט.

„עס טוט וועה!...

„דער שלאף בלאנדזשעט דערשראקען פון ווייטענס, ווייט פון דעם גרוי,שטאלענעם פאס, א שלאף מיינער! א צערטליכער, א שכור׳־ער, האב ניט מורא, קום! כאטש איין מאל שכור אן מיין קראנקען מיעדען קאפ. האב ניט מורא!

„ער שרעקט זיך...

„מיט א קאלטען ליארעם פארשפרייט זיך פון דעם שווארצען שווייגען, דער שטאלענער פאס פון ווינט. און אין אט דעם פאס שוועבט און פליהט מיין פארגאנגענהייט.

„ווי שטארק עס טוט וועה!...

„עס שלאפען אלע רוהיגע, עס שלאפען אלע אומשולדיגע, עס שלאפען אלע געהארכזאמע... געהארכזאם געהען זיי איבער די שווערע שטעזשקעס פון שמאלינקע לעבענס. זיי האבען זיך איינגעמיט און שלאפען, צופרידענע, אומשולדיגע. שלאפט ארימע, שלאפט מידע; שלאפט, אלע די וואס האבען זיך אויסגעדרעהט פון די צועפענטע קאלטע אויגען פון דער שרעקליכער בענקשאפט.

„דער ווינט איז אנטשוויגען געווארען. שטעהט ערגעץ, און ער־שטוינט פון עפעס, הערט ער זיך איין. וואס הערט ער? שויז־זשע האט זיך נאך געפונען עפעס וואס ער האט נאך ניט געהערט פאר זיין מיליאנען־דורות׳דיגען לעבען?

„אך, דאס הערט ער דאס קלאגען פון מיין הארצען, דאס הערט ער דאס ליידענשאפטליכע ווילדע ליעד פון מיין הארצען! וועהטאג־האפט, מוראדיג!...“

פלוצלינג איז ארום דער באנק אויסגעוואקסען א פרויען גע־

שטאלט. טאראס האט אבסאלוט ניט געוואוסט פון וואנען זי האט זיך גענומען. זי איז געווען אין א היטעלע מיט א האלב־צועפּענטען שירם אין האנט. זי איז צוגעקומען צו איהם אזוי נאהענט, אז זי האט כמעט אנגעריהרט זיינע קני, זי האט זיך אפּגעשטעלט און שווייגענדיג גענומען קוקען אין ביכעל.

טאראס האט פארוואונדערט אויפגעהויבען דעם קאפּ.

— גוט אוונט... — האט שטיל און ווייך ארויסגערעדט די פרוי, און עס האט זיך געמערקט, ווי זי האט פּשוט און אביסעל פארשעמט א שמייכעל געטאן.

טאראס האט אין פארלעגענהייט עפּעס ארויסגעברומט אלס ענטפער און האט איילענדיג באהאלטען דאס ביכעל אין קעשענע.

— איהר האט געשריבען? — האט מיט דעם זעלבען טאן געפרעגט די פרוי. עס איז קאלט. די הענט אייערע זענען, זעהט אויס דערפרוירען. קען מען זיך זעצען ארום אייך?

און ניט דערוואַרטענדיג זיך אויף אן ענטפער, האט זי זיך אוועקגעזעצט נעבען איהם און האט איהם ניט געוואגט אריינגעקוקט אין פּנים. איהר ניט שעהן רויט געזיכט איז געווען בלוי פון קעלט. די ליפּען ברייטע, גוטמוטיגע, די אויגען שטילע און ניט געוואגטע. פון אינטער איהר ביליגער היטעלע האבען זיך אראפּגעלאזען אויפ'ן שטערען ברודיגע געלע האר.

טאראס האט זי, פון דער זייט, באטריבט באטראכט און געפרעגט:

— איהר ווייסט ניט, ווי שפּעט?

— איך ווייס ניט... עס דארף זיין ארום צוויי אזייגער, א ניט אין שוין גאר דריי...

ער האט ווידער א בליק געטאן.

— וואס־זשע זענט איהר אזוי שפּעט אין גאס... איהר שפּאצירט?

— זי האט ווייך און שעמעוודיג א שמייכעל געטאן און גאר ניט געענטפערט. דערנאך האט זי ווידער ניט געוואגט מיט ערוואַרטונג איהם אריינגעקוקט אין פּנים. טאראס האט זיך א דריי געטאן און געוואלט אויפשטעהן.

— איהר געהט שוין? — האָט מיט אומעט געהאַרכזאַם גע־פרעגט די פרוי.

— יאַ... מען דאַרף. געהט איהר אויך... שוין שפּעט...

די פרוי האָט אומענטשלאָסען אַ דריי געטאָן דעם שירם.

— קען איך געהן מיט אייך?

— וואוהין? — האָט זיך פאַרוואונדערט טאַראַס.

— צו אייך... נעכטיגען... די נאַכט וואָלטען מיר פאַרבראַכט צוזאַמען... אַ?

און זי האָט איהם עטוואַס געוואַגטער אריינגעקוקט אין פּנים. זי האָט אפילו אונטערגעוואונקען צו איהם שמייכלענדיג מיט די בלוי געוואָרענע ליפּען.

טאַראַס איז רויט געוואָרען און ארויסגעמורמעלט:

— ניין. צו מיר קען מען ניט... איך... וואוין ניט אליין... די פרוי האָט אפּגעזיפצט און האָט ניט אויפגעהערט צו קוקען אויף איהם מיט ערוואַרטונג.

— דו ביזט אַזאַ ליבינקער... ווען איך וואָלט געקענט נעכטיגען באַ דיר, וואָלט איך געגאַנגען מיט דיר...

טאַראַס האָט זיך אַ קנייטש געטאָן אין פאַרלעגענהייט. דערנאָך האָט ער זיך גלייך אָנגעכמורעט און געזאָגט:

— אָבער, איך זאָג דאָך אייך, אַז איך קען ניט... ניטאָ ביי מיר קיין צימער... אינגאַנצען ניטאָ... אין ערגעץ ניט.

זי האָט ווידער אפּגעזיפצט, און אַ פיהר געטאָן מיט איהר לאַנג־ווייליגע פול מיט פיין אויגען איבער דער נאַסער ערד און ארויסגע־מורמעלט:

— מיר וואָלטען שטילינקערהייט דורכגעגאַנגען... און איך וואָלט פריה, פריה אוועקגעגאַנגען... אויף מיין וואָרט!...

טאַראַס האָט אויפמערקזאַם מיט עפּעס אַ מין דורכגעפלויגענעם נעהיימען געדאַנק אַ קוק געטאָן אויף איהר.

— און אהיים, פאַרוואָס געהט איהר ניט?

— איך וואוין ווייט... — האָט זי ארויסגעשעפּטשעט ניט גע־וואַגט, און אומענשלאָסען. און האָט זיך צוגערוקט נעהענטער.

— דו ביזט אַזאַ גוטינקער... קענסט דאַ נעהמען אַ צימעריל?

עס זענען דא דא ביליגע... פאר א האלבען רובעל... טאראס האט אינ־גאנצען געהאט אין קעשענע דריי און צוואנציג קאפיקעס.

— איך קען ניט... כ'האב קיין געלט ניט... א קאפיקעס צוואנציג איינגאנצען...

— א קאפיקעס צוואנציג? — האט זי אויפמערקזאם געפרעגט.

דער ווינט האט עפעס אריינגעראמט די בוימער, ווי ער וואלט זיי אויף שנעל איבערגעגעבען דעם געשפרעך פון די מענשען. די בוימער האבען טרויעריג געשאקעלט מיט די קעפ, און פון אויבען איבער זיי האט זיך אנגעהאנגען א מוטנער טונקעלער הימעל.

— יא... אט זענען זיי אלע...

און טאראס האט אפילו צוליעב עפעס איילענדיג ארויסגענומען דאס געלט אויף דער דאלאני און איהר געוויזען. די פרוי האט דורש־טיג געקוקט און האט גאר ניט געזאגט. טאראס האט באהאלטען דאס געלט און האט פארמאכט די פאלעס פון מאנטעל. עס איז גע־ווארען קאלט.

— אפילו זיצען מיט מיר אביסעל ווילסטו ניט?

— עס איז קאלט צו זיצען...

— רוק זיך צו נעהענטער... זעץ זיך, איך וועל דיך דערוואר־מען...

ווען מען זעצט זיך צוזאמען, איז גארניט אזוי קאלט: אט אזוי...

זי האט זיך אליין צוגעזעצט נאהענט צו איהם, האט זיך צוגע־דריקט מיט'ן ווייכען קערפער און מיט'ן האנט האט זי ארומגענומען זיינע פלייצעס, ארייגשפארענדיג די פינגער אין ארבעל.

טאראס האט אין פארלעגענהייט געשמייכעלט.

— אט זעהסטו שוין... אט אזוי... איצט איז נאך גאר ניט, נאר שפעטער וועט ווארעמער ווערען... עס ווערט איצט קאלט... הערבסט. אך גאטוניו, גאטוניו, ניט בארעמהערציג, ניט גוט ביזטו צו אונז!

זי האט אפגעזיפצט און האט א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ.

טאראס האט פלוצלונג אביסעל א דרעה געטאן דעם קאפ און האט אויסגעקערעוועט צו איהר דעם פנים.

— ווער איז ניט בארעמהערציג?

— גאט... עס רעדט זיך אזוי.

— פארוואס־זשע איז ער ניט בארעמהערציג?

— ווייל מיר זענען ניט בארעמהערציג — איז אויך גאט ניט בארעמהערציג... פאר די זינד.

— איז ער אימער אזוינער?

— ווער?

— טאראס האט א לאך געטאן.

— ס'ארא מין זאנדערבארער דו ביזט. נו, וואס, האסט זיך דערוואַרימט?

— יא, אביסעל...

— אט זעהסטו...

טאראס האט געקוקט פאר זיך, און שפּאטיש פארטראכט אונטערגעשמייכעלט.

די פרוי האט פּלוצלונג, האלב שעמעוודיג, האלב ציניש איהם גענומען קיצלען.

טאראס איז אין פארלעגענהייט רויט געווארען, נאר איהרע הענט האט ער ניט צוגענומען. די פרוי איז געווארען אביסעל געוואגטער.

— אזוי איז נאך וואַרעמער? אמת? א?

טאראס האט אויפגעהויבען דעם קאפּ, ער האט א קוק געטאן אויף איהר און אין זיינע אויגען האט דורכגעשוועבט אן ארויסרוף צוזאמען מיט א הייסען פארצווייפעלטען באנער.

די פרוי האט געכאפּט זיין בליק.

— קענטיג דא... אמת? — האט זי שטילינקערהייד, אריינ'גנב'נענדיג זיך א מורמעל געטאן.

טאראס האט א לאך געטאן.

— און די זינד?

— וואסערע זינד?

— עס איז דאך א זינד, א? מיר וועלען די נשמה באגראבען?...

— די נשמה איז שוין פארלוירען.

— פארלוירען?

די פרוי ניט ענטפערענדיג, האט זיך גענומען אויפהויבען, מיטשלעפּענדיג מיט זיך טאראסען.

— קום אהיין... דארטען איז פינסטערער... און די צוואנציג קאַ־פּיקעס וועסטו מיר אוועקגעבען? א?

— פאר דער נשמה?

— בע־בע־בע! דו ביזט א זאנדערבארער, אין וואסער קעשענע? אין דער?... אהא, כ׳האב שוין אנגעטאפּט...

— כ׳וועל נעהמען בלויז דעם צוואנציגער... די דריי קאפּיקעס וועל איך דיר לאזען. צי מען קען נעהמען אלע?

— נעהם.

דער ווינט האט ווידער שרעקענדיג און איילענדיג גענומען עפּעס אריינראמען די ביימער. די ביימער האבען אנגעהויבען ציטערען, מיט די ווייניגע טויטע בלעטער און מיט פּחד זיך איינגעבויגען צו די מענשען.

---

ווען דער געשטאלט פון דער פרוי איז פארשוואונדען הינטער דער ליניע פון די לאמטערנעס, האט טאראס זיך אומגעקוקט און האט זיך ווידער אוועקגעזעצט אויף א באנק. זיין געזיכט איז אזוי ווי איינ־געשרומפּען געווארען און איינגאנצען האט ער אויסגעזעהן מיעד און פארמאטערט.

ער איז לאנג געזעסען, אנגעשפּארט אין ווענטעל פון באנק, דער־נאך האט ער לאנגזאם ארויסגענומען דאס נאטיץ־ביכעל, און האט איבערגעלייענט דאס אנגעשריבענע און, א לאך טוענדיג, האט ער ווי־דער גענומען שרייבען:

„איך שרייב דאס אין א האלבע שטונדע ארום, א זעהר אינטע־רעסאנטע ערשיינונג: ניטא שוין גאר קיין היילינגעס, אדער אבסאַ־ליוט גארניט. אט שטעל איך מיר פאר: אייך, אייער פּנים, אייערע באפליגעלטע ברעמען. נו, איז וואס: א פּנים ווי א פּנים, ברעמען, ווי ברעמען. לאנגווייליג און אביסעל לעכערליך. בע!"

טאראס האט א קוק געטאן אויפ׳ן לאמטערן, ער האט א קרומען שמייכעל געטאן און האט פארטגעזעצט.

„און עס וועט קומען דער פריהמארגען. נאכוואס? וואס באזונ־דערס איז דא אין דעם, וואס עס וועט קומען דער פריהמארגען? לאנג־ווייליג... אפילו שרייבען אייך איז לאנגווייליג. און דאס אלעס, פאר־

וואס? אינטערעסאנט. עס איז געקומען פון דער פינסטערניש א פרוי, א פראסטיטוטקע, א שמוציגע, א מיאוסע און פאר דריי און צוואנציג קאפיקעס האט זי צוגענומען און אוועקגעטראגען מיט זיך דעם וועלט שמערץ מיינעם, צוזאמען מיט די פרעטענזיעס מיינע אויף פאעזי, צוגענומען דאס „הייליגע". און ביי מיר איז שוין גאר ניטא, גאר ניט געבליבען. אמת קונציג! אט דאס איז א גוטער פאטש אין פנים דער אייביגער, דער איין און איינציגער — הויפט נשמה! אויסגעציי־כענט!"

„בלויז אין רוקען און אין די פלייצעס שפיר איך די נערוועז. דאס אלעס. אט ווי א בוימעלע מיט'ן שטאם און צווייגען: יעדער צווייג נאגט און טוט וועה... און אינטערעסאנט, וואס די פראסטיטוטקע גלויבט אויך אין איהר נשמה. נאר פאר דריי און צוואנציג קאפיקעס האט זי זיך פארקויפט צוליעב דעם פאראכטעטען גוף..."

ער איז געזעסען, א ווײלע געקוקט אין רוים און האט מיט א שפאטישען שמייכעל פארטגעזעצט שרייבען:

„איך בין אמאל אריינגעגאנגען אין סאבאר. מענשען האבען תפילה געטאן. איך האב זיך איינגעהערט אין די תפילות. צום ערש־טען מאל האב איך זיך אויפמערקזאם איינגעהערט אין זיי, און האב זיך אריינגעטראכט אין דעם עיקר פון זייער אינהאלט. אלע תפילות רעדען דערפון, אז גאט זאל אויסהיטען פון הונגער, עפידעמיעס און קראנקהייטען, אז ער זאל געבען דאס שטיקעל ברויט... פאר דער נשמה? ניין, פאר'ן קערפער. אט ס'ארא קאמיזם! פאר דעם גוף! און קיינער בעט ניט, אז ער זאל געבען הונגער, עפידעמיעס און קראנק־הייטען פאר דעם פארדאמטען קערפער. קיינער. און צו דער זעלבער צייט לעבט מען דאך בלויז פאר דער נשמה..."

ער האט זיך ווידער אפגעשטעלט, ער האט מיעד אויסגעווישט מיט'ן האנט דעם שטערען און ווידער פלינק גענומען שרייבען:

„און דאס גאנצע לעבען? אט די הייזער, וועגען, מאגאזינען, בי־כער, אייער אוניווערזיטעט, די האספיטעלער — זיינען פאר דער נשמה? און די סאציאליסטישע פראגראמע? דאס איז דאך שוין זי־

כער אן אויסדרוק פון גייסט, און וועגן וואס רעדט זי?... וועגן ליין, וועגן אן אכט־שטונדיגן ארבייטס־טאג און דער פארנאנדער־טיילונג פון די פּראָדוקטען פון ארבייט... און די סאָציאַליסטען רעדען נאך מיט פאראכטונג וועגן יענע, וואס לעבען ניט מיט דעם גייסטי־גען לעבען „ווי בהמות“... א, משוגעים! ווי שטארק וואלט איך גע־וואלט זיין א געזונטע און פרייע בהמה! אך, ווי איך וואלט וועלען, אהן אט דער נשמה אייערער, זיך וואלגערען אין גראז, טרינקען די שטראלען פון דער זון און מיט א ליארעם זיך ווארפען אויף א שונא, און מיט ליעבע לעקען די קינדער, און אבסאָליוט ניט טראכטען דער־פון, וואס מענשען — קאליקעס האבען זיך פארזאמעלט צוליעב דעם, אום ארויסרייסען ביי אנדערע מענשען א שטיקעל פליישׁ, וואס ווערט גערופען סאָציאַלע פּראָגראַמע. גאר ניט טראכטען, קיינע נשמות איי־ערע, קיינע קולטורען, מאראלען ליגנערישע און משוגענע. די זון, דאס גראז, די וואסער, ברייטקייט, שונאים, א לעבענס־חבר, און קינדער. א, פארשאָלטענער געדאנק! ער האט אוועקגערויבט ביי מענשען דאס גרויסע גליק פון הנאה האבען פון די אלע זאכען! דער געדאנק איז געווארען פאר דעם מענשען זיין גאָט און זיין טיורמע; דער געדאנק האט באהערשט דעם מענשען, ווי א נידעריגער לאקיי, זיין צוטרויליכען באלאבאס — האט באהערשט זיין קערפּער...“

ער האט זיך אפּגעשטעלט און האט איבערגעלייענט דאס אנגע־שריבענע, און שפּאטיש שמייכלענדיג, האט ער צוגעשריבען: „אמת, לעבערליך? עס זיצט א קלעגליכער געשטאלט און צאראפּעט גרויס־ארטיגע ווערטער, פילאָזאָפירט... נו, און וואס פאר א טאָלק איז אין אט דעם פילאָזאָפירען? קען איך דען אט די ווערטער, אט די גע־דאנקען דערפיהרען ביז’ן געפיהל, דערפיהרען זיי ביז דער מדרגה, אום צו טאָן דאס וואס פון זיי פאלגט? אז אומגליקליכער קאליקע, וואס איז נאָר פעהיג קלאָגען, יא... אלץ איינס... אט די געדאנקען זייגען שוין אויך ניטאָ... איך בין שוידערליך מיעד“.

ער האט אראָפּגעלאָזען די האנט און איז פארשטאָרבען. דער ווינט האט זיך פארזיכטיג געשושקעט מיט די בוימער.

טאראס האט זיך לאנגזאם, מיט אנשטרענגונג אויפגעהויבען. ער האט ארייגעשטופּט דאס נאָטיץ־ביכעל אין קעשענע און שטיל זיך

גענומען שלעפען ארונטער. זעהט אוים, ער האט ניט געטראכט דער־
פון וואוהין ער געהט. ער האט לאנג אומגעוואנדערט. עס האט
שוין אנגעהויבען טאגען, ווען ער איז געקומען אהיים. אליא, וועלכע
האט איהם געעפענט די טיר, איז אפגעשפרונגען אין שרעק, דערזע־
הענדיג זיין פנים. נאר ער איז שווייגענדיג צוגעגאנגען צום געלע־
גער, וואו עס איז געשלאפען אליא, און האט זיך אוועקגעלייגט אין
דעם אנטאן און איז גלייך פארזונקען געווארען אין א געדיכטען און
מוטנעם חלום, ווי אין א בלאטע.



# XIII.

מיראן האט זיך געקליבען ערגעץ אוועקגעהן, ווען עס איז צו איהם געקומען אליא א פארסאפעטע. זי האט איהם ניט געקוקט אין די אויגען, זי האט ניט געשענקט קיין אויפמערקזאמקייט זיין איינגעשרומפעטען אויסזעהן, זי האט ניט געקוקט אויף דעם הארטען און ביטערען אויסדרוק פון זיין געזיכט, און האט אפילו גארניט געענטפערט אויף זיין פארוואונדערט־פריידיגער באגריסונג. קוקענדיג ערגעץ אין א ווינקעל, האט זי איילענדיג, אומרוהיג גענומען דערצעהלען.

— ווידער איז טאראס פארפאלען געווארען. שוין פיער טעג, אז מען זעהט ניט און מען הערט ניט פון איהם. ער איז געקומען איינמאל גאנץ פריה א מורא'דיגער, ער איז אפגעשלאפען א שטונדע דריי; ער האט זיך א דערשראקענער אויפגעכאפט און געבעטען צעהן קאפיקעס און איז ערגעץ אנטלאפען. צווערשט האט ער געבעטען א קאנווערט. נאר קיין קאנווערט האט זיך אין הויז ניט געפונען. דערנאך איז ער ווידער געקומען, האט איהר ארויסגערופען אין פארצימער, און איהר אפגעגעבען עפעס א ביכעל פון דער שפאר־קאסע און געזאגט, אז ער האט דארטען פינף הונדערט רובעל. זאל זי טאן מיט זיי וואס זי וויל. עס איז ניט זיין דאגה. דאס איז אלעס וואס ער קען. שרעקליך מאדנע! וואס איז דאס פאר געלט, פון וואנענט, ווי האט ער דאס גענומען?

— דאס איז גוטע געלט. זייט רוהיג — האט לאנגזאם, פארטראכט געזאגט מיראן. — נאר טאראס האלט זיך, ווירקליך, מאדנע. און נאכדעם איז ער פארשוואונדען?

— יא. ער האט מיר געגעבען דאס ביכעל און, אין א שרעקליכער אויפרעגונג גענומען מאכען אויף מיר מיט די הענט, ווען איך

האב געבעטען ער זאל מיר ערקלערען. ער האט געזאגט, אז איצט ווייסט ער שוין, וואס צו טאן. ניט פלאפלען נאר טאן. ער איז אלץ באשטאנען אויף דעם, אז ער קען אויך עפעס טאן, אז ער וועט אויך עפעס ברייננגען ביז׳ן סוף... ער האט אלץ גערעדט „שוין צייט", „גע־נוג", ער האט געשמייכעלט און זיך מאדנע געזעגנט מיט מיר, אט ווי ער וואלט ערגעץ אוועקפאהרען... דאס אלעס... איך האב שרעקליך מורא, מיראן אנטאנאוויטש... וואס האט ער פארטראכט?

— מ־מ! פאסקודנע... ער איז קראנק... און נערוועז...

— אבער וואס איז דאס פאר געלט, מיראן אנטאנאוויטש?

— פון וואנענט האט ער זיי גענומען? וואו?

— די געלט איז גוטע. עס האט איהם געגעבען איינער, א פריינד. באאומרוהיגט זיך ניט.

אליא האט זיך איינגעגעסען אין מיראנען מיט דערשראקענע פארשענדע אויגען.

— דאס איז ניט דאס געלט... וואס ביי... די קיסעלסקים? — האט זי אויסגעמורמעלט שטיל מיט פחד.

— נו, וואס מיר דארטען פאר קיסעלסקים? — האט זיך א קנייטש געטאן מיראן.

— נאך א זאך! ער האט דאך אין יענער נאכט גענעכטיגט ביי זיי... לאזט צורוה... עס האט איהם געגעבען א פריינד. דאס איז גע־ווען אין מיין אנוועזענהייט. ער האט בלויז געבעטען קיינעם דער־פון ניט זאגען, און טאראס פיהרט זיך, ווירקליך, אויף אזוי נאריש, אז עס קען וועקען אלערליי פארדאכטען... עס איז אומבאדינגט נויטיג איהם צו געפינען...

— ער האט עפעס גערעדט וועגען די אנארכיסטען... ער האט געלאכט פון דעם סאציאליזם, פון דער רעליגיע, אלעס זאגט ער איז א היפנאז, אלע זיינען לאקעיען... וואס פאר לאקעיען, צו וואס, איך האב גארניט פארשטאנען...

— גוט. מיר וועלען איהם געפינען...

— אום גאטעס ווילען, מיראן אנטאנאוויטש!

— ניט נאר אזוי צוליעב גאט, ווי צוליעב איהם אליין. אזא חזיר דארף מען פארשליסען אין א סאניטאריום, און שוין. געלט איז

איהם גענעבען געווארען ניט פאר נארישקייטען. דעם טאטען ניט איהר אריין אין א שפיטאל? געלט איז איצט דא...

— יא... נאר איך האב ניט געוואוסט.

— ניט איהם אומבאדינגט אריין... און וואס הערט זיך מיט אייך אליין? אליא האט אראפגעלאזען ד'עם קאפ.

— גאר ניט... וואס איז דען מיט מיר?

— און מיט סאלדעיעווען?... ווי?

— אליא האט געשוויגען און א פארפינסטערטע האט זי אויס־געגלייכט די ברעגען פון שאל.

— ער ווארט אלץ? א, אלעטשקא?

— ניין, ער ווארט שוין ניט...

— דאס הייסט? — האט געשווינד געפרעגט מיראן.

אליא האט אויפגעהויבען אויף איהם די אויגען און האט קוים א שמייכעל געטאן.

— ער האט ניט וואס צו ווארטען, כ'האב איהם ענטשלאסען אפגעזאגט.

— א!... נו, געוויס...

— און וואס האט איהר געדיינקט?

— איך האב געטראכט, אז איהר זענט שוין געגאנגען... נאר גוט, איצט דארף מען שוין גאר ניט... געלט איז דא און אלעס וועט זיין גוט...

— כ'ווייס ניט... — האט טיעף און שווער אפגעזיפצט אליא און האט זיך שוין אויסגעקערעוועט אוועקגעהן.

— איהר געהט שוין?

— יא... איך וועל געהן... כ'וועל נעהמען געלט... גאווריל דראהט צו ווערען א שפיאן...

— שוין זשע?

— און ביי אונז איז דארטען אזוינס... צום ווידערזעהן!

— ווארט א ווייל׳ע. וואו זשע וועל איך אייך זעהן, אום איבער־געבען וועגען טאראסען?

— כ'ווייס ניט...

— אנשרייבען אייך קען מען?

— מען קען.

— נו, גוט. כ'וועל אנשרייבען.

— אליא האט איהם שווייגענדיג דערלאנגט די האנט און האט זיך געלאזען געהן צום ארויסגאנג.

— אליא, איהר זענט נאך ביז היינטיגען טאג בייז אויף מיר? אליא?

— איך?

זי האט זיך אפגעשטעלט און האט אויסגעקערעוועט צו איהם איהר בלאס פנימעל מיט פארוואונדערטע טיעף אוממעכטיגע אויגען און האט מיט זיי ארומגענומען זיין גאנץ געזיכט.

— ניין?

זי האט שווייגענדיג לאנגזאם א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ אויף ניין, און איהם אריינגעקוקט אין די אויגען מיט א לאנגען מאדנעם בליק. ניט זאגענדיג קיין ווארט, איז זי ארויסגעגאנגען.

מיראן האט זיך אנגעכמארעט, ער איז פארטראכט געשטאנען א ווייל ביים פענסטער און איז ארום נאך איהר.

ער איז אוועקגעגאנגען צו די אנארכיסטען. די אנארכיסטען האבען צווייד'ייטיג געשמייכעלט, צופיהרט מיט די הענט און פאר־זיכערט, אז זיי ווייסען גארניט וועגען טאראסען. מיראן האט אפילו גוט אויסגעזידעלט איינעם פון זיי, אבער ער האט זיך גארניט ניט דערוואוסט. עס איז געווען קלאר, אז זיי באהאלטען ערגעץ אוים טאראסען.

איבריגענס, האט ער זיך גאר אין גיכען אליין באוויזען.

צו די קיסעלסקים איז ער ניט אריינגעגאנגען, נאר מען האט איהם געזעהן אויף דער בירזשע, אויף די גאסען און אפטער, ווי ער־געץ וואו, ארום זאוואד. דער סטרייק האט זיך דערנעהענט צו זיין סוף. ער האט געהאט א פאלשטענדיגען דורכפאל. די ארבייטער זיינען אין די מאסען געגאנגען אין קאנטאר. טאראסען האט מען זעהר אפט געקענט זעהן ביי די טויערען פון זאוואד.

מען האט דערצעהלט, אז ביי איהם איז געווען אן אויסזעהן פון אן משוגענעם; די אויגען פיבערישע, ווי פון אן אנצינדונג, מאדנע

פינקלענדע, אומבאוועגליכע, דער מויל א טרוקענער, אימער אן אפּע־נער און שטענדיג א פריידיגע אויפגעהויבענע האנט און אן אויפגע־רעגטע הייזעריגע שטימע. ניט די אדמיניסטראציע פון זאוואד, ניט די פּאָליציי שטערען איהם צו פּרעדיגען, ווייל די גרעסטע טייל פון זיינע רעדעס איז פול מיט אויסגעשרייען וועגען עפּעס א מין היפּנאָז, אדער די רעדעס זיינען געווענדעט געגען דער אינטעליגענץ, געגען כּאַציאַליזם, געגען דער רעליגיע און דאס גלייכען. ער רופט אלע־מען צו אן „אויפשטאנד פון קערפּער געגען דער נשמה", ער טרייבט ארויס די צוקונפט, — מיט איין ווארט, ער איז נאָהענט צו וואהנ־זין. מען הערט איהם מיט געלעכטער און שרעק. נאר עס געפינען זיך אויך מיטפיהלענדע. אויף א פארזאמלונג פון אגיטאטארס האט ער איינמאל געטראָפען קיטען מיט ריסעצקין. ער איז אזוי מורא'דיג אומגלויבליך ווילד געווארען, אז ווען די ארבייטער זאָלען איהם ניט געווען אפּהאלטען, וואלט זיכער געווען געטראָפען אן אומגליק.

— ארבייטען, נידערטרעכטיגע! ארבייטען!! — האט ער גע־שריען, זיך שטיקענדיג. — פארשטעהער פון ארבייטער קלאס! איך וועל אייך ווייזען! ארויס, ארויס פון דאנענט!! דעם ארבייטער שינדט איהר ארום און קריכט נאך אלס. פארשטעהער! קום אהער, ברעך אויס די הענט אויף מיין ארבייט און דאן זיי א פארשטעהער! לעהרער! איך וועל אייך אנלערנען, ווארט נאר צו אביסעל. היפּנאָ־טיזירער!!

ריסעצקי איז געווען אזוי דערשראקען, אז פון יענער צייט אן האט ער זיך ניט באוויזען אויף קיין איינציגער פארזאמלונג. קיט איז מיט ענטריסטונג ארומגעגאנגען צווישען אלעמען און האט אגיטירט, אז מען זאל גלייך ארויסווארפען טאראסען פון דער ארגאניזאציע.

מיט ווערען האט ער זיך אינגאנצען ניט געזעהן. זי איז עט־ליכע מאל אריינגעגאנגען צו אליאן, נאר זי האט טאראסען קיינמאל ניט געטראָפען אין דער היים, און אליא האט זי אויפגענומען אליין טרוקענער און קעלטער.

אם ענדע האט זי איינמאל געקראגען אזא מין בריוועל:

„ווערא! איך וויל זיך ניט זעהן מיט אייך. איהר הערט, אדער ניט?! וואס ווילט איהר פון מיר האבען? נאך וואס באאומרוהיגט

איהר מיינע אייגענע? ווי א מאן טויג איך אייך ניט, הייסט עס, אז איהר האט זיך מיט מיר ניט וואס צו עסק'ען, און אין אלגעמיין וואלט איהר אפגעשטעלט אייער „טעטיגקייט" צווישען די ארבייטער. אויב ניט, קענט איהר נאך שלעכט אפשניידען. דער סטרייק איז פאר־שפיעלט, און איהר קענט זיך, געווים, אפילו ניט אנשטויסען וויפיעל מענשען עס זיינען אומגליקליך געווארען. פארשטעהער! וואלט איהר זיך בעסער באשעפטיגט מיט אייערע „גייסטיגע" געשעפטליך און אין פינסטערען ווינקעלע, שמועסט וועגען דער הארמאניע און איי־ניגקייט פון נשמות און קריגט אייך די ארענדע פון די פויערים. דאס פאסט זיך מעהרער צו אייך. ווי זיך מישען אין לעבען פון די אר־בייטער. מיך טשעפעט בעסער ניט, א ניט וועט איהר זיך אנפרע־גען, טאראס".

ווערא האט צוליעב עפעס געוויזען דעם בריף דאראן. איבער־לייענענדיג האט דארא מיט פארוואונדערונג א קוק געטאן אויף איהר.

— וואס הייסט דאס?

ווערא האט מאדנע געשמייכעלט מיט בלאסע ליפען.

— אזוי זיך...

— אן אינטערעסאנטער בריף, אמת?

— יא... כ'מיין... נאר, ווארום רעדט ער צו דיר איצט... אזוי...

— ווי אזוי?

דארא האט אויפמערקזאם א קוק געטאן אויף ווערא. איהר גע־זיכט איז געווען געל, אונטער די אויגען גרויסע בלויע רינגען, דער בליק א פיבערישער, צוהיצטער.

— דו זעהסט אוים שלעכט, — האט פארבייגעהענדיג באמערקט דארא.

— שוין־זשע? און מענער געפינען, אז גראד איצט, בין איך באצ־צויבערענד. איינער האט טאקע אזוי געזאגט: „איהר זענט באצויבע־רענד". אפילו ניט „איהר" נאר „דו"—באצויבערענד. חא־חא־חא! פאר־וואס קוקסטו אזוי? עס איז דען ניט ריכטיג? דו דענקסט, אז מיראן האט דאס געזאגט? יא?

דארא האט זיך עטוואס פאררויטעלט.

— וואס האט דא צו טאן מיראן?

— אינגאנצען גאר ניט? אזוי דענקסטו?

— ווערא, ביזט און האלטסט זיך מאדנע די אלע טעג.

— דאס איז דערפאר, וואס מיראן האט געבעטען מיין האנט און איך וויים ניט וואס צו טאן, צו זאל איך חתונה האבען מיט איהם אדער ניט.

דארא האט ניט אראפגענומען פון איהר איהרע אנגעכמארעטע ריינע אויגען.

ווערא האט זיך לייכט צולאכט.

— ווי וואלסטו ראטען?

דארא האט א שמייכעל געטאן.

— איך וואלט דיר געראטען איינגעהמען וואליריאן טראפען.

— יא! היינט אויף דער נאכט וועל איך איינגעהמען! וואס זשע? מיר וועלען אויך נעהמען פון לעבען... וואס עס קומט אונז... דו ביזט, דאכט זיך, ערפארען דארין?

— דו, ווערא, ווילסט א קריעג. צום ווידערזעהן.

און דארא איז רוהיג אוועקגעגאנגען צו זיך.

אין אווענט האט ווערא'ס אויפרעגונג דערגרייכט ביז דער העכס־טער שטופע. זי האט זיך עטליכע מאל אנגעטאן און אויסגעטאן. אם ענדע איז זי אוועקגעגאנגען.

געקומען איז זי אין א דריי שטונדען ארום; זי האט זיך אפגע־זאגט פון אווענד ברויט און האט זיך פארשלאסען ביי זיך אין צי־מער, ניט זאגענדיג קיינעם א ווארט.

אויסגעזעהן האט זי פארלארען, צובראכען און רחמנות'דיג.

ווען קאטערינא אנדרעיעווגא האט זי דערזעהן, איז זי פארגלי־ווערטע געווארען: אזא מין אויסזעהן פלעגט ביי איהר זיין נאך גרוי־זאמע היסטערישע צופעלע. נאר זאגען עפעס האט זי ניט געוואגט. אין דער לעצטער צייט האט זיך עפעס אליין אזוי איינגעפיהרט, אז קיינער האט קיינעם וועגען קיין זאך ניט געפרעגט. גערעדט האט מען בלויז פון די פוסטע און אומגויטיגסטע זאכען. יעדער איינער האט געלעבט פאר זיך.

סעמיאן וואסילעוויטש פלעגט כמעט יעדען אווענד אוועקפאה־רען; און אלע האבען געוואוסט, אז ער פאהרט צו זיין אן אלטער

„געליעבטער“, מיט וועלכער ער שבור'ט אפט און שווער.

סערגעי איז כמעט ניט ארויס פון זיין צימער, און מיט דראזן פלעגט ער זיך זעהן נאר ביים עסען, נאר ער האט וועגען קיין זאך ניט גערעדט מיט איהר, אט אזוי ווי ער וואלט זי ניט באמערקען. קאליא פלעגט פארפאלען ווערען אויף גאנצע טעג, און קומען בלויז שלא־פען. נאר אפילו איהם האט קיינער גאר ניט געזאגט.

אויפ'ן צווייטען טאג איז ווערא ניט ארויס ניט צו טעה, ניט צו מיטאג. צו זיך האט זי קיינעם ניט אריינגעלאזען.

אין אווענד איז געקומען צולויפען קאסטיא און האט זיך גענו־מען שטארק קלאפען, בעטען זי זאל איהם אריינלאזען. זי האט איהם לאנג ניט אריינגעלאזען. אבער קאסטיא איז ניט אפגעשטאנען, ער איז אפילו איינגאנצען רויט געווארען פון איילעניש און פארדרוס. זיי־נע געל־ווייסע קרויזען מיט די זעלבע ברעמען האבען זיך נאך שארפער אפגעשלאגען פון דער רויטקייט פון די באקען.

— איהר הערט, זעהר וויכטיג! לאזט מיך אריין! — און ער האט אפילו א קלאפ געטאן מיט'ן פויסט אין טיר.

ווערא האט איהם אריינגעלאזען. זי איז געווען אנגעטאן אין א טונקעלען כאלאט. די קאפ פארבונדען מיט א נאסען טיכעל; דאס גאנצע געזיכט שרעקליך אויסגעמאטערט, פארשפיצט, מיט שווארצע איינגעפאלענע באקען.

— וואס איז מיט אייך? — האט זיך קאסטיא דערשראקען.

— גאר ניט... כ'בין אביסעל ניט געזונט... וואס הערט זיך?

קאסטיא האט איילענדיג גענומען דערצעהלען. דער זאוואד איז שוין איינגאנצען אפען, מען האט שוין אנגעהויבען ארבייטען, פאר־שטעהט זיך, קיינע געווינסען, פארקערט: מען האט א סך ארביי־טער ניט ארויפגענומען צוריק צו דער ארבייט, מען האט פארקלע־נערט דעם לוין. מען פיהרט אן א שטרענגע ארדנונג. די ארבייטער זיינען בייז. איהם, קאסטיאן האט מען שיער ניט אויסגעפאטשט. טאראס פרעדיגט טעגליך ארום זאוואד. נאך מעהר ווי פריהער. מען הערט איהם גערען. דער טאן פון זיינע רעדעס איז א טאן פון א

פאלשטענדיגען פאנאטיקער, פול מיט הויכע פראזען. און דאס ווירקט מורא'דיג אויף די מאסען. ער, קאסטיא האט זיך געווענדעט צו קיטען, נאר אט דער גענעראל, רעדט וואס ניט געשטייגען ניט געפלויגענע וועגען דעמאראליזאציע און זידעלט זיך ווי א פוהרמאן. יאנא איז ניטא. ריסעצקי האט מורא. נאטאליא רעדט וועגען קרייזלאך פון אלטען טיפ. אלץ אהן א זין, אהן א טאלק, אין ערגעץ קיין שום איניציאטיווע. ער האט זיך נאר וואס ווידער א ווארף געטאן צו קיטען, האט ער איהם געפונען אין שענקעל אין דער קאמפאניע פון פיאטר'ען און ריסעצקי...

— מיט פיאטרן! — האט לעבעדיג אוו דערשראקען אונטערבראכען ווערא.

— יא, מיט פיאטרן.

— ווען האט איהר איהם געזעהן?

— איך זאג דאך, — אז נאר וואס. און שטעלט זיך פאר: טאראס איז מיט זיי. נאך אלעמען... זיי מיט איהם. טאראס איז עפעס אזא מין ווילדער... ער טרינקט און שרייט... און אלע טהוען דאס זעלבע... מען קייקעלט זיך פון געלעכטער, מען רעוועט... ס'ארא העסליכקייט!... איך האב געפרואווט רעדען מיט יאנען... עט, ווי קען מען. אלע זיינען אין אזא מין מאדנער אויפרעגונג... וואס איז מיט אייך, ווערא? וואס איז?

ווערא האט זיך א וואקעל געטאן און מיט אומזיכערע טריט צוגעגאנגען צום בעט.

— גאר ניט, גאר ניט... דער קאפ דרעהט זיך אביסעל...

זי האט זיך מאכטלאז אוועקגעלייגט. פלוצלינג האט זי זיך פלינק אויפגעהויבען און אנידערגעזעצט.

— איהר האט זיי נאר וואס געזעהן?

— יא, — האט קאסטיא א קוק געטאן אויף איהר מיט פארוואונדערונג.

— איהר ווייסט וואו אט דאס שענקעל איז?

— יא, געוויס...

— קענט איהר מיך באגלייטען אהין?

— איך קען.

ווערא האט אראפגעריסען פון קאפ דאס נאסע טיכעל, האט זיך א האסטיגען דרעה געטאן איבער'ן צימער, האט אנגעטאן אויפ'ן כאלאט א מאנטעל, אויפ'ן קאפ ארויפגעווארפען א שאלכעל און פארשטיקט געזאגט:

— קומט!

קאסטיא, ערשטוינט און דערשראקען, האט קוים באוויזען איהר נאכצולויפען. אין א צעהן מינוט ארום זיינען זיי שוין צוגעפאהרען צו דעם שענקעל. ווערא האט דעם גאנצען וועג ניט אויסגערעדט קיין ווארט.

— דאס איז דא? — האט זי אנגעוויזען אויף די געלע פענס־טער, ווען קאסטיא האט אפגעשטעלט דאס פוהרל.

— יא. איהר וועט אריינגעהן? — האט ער אומענטשלאסען געפרעגט.

— ניין, איהר רופט מיר ארויס פיאטרן... ניין! רופט ארויס טאראסען. זאגט ניט ווער. זאגט, אז א מיידעל ווארט. איך וועל זיין דארטען. גיכער!

קאסטיא איז געהארכזאם אריין אין שענקעל. ווערא איז אפגע־גאנגען אין א זייט און האט גענומען נערוועז און געשווינד אומגעהן איבער'ן טראטואר, פלאנטערענדיג זיך אין די פאלעס פון כאלאט.

אין א פאר מינוט ארום איז טאראס ארויס פון שענקעל. ער האט זיך אומגעקוקט און איז אוועק צו וועראן. זי האט זיך איילענ־דיג געלאזען איהם אנטקעגען.

— איך וויל מיט אייך רעדען! — האט זי טויב נאר מיט קראפט איהם אריינגעווארפען גלייך אין פנים אריין.

טאראס האט זיך א טרייסעל געטאן. ער האט, זעהט אויס, גאר ניט זי ערווארטעט.

— געהט נאך מיר! איהר הערט?

— וואוהין?

— נאך מיר, זאג איך אייך!

טאראס איז א ווילע געשטאנען אומבאוועגליך, דערנאך האט ער זיך א ריס געטאן פון ארט און שיער ניט א געשריי געטאן:

— גוט, קום! פארוואס דען ניט! כא!

ווערא האט זיך אפגעשטעלט, זיך אויסגעקערעוועט, נאר גלייך האט זי גענומען געהן נאך האסטיגער. טאראס נאך איהר.

— וואס האט איהר דא געטאן... אין שענקעל? — האט זי פלוצלינג דראהענד זיך אפגעשטעלט.

— וואס? געטרונקען פאר אייער פארשטארבענער ריינקייט ע"ה! — האט ער גראב אויסגעשאסען איהר גלייך אין פנים.

ווערא האט צוליעב עפעס צוגעטראגען די האנט צום גארגעל און שווייגענדיג מיט ברייט־צועפענטע פארגליווערטע אויגען א קוק געטאן אויף איהם.

— וואס? איהר האט ניט ערווארטעט? כע! און געשמועסט האט איהר וועגען דער נשמה... זעהר א גוטע נשמה ביי פיאטרן... אן אייגענע...

ווערא איז אלץ אזוי געשטאנען א פארגליווערטע און אן אפגע־שטארבענע.

— אויף דעם גרונד האט ער זיך געוועט, אז ער וועט אייך מאכען פאר זיין „געליעבטער"... און ער האט געוואונען. אמת?... נאר מיט אן אויסברוך פון היסטעריע און צארן. אלע מאל אין אזוינע פעלע רעגט איהר זיך שטארק אויף. דערפאר זינגט איהר אזוי גוט וועגען גייסטיגער ליעבע, ווייל די פיזישע געהט ניט גלאט... כע־כע־כע! נאר דאס איז פיקאנט, זאגט פיאטר... ניין? און? נעכטען אויפדער־נאכט ביי פעטינקען...

— א־א! — האט פלוצלינג ארויסגעקרעכצט ווערא, און זיך אויסקערעוועענדיג, איז זי אנטלאפען פון איהם ארונטער איבער דער גאס.

טאראס האט זיך צולאכט, בייז, מיט וועהטאג און ווילדען צארן, און אויסקערעוועענדיג זיך, האט ער אויך שיער ניט גענומען לויפען אין דער אנדערער זייט.

אין שענקעל איז ער מעהר ניט אריין. מיט א קרומען שמייכעל אויפ'ן פנים, מאכענדיג מיט די הענט, פלעגט ער זיך אפ־שטעלען פון צייט צו צייט, און ווילד געקייקעלט זיך פון געלעכטער. ער האט געמאכט אן איינדרוק פון א משוגענעם. פארבייגעהער הא־

בען איהם דערשראקען אויסגעמיטען, און אפשטעלענדיג זיך איהם נאכגעקוקט.

אין עפעס א טויבען אונטערגעסעל האט ער זיך פלוצלינג אפגע־שטעלט. עס איז געקומען דער געוועהנליכער צושטאנד פון מאכט־לאזיגקייט, מיעדקייט און טעמפקייט. אין דער לעצטער צייט פלע־גען אט די אנפאלען דויערען א מינוטען צעהן. דער געדאנק איז פארשטארבען, די הענט האבען זיך אראפגעלאזען, די פיס אונטער־געבראכען, אט ווי זיי וואלטען געווען געמאכט פון וואטע. אין אזוינע פעלע פלעגט ער זיך אנשפארען אין א וואנט און ווארטען ביז וואַ־נעט עס וועט דורכגעהן. אדער ער פלעגט זיך צוזעצען אויב עס איז געווען אויף וואס.

ער האט זיך אומגעקוקט און דערזעהן ניט ווייט ארום א טויער א באנק. מיט א פאר טריט ווייטער האט געברענט א לאמטערן.

ער האט זיך געזעצט. ארום באנק כמעט ביי זיינע פיס האט ער באמערקט עפעס א קופע שמאטעס. די שמאטעס האבען עפעס גע־מורמעלט מיט א שכר'ן באס און זיך מיט פאוודרוס גערודערט, גע־דרעהט, ווי עס ווייזט אויס, באמיהענדיג זיך צוצופאסען צו דער לאגע.

טאראס האט טעמפ אויף זיי א קוק געטאן און איז פארגליווערט געווארען. די שמאטעס האבען זיך גערודערט, גערודערט און זענען שטיל געבליבען.

איבער'ן פארקאן אין די נאקעטע צווייגען פון א בוימעל, האט דער ווינט, ווי א קאמאר, וואס פאלט אריין אין א שפינוועב דין געפישט־שעט. פוסט, נאס און טריב איז געווען ארום און ארום.

פלוצלינג פון ערגעץ וואו, פון א זייט האט סאליד און געדיכט גענומען קלינגען א גלאק; א שווערע כוואליע קלאנגען האט ניט גע־איילט און איבערגיסענדיג זיך, ווי א לאנגער פאס סאמעט, זיך געלאזען שווימען איבער'ן קאפ. נאך איהר א צווייטע, א דריטע.

די שמאטעס האבען זיך פלוצלינג א ריהר געטאן און גענומען עפעס מורמלען, און טאראס האט געקענט זעהן ווי פון הינטער די שמאטעס האט זיך באפרייט א פארוואקסענער פנים אין א היטעל, וואס האט דערמאנט די היטלען פון די אלטע באיארען, דערנאך האט זיך אויפגעהויבען א האנט און די שמאטעס האבען זיך גענומען צעלם'ן.

זיך אפגעצלם׳ט. האט זיך די קאפ צוריק באהאלטען אין די שמאטעס, זיך געררודערט א ווײלע און ווידער שטיל געבליבען.

טאראס האט צוערשט גלײכגילטיג געקוקט דערויף, דערנאך ווי עס וואלט איהם פלוצלינג עפעס א שטוים געטאן, האט ער אויסגע־ווישט מיט׳ן האנט דעם שטערען און טעמפ מיט איין אנשטרייננוננ א רוף געטאן.

— לאנדסמאן!

קיין ענטפער.

— הער נאר, לאנדסמאן!

— די שמאטקעס האבען זיך א ריהר געטאן און פון אונטער זיי האט זיך טויב דערהערט:

— נו וואס איז?

טאראס האט ווידער אויסגעווישט דעם שטערן, אט ווי ער וואלט זיך באמיהען צורייבען דעם נעבעל אונטער איהם און כאפען זיין פאר־לאנג.

— דו... דאס... פארוואס האסטו זיך גע׳צלם׳ט?

די שמאטעס האבען זיך שטארקער גענומען ריהרען.

— ווי האסטו געזאגט? — האט זיך שוין א סך קלארער, זעהט אוים, שוין פון דער זייט שמאטעס, דערהערט זיין הייזעריגער באס.

— איך פרעג, פארוואס האסטו זיך גע׳צלם׳ט?

— ווער?

— דו.

— די שמאטעס האבען זיך ניט געריהרט, קענטיג דערמאנענדיג זיך.

טאראס האט איהם שוין לעבעדיגער נאכגעפאלגט. זעהענדיג אז די שמאטעס דערמאנען זיך האט ער א לאך געטאן.

— נו, האט זיך אם ענדע דערהערט. — טא וואס ווילסטו?

— נאר וואס, זאג איך, האסטו זיך גע׳צלם׳ט? איבער וואס פאר אן אורזאכע?

— וואס געהט דאס דיר אן? — האט זיך שוין, קענטיג, אנ־געהויבען אויפרעגען דער באס. — כ׳האב זיך „גע׳צלם׳ט“. נו, גע׳־צלם׳ט...

— קלינגען האסטו געהערט?

— געהערט...

— נו, איז וואס פאר א שווארץ יאהר קריכטסו... פארויכערן האסטו?

— ניין...

— נו, ביזטו א נאר... פארוואס איך האב זיך גע׳צלם׳ט פרעג־סטו...

און די קאפ האט מיט אומצופרידענהייט ווידער גענומען זינקען אין די שמאטעס.

— ממ! און אויב מען קלינגט, דארף מען זיך הייסט עס, צלם׳ען?

די קאפ האט זיך ווידער ארויסגעשטעקט פון די שמאטעס און הא זיך אפילו מיט פארוואונדערונג אפגעשטעלט אויף טאראס׳ן. זיינע אויגען זענען געווען פארגאסענע געלע, די בארד א פארפלאנטערטע א צוזאמענגעדרעהטע מיט גרויע פאסען. דער אויסדרוק פון געזיכט א שטרענגער.

— נו, און וואס האסטו געדענקט? טאנצען דארף מען? — האט אם ענדע איבערצייגענד, מיט א געוויסער מאס נייגעריגקייט ארויס־געבאסעוועט די קאפ.

— טאראס האט א לאך געטאן.

— און צו וואס צלם׳ען? נו, קלינגט מען... טא וואס־זשע איז דערפון געדרונגען? דו, האסט דאך אפילו אליין ניט באמערקט, ווי די האסט זיך איבערגעצלם׳ט. צו וואס־זשע איז דאס?

די שמאטקעס האבען זיך אפילו אויסגעגלייכט און אנידערגעזעצט. זעהט אויס, אז עס האט זיך זיי געוואלט נעהענטער א קוק טאן מיט וואס פאר א שוטה עס קומט זיי אויס צו שמועסען.

באטראכטענדיג טאראס׳ן האט די קאפ אין דער באיארישער היטעל, ענטשלאסען, שטרענג, און קורץ ארויסגערעדט:

— קומט דאס קלינגען פון קלויסטער?

— נו...

— דו, נוקע ניט. פון קלויסטער, פרעג איך דיר.

— פון קלויסטער.

— דער קלויסטער, איז גאטס הויז?

— נו...

— נוקע ניט, זאג איך, נאר ענטפער.

— גאטס הויז.

— נו, איצט האסטו שוין פארשטאנען.

— ניין, ניט פארשטאנען.

— די קאפ האט זיך אפילו אויסגעזידעלט פון פארדרוס און פאר־וואונדערונג.

— צו ביזטו א נאר, אדער דו מאכסט זיך? ! — פאר וועמען צלם׳סטו זיך: פאר גאט, אדער ניט?

טאראס האט מיט נאך א גרעסערער און שארפערער נייגעריגקייט באטראכט די קאפ. ער האט א שמייכעל געטאן און געזאגט:

— הייסט עס, אז דו דענקסט, אז גאט וועט דיך באמערקען?

— נו, ווי־זשע דען! — האט אהן איין איינציגער נאטע פון צווייפעל און אפילו מיט א געוויסער דראהונג ארויסגעסאפעט דער באס.

— און אויב ער וועט ניט באמערקען? דאן וואס?

— נו ברודער, ווייסט וואס: איז פלוצלינג אין כעס געווארען די קאפ, — געה דיר דיין וועג. אניט וועל איך דיר ווייזען אזוינע ווי־צען... נידערטרעכטיגער, האט טאקע געפונען מיט וואס צו שפאסען!

און ניט וועלענדיג מעהר רעדען, האבען זיך די שמאטקעס ווידער פארוויקעלט און אנטשוויגען געווארען.

אונטערשמייכלענדיג האט טאראס ניט אויפגעהערט קוקען אין זיין זייט.

— הערסט, לאנדסמאן? צו וואס ליגסטו אויף דער ערד?

— עס איז ניט דיין הונטישער עסק?

— ליג זיך דא, אויפ׳ן באנק. עס איז נאס דארטען.

— וועסט דעם טאטען דיינעם לערנען... „אויפ׳ן באנק"...

— ריכטיג. איך וועל אויפשטעהן, און דו ליג זיך.

די שמאטעס האבען ניט געענטפערט. דערנאך האט זיך פון זיי ארויסגעשטעקט דער קאפ און באאיינפלוסענד ארויסגערעדט:

— געדענק: לייגסטו זיך אויף דער ערד וועסטו אין ערגעץ ניט

אראפפאלען. לייגסטו זיך אויף א באנק קענסטו נאך אראפפאלען אויף דער ערד. ניטא קיין זאך נידעריגער פון דער ערד. פארשטאנען?

און שוין אויף אן אמת, ניט ווארטענדיג אפילו אויף קיין ענטפער, האט די קאפ זיך באהאלטען. די שמאטעס האבען זיך פארוויקעלט און פארוואנדעלט אין א שווארצער מאסע, וואס האט זיך צוזאמענגעגאסען מיט דער ערד.

טאראס איז לאנג געזעסען באוועגלאז און אלץ אזוי געשמייכעלט. דאס קלינגען האט שוין לאנג אויפגעהערט. בלויז דער ווינט האט ווי פריהער קלאגענדיג געפיסטשעט און זיך געשלאגען אין די נאקעטע צווייגען.

פלוצלינג איז טאראס אויפגעשטאנען. ער האט זיך איינגעבויגען צו די שמאטעס און זיי א שטופ געטאן.

— לאנדסמאן!

— נו? — האבען זיי זיך געשווינד און בייז פארנאנדערגעוויקעלט, ארויסשטעלענדיג דעם קאפ. — וואס נאך פאר א טייפעל?

— דארף מען זיך צלמ'ען, הייסט עס? א? דו האסט שוין ניט וואוהין צו פאלען. נידעריגער פון דער ערד איז גאר ניטא... כא־כא־כא!

און הארט זיך אפקערעווענדיג, האט טאראס געשווינד גענומען שפאנען אראפ צו איבער'ן הינטער־געסעל.

די קאפ האט איהם נאך לאנג נאכגעקוקט מיט א פרעגענדען ניט פארשטענדליכען בליק אין די אויגען. דערנאך האט די קאפ צי פון קנאה, צי פון אנאנדער דערווידער געפיהל זיך צושאקעלט, און ארויסגעזאגט מיט א באס:

— ג־ע־ז־ו־נ־ט... דאן האט זי זיך אויף דאס ניי פארוויקעלט אין די שמאטעס און איז ווידער צוגעפאלען מיט זיי צו דער ערד.



# XIV.

נאטאליא איז געלעגען אויפ'ן קושעטקע, און מיראן איז אומגע־גאנגען איבער'ן צימער און געצויגען די וואנצען אויף ארויף. זיין אויסזעהן איז געווען אזא מאדנע צודרעהטער, עפעס אזא ניט גלא־טער. נאטאליא האט איהם ניט איין מאל געזאגט לאכענדיג, אז ער איז איצט ענליך צו א וואלף אום ווינטער, א בייזען, הונגעריגען און איינזאמען וואלף, וועמען עס גליקט אין ערגעץ ניט, וועמען מען טרייבט פון אומעטום, און פאר וועלכען אלע האבען מורא.

ווירקליך קיין ארבייט האט זיך אין ערגעץ ניט געפונען. אויפ'ן אלטען פלאץ האט מען צוריק ניט צוגענומען, אין דער היים האט זיך ניט געוואלט זיצען. און מיראן איז אלץ אפטער ארייגעקומען צו נאטאליא'ן. אויסהערענדיג אט דעם פארגלייך, פלעגט ער אפט אונטערשמייכלען, אזוי ווי ער וואלט שארפען די ציין, און עפעס ניט גוטעס פלעגט דורכשוועבען אין אט דעם שמייכעל, אין באצוג צו נא־טאליא'ן אליין.

— זעצט זיך, מיראן, איהר האט מיר דערעסען... האט פלוצלינג קאפריזנע ארויסגערעדט נאטאליא, זיך אויסציהענדיג און אויסבויגענ־דיג די הויכע ברוסט אויף ארויף.

— פאר מיר איז גוט... — האט ער א ציה געטאן די וואנץ אויף ארויף, פארטזעצענדיג אומגעהן.

— דערצו זענט איהר היינט עפעס אזא מיז... זעהר פארדעכטי־גער... עס געפעלט מיר ניט אייער שמייכעלע...

— מיר איז זעהר פרעהליך...

— זיכער... זעה נאר, ווי די האר האבען זיך אויפגעשטעלט. ווען עס זאל זיין פינסטער, וואלטען אייערע אויגען פארזיכער גע־לויכטען מיט פאספאר...

— פארלעשט דעם לאמפ, און איהר וועט זעהן...

— יא, מיט אייך און אין דער פינסטער... דאנקע שעהן...

— איך וועל ניט אפבייסען...

— נו, עס קען נאך ערגער זיין...

— זיי האבען א קוק געטאן איינע אויף די אנדערע. נאטא־ליא'ס גרויע אויף האלב פארמאכטע אויגען האבען אונטערגעפינקעלט מיט מאדנע פייערלאך. איהר בלאסער פנים מיט די טונקעלע האר, וואס זענען געלעגען אויפ'ן שטערן, ווי צוויי פליגלען, האט היינט אויס־געזעהן נאך בלאסער. די העלע ליפען זענען געוועזן עטוואס צועפענט פון דעם הייסען אטעם. עטוואס אויסערגעוועהנליכעס איז געוועזן אין איהר אין דעם אווענט.

— דערלאנגט מיר דעם שפיגעל! — האט זי פלוצלינג בא־פוילען.

מיראן האט פויל דערלאנגט דעם שפיגעל און האט ווידער גענו־מען אומגעהן.

נאטאליא האט זיך אויסגעשפיגעלט. נידעריגער פון די אויגען האבען געברענט צוויי ניט קיין גרויסע פלעקען, אט אזוי ווי אימיצער וואלט א קניפ געטאן דארטען.

— שלעכט... נעהמט, שטעלט אוועק צוריק... און אליין טוט זיך אן און געהט אוועק... גענוג אויף היינט.

מיראן האט שווייגענדיג א קוק געטאן אויף איהר.

— יא, יא... אייער אנוועזענהייט איז שעדליך פאר מיר... צום ווידערזעהן...

מיראן האט א שמייכעל געטאן.

— זעהט, איך פאהר דאך אין גיכען אוועק. אפשר איז דאס דער לעצטער אווענט.

— אלץ איינס... און, איהר פאהרט טאקע, ווירקליך אוועק, צי דאס פלאפעלט איהר בלויז.

— אפשר אויף אן אמת... עס ווענדט זיך אין די אומשטענדען.

— וואס זענען דאס פאר א אומשטענדען?

— אלערליי.

— עס איז קיין ארבייט ניטא?

מיראַן האָט זיך פאַרקרימט.

— יאָ, דאָס אויך.

— און נאָך וואָס?

— פּיעלעס...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און מאָדנע גענומען קוקן אויף איהר אַריינלייגענדיג די הענט אין די קעשענעס. אין זיינע אויגען און אויף די ליפּען האָט געשוועבט אַ שמייכעל.

נאַטאַליא האָט אַ פיהר געטאָן מיט די אויגען איבער איהר גאַנ־צען פולען געשטאַלט, און האָט צוגעדעקט די פּיס, וואָס האָבען זיך צו־פיעל אַרויסגעשטעלט, דערביי איז זי עטוואָס רויט געוואָרען.

— וואָס קיקט איהר אַזוי?

— איך שפּיגעל זיך... איהר זענט זעהר אַנשטעקענד...

— נו, גוט... איהר זאָגט בעסער, וואָס איז דאָס אַזוינס „פּיע־לעס"?

— פּיעלעס...

— גענה איך אויך אַריין אין אַט דעם „פּיעלעס"?

— עס קען זיין.

מיראַן האָט זיך פּלוצלינג רוהיג אַוועקגעזעצט אַרום נאַטאַליאַן, ער האָט גענומען איהר האַנט און האָט שטאַרק געדריקט.

— מיראַן, וואָס טוט איהר? איהר זענט פון זינען אַראָפּ?

— ליגט און ערגערט זיך ניט. איך וועל אייך ניט אויפעסען. מיר איז אַזוי בעסער, און אייך אויך.

נאַטאַליא האָט זיך אויפגעהויבען און געוואָלט אויפשטעהן. נאָר מיראַן האָט זי שטאַרק אַרומגענומען און מיט אַ קוש האָט ער זי אַוועק־געלייגט צוריק. עס האָט זיך פאַרבונדען אַ שווייגענדיגער קאַמף.

פּלוצלינג איז נאַטאַליא שטיל געבליבען. זי האָט אָפּגעקערעוועט דעם קאָפּ אין אַ זייט און, שווער אָטעמענדיג, שטיל געזאָגט:

— מיראַן... לאָזט צורוה...

מיראַן האָט זיך אויסגעבויגען און, ניט אַרויסלאָזענדיג איהרע הענט האָט ער אויך שטיל געענטפערט:

— אָך בין שטאַרקער...

— פּיזיש, יאָ...

— און אפשר אויך אנדערש...

נאטאליא האט געקוקט אויף איהם מיט די האלב־פארמאכטע אויגען. די רויטע פלעקען אונטער די אויגען זענען געווארען העלער און גרעסער.

— וואס ווילט איהר? — האט זי געזאגט שטילינקערהייט.

— גאר ניט. איך וויל איהר זאלט זיין עהרליך צו זיך. איהר פארגוואלדעוועט זיך.

— דאס איז לאנגווייליג, מיראן, זאג עפעס נייעס...

— איהר פארגוואלדעוועט זיך.

— לאזט אפ די הענט!

— ניין.

— כ'וועל שרייען.

— איהר וועט ניט.

— נאטאליא האט א ציה געטאן די הענט. מיראן האט זיי שטארקער צוזאמענגעדריקט.

— עס טוט וועה, נארישער!

— עס מאכט ניט אויס. אין גיכען פאהר איך אוועק, וויל איך ביים זעגענען זיך אייך וועה טאן. איהר הערט?

— איהר גלויבט אין זיך זעהר.

— ניין, ניט זעהר...

— ווען פאהרט איהר?

— איינגיכען.

— לאזט אפ די הענט.

— ניין.

— נאטאליא האט נאך מעהר פארמאכט די אויגען, די העלע ליפען אויף דעם בלאסען פנים האבען זיך אויף האלב צועפענט און געצויגען צו זיך. די ברוסט האט זיך הויך געהויבען. מיראן שווער אטעמענדיג האט זי באטראכט מיט א מאדנעם שמייכעל, פול מיט בייזער נקמה.

— עס איז טרויעריג: וואס איהר פאהרט אוועק... ערענסט! — האט זי פלוצלינג שטיל געזאגט, אויפעפענענדיג די אויגען.

— ווירקליך? גיט א בעט וועל איך ניט פאהרען...

— איך קען ניט בעטען. גאר איך באפויל.

— אלץ איינס. אייער באפעל, וועט זיין גלייך צו א בקשה.

— זעהט נאר ס'ארא בחור! ניין, ערענסט, פארוואס פאהרט איהר אוועק?

— מען דארף.

—איהר לייגט... ווארום? א? זי האט פארשיים אונטערגעווינקט און דערנעהענטערט צו איהם דעם קאפ.

ביי מיראנען האבען די אויגען א פינקעל געטאן, נאר ער האט זיך קיין ריהר ניט געטאן.

— זאגט, פארוואס?

— כ'וועל ניט זאגען.

— כ'וועל קיינעם ניט דערצעהלען... און פיליכט וועט מען איג־גאנצען ניט דארפען פאהרען... א?

און זי האט אזוי פארביסען, פארביסען ארייננעקוקט איהם אין פנים.

מיראן האט שטארקער צוזאמענגעדריקט די הענט און האט שוויי־גענדיג געשמייכעלט.

— איהר וועט ניט זאגען? און טרעפען מעג מען?

— מען מעג...

— נאטאליא האט א טראכט געטאן און, אויסציהענדיג אביסעל די ליפען, רחמנות'דיג ארויסגעמורמעלט:

— איך קען ניט טרעפען... זאגט אליין...

מיראן האט איינע נאך איינער צוגעטראגען איהרע הענט צו די ליפען און זיי געקושט, און אפלאזענדיג די הענט האט ער געקוקט אויף איהר מיט א לאנגען פיעל רעדענדיגען בליק.

— איז דאס אן ענטפער. — האט זי א שמייכעל געטאן, אראפ־לאזענדיג די אויגען.

— עס קען זיין.

— פע! איהר זענט צו פארזיכטיג... רעדט שוין!

— רעדען?

— יא.

מיראַן האָט זי אַ שטאַרקען ציה געטאָן צו זיך און געוואָלט אַ קוש טאָן. נאָר זי האָט געשיקט און פלניק אויסגעקערעוועט דעם קאָפּ, אַרויסגעשטעלט דעם צונג און זיך אָפּגעוואָרפען אויף צוריק.

— געקראַנגען?

מיראַן האָט שווייגענדיג אַ שמייכעל געטאָן.

— ענטפערט, ווען מען פרעגט ביי אייך!

— איך האָב שוין פאַרגעסען וועגען וואָס מען פרעגט.

— פאַרוואָס איהר פאָהרט אוועק?

— מען דאַרף.

— איך וויל ניט, אַז איהר זאָלט פאָהרען. דאָס איז אומעטיג. איהר הערט?

— באַפוילט איהר ניט צו פאָהרען?

— יאָ, וואָגט ניט אוועקצופאָהרען!

נאַטאַליאַ האָט האַלב ערענסט אַ קוק געטאָן אויף איהם.

— ניין איך וועל אוועקפאָהרען. מען דאַרף.

— „מען דאַרף" שוין גאָר ניט... איהר הערט, מען דאַרף ניט. מען קען גאַנץ גוט אַזוי אויך לעבען. איהר זענט אַ ליעבער, אָהן אייך וועל איך זיך לאַנגווייליגען.

בלייבט. איך וועל שפּילען פאַר אייך, מיר וועלען לייענען צו־זאַמען... אמת?

זי האָט, ווי אַ קעצעל, ווידער צוגערוקט צו איהם דאָס קעפּעל און האָט רייצענד, ליידענשאַפטליך, מיט אַ לייכטען שפּאָט געשמיי־כעלט צו איהם אויף אַרויף.

מיראַן האָט שווייגענדיג אונטערגעשמייכעלט, און פלינק געמאָס־טען מיט די אויגען איהר גאַנצען ליידענשאַפטליך אויסגעבויגענעם געשטאַלט.

זי האָט נאָכגעפאָלגט זיינע בליקען.

— גוט, מיר וועלען שפּילען, טרוימען... און מעהר גאָרניט... און עס וועט אַזוי גוט, אַזוי וואויל זיין. אמת?

— ניין.

— נאַטאַליאַ האָט זיך בלומרשט פאַרחידושט.

— ניין? נאר פארוואס דען?

און די אויגען האבען זיך ווידער ליידענשאפטליך אנגעצונדען.

— ווייל מיר האט אויפגעהערט צו געפעלען מוזיק...

— א, ס'ארא שאד! נו, וועלען מיר לייענען. דאס אויך ניט?

— נו, וועט איהר מיר פריידיגען „ערליכקייט צו זיך" און איך וועל הערען... און וועל קיין איינציגען מאל ניט איינשלאפען! אויף מיין ווארט! ווילט איהר?

— ניין.

— נו, זענט איהר א נאר... אוי, דריקט ניט די הענט, עס טוט וועה... איהר וועט זעהן... א... אט... נו, וואס? אהא!... נו, גענוג. אבער, נאך וואס אוועקפאהרען, נארישער? א? נאך וואס?... ער האט פאר מיר מורא? יא?... און אויב איך וועל איהם א בעט טאן, וועט ער בלייבען?

— וועט איהר גוט בעטען?

— גוט.

— אפשר וועל איך בלייבען.

— אבער איך קען ניט בעטען...

— איך וועל אייך אויסלערנען...

מיראן האט זי שטיל און פארזיכטיג ארומגענומען מיט דער לינקער האנט. נאטאליא האט זיך איינגאנצען א צאפעל געטאן, נאר זי האט גאר ניט געזאגט. איהרע אויגען האבען געקוקט ארויף, אזוי ווי זיי וואלטען געווען פארטאן אין א פיינליכען געבעט. אין זיי איז ווירקליך געווען עפעס א מין בעטענדיגער דערשרעק, ערווארטונג און ערגערניש.

מיראן האט זיך אנגעבויגען צו איהר געזיכט און האט ארויסגעמורמעלט:

— זאגט מיר נאך...

נאטאליא האט א שוואכען שמייכעל געטאן.

— גוט.

— „מיין ליעבער"... נו!

— נאטאליא האט זיך אביסעל געקווייקעלט.

— זאגט־זשע נאך: „מיין ליעבער"...

— „פאהר ניט אוועק“...

— ....„פאהר ניט אוועק“...

— „איך וויל פון דיר גארניט“... נו!

— איך וויל פון דיר גארניט“...

— נאר איך וועל זיין געהארכזאם“...

— נאטאליא האט זיך שוואך אפגעטרייסעלט.

— לאזט.

— זאגט־זשע נאך!

— לאז, מיין קאפ דרעהט זיך מיר... לאז... געה אוועק... אוועק געה!...

נאטאליא האט אויפגעעפענט די אויגען, זי האט אויפגעהויבען דעם קאפ און איילענדיג פאריכט דאס קלייד און אויפ'ן וועג צארט ארומגענומען מיראן'ס קאפ, וואס איז געזעסען דערביי.

מיראן האט זיך לאנגזאם אויסגעקערעוועט צו איהר. ער האט זי איינגאנצען באטראכט מיט א מאדנעם שמייכעל, ער האט פארזיכטיג באפרייט דעם קאפ און איז אויפגעשטאנען.

— נו איצט ועסטו שוין ניט אוועקפאהרען, העסליכער! ניין?

— ניין, כ'וועל אוועקפאהרען, — האט ער שמייכלענדיג, זיך א פוילען ציה געטאן, און האט גענומען זוכען מיט די אויגען די הוט.

— וואוהין געהסטו?

— אהיים...

— פארוואס? נאך וואס?!

— וואס־זשע דארף איך דען נאך?... איהר האט געזאגט, אז אהן דער ליעבע פון די נשמות קענט איהר זיך ניט אפגעבען... איך האב דערהוויזען דאס פארקערטע און געה אוועק...

נאטאליא האט זיך לאנגזאם אויפגעזעצט און האט געקוקט אויף איהם מיט ברייט צופעפענטע אויגען.

מיראן האט א שמייכעל געטאן.

— און וואלט איך ניט אוועקגעפאהרען וואלט די ליעבע פון אונזערע קערפערס זיך זעהר שעהן צובליהט ביי אונז. נאר ערשטענס פאהר איך אוועק, און צווייטענס... נו, דאס איז ניט וויכטיג... און אזוי, צום ווידערזעהן...

נאטאליא האט פארדעקט מיט די הענט דעם פנים און גענומען שאקלען מיט'ן קאפ.

— א, ווי העסליך איהר זענט!... ווי העסליך... ווי ניט איידעל, און מיאוס... א, גאט!

מיראן האט גרויזאם געשמייכעלט.

— טאקע? דאס איז א קליינינקע לעקציע... בלויז אזוי דארף מען אייך לערנען... שוין צופיעל האט איהר מיר דערעסען... אלע! צום ווידערזעהן!

— א, ווי העסליך!... ווי העסליך!...

מיראן האט שמייכלענדיג אויפגעהויבען פון דיל די הוט זי אנ־געטאן און איז ארויס אין פארצימער. דארטען האט ער זיך אנגעטאן און איז אוועקגעגאנגען.

אין גאס אונטער'ן לאמטערן האט ער זיך אפגעשטעלט און האט זיך אומגעקוקט. אין פענסטער פון צווייטען שטאק האט זיך געזעהן נאטאליא'ס געשטאלט. ער האט שפאטיש אראפגענומען די הוט, זיך פארנייגט, און מיט א געלעכטער איז ער פלינק אוועק רעכטס.

דער ווינט האט פריידיג און איילענדיג איהם גענומען אריינ־שעפטשען אין די אויערען, אט ווי ער וואלט איהם לאזען וויסען, וואס עס איז פארגעקומען דא אין גאס, ביז וואנען ער, מיראן איז געווען דארטען אין צימער. מיראן האט הארט געשמייכעלט.



# XV.

דורך פיאדארען און זיינע באקאנטע האט זיך מיראנען איינגע־געבען צו באזארגען מיט א פאר רעקאמענדאציעס אויף א זאוואד אין אדעס, וואו ער האט געקענט קריגען ארבייט. מען האט זיך בלויז בארארפט צואיילען. און גראד דאס האט מיראן ניט געטאן. ער איז אדער געלעגען אומבאוועגליך אויפ׳ן דיוואן, אדער ער האט זיך ניט אפרייסענדיג, גאנצענע טעג, מיט לייב און לעבען געארבייט אויפ׳ן בילד.

ער איז כמעט אין ערגעץ ניט געגאנגען, און פלעגט ער אמאל שוין יא ארייננגעהן צו פיאדער׳ן פלעגט ער זיך די גאנצע צייט שפילען מיט די קינדער, אויסמיידענדיג א געשפרעך וועגען זיין אוועקפאהרען. מאריא מאטוועיעוונא, פיאדאר׳ס פרוי, זעהענדיג ווי אין שפיעל מיט די קינדער ענדערט זיך מיראן׳ס פנים, ווערט אזוי באלעבט און פרעה־ליך, פלעגט איהם אפט זאגען:

— איהר וואלט איינגעפיהרט אן אייגענס, מיראן אנטאנאוויטש... כאטש איינס. זעהט נאר, זעהט, ווי איהר האט ליעב קינדער. וואס זוכט איהר דארטען?... אזוינע, ווי אזעלכע... טרעפט זיך אייך איינע, וואס איז אייך ניט דערווידער האט מען חתונה און שוין... א ניט וועט איהר זיך אזוי חכמענען ביז די עלטער וועט זיך אנרוקען... לאזט מיך, וועל איך אייך חתונה מאכען!

מאריא מאטוועיעוונא, האט ליעב געהאט רעדען וועגען אלעם ענטשלאסען און גלייך. מיראן פלעגט שמייכלען, נאר נאך אזוינע געשפרעכען פלעגט ער שנעל אוועק געהן פון פיאדער׳ן און לאנג אומ־וואנדערען איבער די גאסען. זעהר אפט פלעגט ער פארבייגעהן קי־סעלסקי׳ס הויז.

קומענדיג אהיים, פלעגט ער אדער לאנג ליגען אויפ'ן דיוואן, אדער זיך זעצען ענטשלאָסען צום טיש און שרייבען בריעף. יעדען בריף פלעגט ער גלייך צורייסען און יעדער בריף פלעגט זיך אָנהויבען:

„דארא איך האב זיך אויסגעמאטערט, איך בין מיעד“... אדער:

„דארא! מיר האט זיך זעהר אָפּט געדוכט, אז מיר זענען שרעקליך נאהענט איינע די אנדערע. אדער איך האב באשאפּען פאר אייך א נשמה, אין וועלכען איך האב זיך פארליעבט, ווי א אידיאט“...

אדער: „דארא! אם ענדע איז דאך דאס אומערטרעגליך! איך וויל זיך דורכרעדען מיט אייך“...

אנשרייבענדיג אויף א בייגעלע אַט די צוויי דריי שורעס פלעגט ער זיי מיט כעס צורייסען און אוועקשליידערען. און זיך ווידער לייגען אויפ'ן דיוואן.

איינמאל, ווען ער איז אזוי געלעגען איז אומערווארטעט געקומען מארוסיא. אונטערן לינקען אויג איז ביי איהר געווען א גרויסער בלויער פלעק. אין די הענט האט זי געהאלטען א סאקוואיאז, וועלכען זי האט מיט הארץ א שליידער געטאן אויפ'ן דיל אין פּאָרצימער. זי האט שווער געאטעמט, און כמעט ניט געקוקט אויף מיראנען, וועלכער האט זיך שטארק דערפרעהט מיט איהר. זי האט גלייך מודיע געווען:

— פרעה זיך ניט. איך בין ניט געקומען צו דיר. אויפ'ן וועג בין איך אריין א קוק טאן... און נעהמען געלט. עס איז דא?

מיראן האט איילענדיג ארויסגענומען דאס ביימעלע.

— דערנאך! באהאלט... נו, וואס מאכסטו?... האסט געקראגען מיין אנדערען בריף, וואו איך האב געשריבען אז דו זאלסט ניט קומען מיט קיין קאמפּאניע?

— געקראגען.

— גוט... איך נעה באלד צו א חבר'טע... מיר געהען אריבער אין אן אנדער הויז... פון דארטען בין איך אוועקגעגאנגען. א נידערטרעכטיגע, פאררדאממטע! נאר, נישקשה... דאס וועט איהר אזוי גלאט ניט אפּגעהן. אט! זעהסט? — האט זי אויסגעדרעהט דעם פּנים מיט'ן סיניאק צו מיראנען — כ'האב זיך געשלאָגען... מיט דער באַלאבאסטע. מיט פּאליציי דראהט זי. „פּאליטיקא“.ווארט צו, איך

וועל דיר באווייזן פאליציי. מיר ווייסען אויך דעם וועג צו דער פאליציי, אויב א מויד, אזוי איז שוין ניט קיין מענש?...

מיראן האט שווייגענדיג געקוקט אויף איהר. מארוסיא איז אנט־שוויגען געווארען און דראהענד געקוקט דורכ'ן פענסטער אין אומקלא־רען הימעל.

— א פארדאמטע עקספלואטאטארקע! אליין איז זי וואס געווען?

— זי האט שוין פארגעסען, פונקט אזא, ניט קיין בעסערע...

— פארוואס־זשע איז דאס פארגעקומען? — האט שטיל גע־פרעגט מיראן.

— דערפאר, וואס איך בין א פאסקודנעם סטודענט פאר־פאהרען אין מארדע. ער איז משוגע שטאלץ געווען. און איהר אליין האב איך אויך ניט פארשוויגען, און באראבעווען מיך האב איך איהר ניט ערלויבט. און „דו זאגט זי האסט זיך אנגענומען פון ברו־דער מיט פאליטיק". נו, האב איך איהר באוויזען פאליטיק. זי וועט שוין געדענקען.

זי האט א בייזען שמייכעל געטאן און געשוויגען א ווײלע. און יענע בהמות... ליידען. פון וועמען ווערט זי רייך? ניט פון אונז? „מיר האבען מורא, אז מען וועט אונז צונעהמען אין דער פאליציי". האט מען מיך דאך ניט צוגענומען, זי האט מיר נאך אפילו מיינע גאנצע געלט אפגעבען, עס ווייסט די קאץ, וועמענס פלייש זי האט אויפגעפרעסען! נאר נישקשה... איך וועל זיי נאך ווייזען!

זי האט דראהענד א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ און זי איז ווידער אנטשוויגען געווארען א ווײלע.

— ביי דיר איז היים! — האט זי פלוצלינג בייז מיט פארדרוס געזאגט.

אין צימער איז גראד געווען קאלט, ווייל מיראן האט יענעם טאג איינגאנצען ניט געהייצט.

— יא, עס איז היים! — האט אין איילעניש אונטערגעכאפט מיראן. — דו וואלסט זי אויסגעטאן אויף א מינוט. איך האב אנגע־הייצט, דו וועסט זיך נאך צוקיהלען דערנאך... טו זיך אויס...

מארוסיא האט שווייגענדיג, ניט קוקענדיג אויף איהם אראפגע־נומען די הוט, דעם מאנטעל און זיי אוועקגעלייגט אויף א ביינקעל.

— און וואס מאכסטו? — האט זי קוקענדיג אין א זייט ווידער אנגעהויבען פארוואלקענט און אפילו מיט נאוה. באשעפטיגסט זיך נאך אלץ מיט דיינע נארישקייטען?

— מיט וועלכע?

— נו, מיט אט די צייכנונגען?

— ניין... מען האט מיך ארויסגעטריבען פון זאוואד.

זי האט א פלינקען בליק געטאן אויף איהם, ארומגענומען מיט די אויגען זיין פנים און זיך אפגעקערעוועט.

— דיין פנים האט זיך פארענדערט. ביינקסטו, צי דו עסט ניט? געלט האסטו?

מיראן האט ווידער גענומען קריבען אין קעשענע...

— צום טייפעל געה... מיט דיינע געלט! — האט מיט פארדרוס א געשריי געטאן מארוסיא. — גלייך קריכט ער אין קעשענע! כ'האב מעהר פאר דיר... האסטו געלט פרעג איך?

— איך האב.

— כ'האב.

— אויב דו האסט ניט, נעהם ביי מיר...

— ניין, א דאנק, כ'האב... און אפשר, מארוסיא, אויפשטעלען דאס סאמאוואר'ל? מיר וועלען טרינקען טעה... א?

— וואס מיר דארט, סאמאוואר! איך געה באלד אוועק...

— אבער, רוה זיך כאטש אפ אביסעל... איך וועל אויף גיך... און מיראן איז געשווינד ארויס פון צימער.

— מען דארף ניט! האט א געשריי געטאן מארוסיא.

נאר מיראן איז שוין ארויסגעגאנגען. דאן האט זי זיך א כאפ געטאן און איז נאך איהם אריין אין קיך. זי האט איהם אפגעשטופט פון סאמאוואר און געזאגט:

— געה אוועק, איך וועל אליין. א ניט וועסטו זיך דא עסק'ען דריי שעה, און איך דארף אוועקגעהן... טראג זיך אפ.

נאר נאך דער טעה איז זי אויך ניט אוועקגעגאנגען און איז גע־בליבען נעכטיגען. זי איז אויך פארבליבען אויף דעם קומענדען טאג, ווייל מיראנס וועש איז געווען צוריסען און ניט אין ארדנונג, און מען האט דאס באדארפט פאריכטען. דערנאך האט זיך ארויסגעוויזען, אז

ער האט אינגאנצען ניט קיין ווארימע העמדער. דערויף האט זיך אויך געפאדערט צייט. וועגען דער חבר'טע און דעם אנקומען אין אן אנ־דער הויז האט מען ניט גערעדט. צומאל פלעגט מארוסיא אוועק גהן, נאר זי פלעגט זיך אומקערען אדער אביסעל אונטער'ן גלעזעל, אדער שוין אן אויסגעניכטערטע. דאן פלעגט זי נעהמען פאקען איהר טשא־מאדאן, וועלכער פלעגט, איין גאט ווייס פארוואס, שטענדיג אין אזוינע פעלע, זיין ניט אין ארדנונג, פארוואס מיראן פלעגט שוין קריגען דעם ריכטיגען חלק. ער פלעגט שווייגען. צוויי טעג האט זי מיט איהם אינגאנצען ניט גערעדט. נאר דערפאר האט מיראן גע־הערט, ווי דארטען ביי זיך האט זי עפעס גע'חזר'ט אויף אויסענווי־ניג אדער הויך געלעזען. צומאל פלעגט זי איהם רופען און בייז זאגען:

— ערקלער, ווי איז דא... די נארישע גראמאטיקע דיינע...

מיראן האט ערקלערט, צוערשט זעלטען, דערנאך אפטער, און אם ענדע האט ער געלערענט מיט איהר יעדען טאג. מארוסיא האט מיט א וואונדערבארער לייכטקייט אויפגעכאפט און איבערגעקייט דאס לערנען, נאר אלץ אזוי בייז און כמארנע.

— און פאר וויפיעל צייט... קען מען, אט די גאנצע קאמעדיע... די פארבארייטונג, אזוי צו זאגען, דורכגעהן? — האט זי געפרעגט.

— אין א יאהר, צוויי...

— מיר וועלען דאס דורכגעהן שנעלער! אט, וועל איך זיך גאנצע צוויי יאהר עסק'ען מיט אט די נ א ר י ש ק י י ט ע ן.

און איז ווידער פארשוואונדען אויף א טאג, אדער צוויי. מי־ראן האט קיין ווארט ניט גערעדט וועגען אט דער פארשוואונדונג. ער אליין פלעגט גאנצענע טעג אפשטעהן ארום בילד אדער אפליגען אויפ'ן דיוואן. ער איז נאך מעהר גרוי געווארען און אין די אויגען פלעגט ביי איהם אפט פארגליווערט ווערען א שפאטיש אומעטיגער שמייכעל.

צומאל פלעגט מאראסיא ארויסגעהן פון איהר צימער, צוגעהן צו איהם און אוועקזעצענדיג זיך ביים דיוואן אויפ'ן דיל, נעהמען מי־ראנס האנט און זי צודריקען צו איהר פנים מיט א ציטערענדער הייז־

סער צערטליכקייט. אפטער פון אלץ פלעגט דאס זיין אין בין השמשות ווען מען זעהט ניט דעם אויסדרוק פון די פנים׳ער.

זעלטען—זעלטען האט מען עפעס גערעדט. מערסטענס האט מען געשוויגען. מיראן פלעגט מיט דער צווייטער האנט גלעטען איהרע האר, איהר קאפ, און זי פלעגט קלאנגלאז קושען זיין האנט און שטארק און האסטיג זי צודריקען צום פנים, צום האלז און צו דער ברוסט. אפט פלעגען הייסע טרערען, ווי ווארעמע שטראמעלאך דורכנעצען זיין האנט און גלייך פארקיהלט ווערען, דאן פלעגט ער זיך איינבויגען צו איהר קאפ און צארט און לאנג זי קושען.

דערנאך, ווידער שיער ניט אין דעם זעלבען אווענט, פלעגט ביי איהר פלוצלינג אויפברויזען א שטאלצער און בייזער פארדרוס און זי פלעגט ווידער פארשוואונדען אויף א טאג אדער צוויי.

אין איינעם פון די „צארטע“ טעג איז מארוסיא געזעסען ביי מיראנען אין צימער און האט געלייענט. מיראן איז געלעגען אויפ׳ן דיוואן.

פלוצלינג האט זיך דערהערט א קלינג. מיראן איז ארויס אין פארצימער און האט זיך באלד אומגעקערט מיט אליאן. זי איז געווען שרעקליך בלאס, דער פנים אויסגעמאטערט, אפגעצערט, די אויגען מיעדע, גרויסע, פארגליווערטע אין פיין.

מיראן האט א קוק געטאן אויף איהר און האט זיך אפגעשטעלט.

— וואס איז מיט אייך, אליא?!

זי האט א פיהר געטאן מיט די אויגען איבער׳ן צימער, זוכענדיג א ביינקעל. מארוסיא האט שווייגענדיג א שאקעל געטאן מיט׳ן קאפ. און מיראן האט איהר אין איילעניש אונטערגערוקט א ביינקעל. זי האט זיך געזעצט און פארטגעזעצט שווער צו אטעמען. זי האט שווייגענדיג געבלאנדזשעט מיט די אויגען איבער׳ן צימער.

מיראן מיט מארוסיאן האבען זיך איבערגעקוקט.

— טאראס איז דער׳הרג׳עט... — האט פלוצלינג שטיל געזאגט אליא, און אלץ געפיהרט מיט די אויגען איבער׳ן צימער.

— וואס?! — האט אויסגעשריען מיראן.

מארוסיא האט א קוק געטאן אויף מיראנען און האט אויך דער־שראקען און ברייט צועפענט די אויגען אויף אליאן.

— דאס הייסט, ער איז ניט אינגאנצען דער׳הרג׳עט... נאר זעהר שטארק פארוואונדערט... ער וועט שטארבען, אויב ניט היינט איז מארגען... ער וויל אייך זעהן... און ווערא... און דאראן...

— ערלויבט מיר... איך האב איהם נאך אייערנעכטען אין דער פריה געזעהן ארום...

— יא... און אין אווענד האט די באמבע זיך צוריסען און... האט איהם פארוואונדעט.

— די באמבע?

— יא... ער האט צוגעגרייט א באמבע... ביי די אנארכיסטען... עס איז פארגעקומען אן אויפרייס...

— פע. ווער איז דאס... ער איז שטארק פארוואונדעט?

אליא האט ניט געקוקט נים אויף מיראנען, ניט אויף מארוסיאן, אט אזוי ווי אלעם וואלט איהר מורא׳דיג דערעסען, ביז מיעדקייט, ביז עקעל. געענטפערט האט זי טעמפ און כמעט איבערגוואלד.

— יא, שטארק... די גאנצע רעכטע העלפט... ער איז צוויי טעג געלעגען באוואוסטלאז... ער איז נאר וואס געקומען צו זיך... ער וויל אייך זעהן... געהט... איך וועל געהן צו ווערא...

זי האט זיך גענומען אויפהויבען. מיראן האט א פארפינסטער־טער געביסען די ליפען.

— ווי זשע האט זיך איינגעגעבען איהם איבערפיהרען צו אייך?

— איך ווייס ניט... די אנארכיסטען... האבען איהם געבראכט צו פיהרען און זיינען אנטלאפען...

— אויף אייער פאטער האט דאס שטארק געווירקט...

— דער טאטע איז ניטא. ער איז אין שפיטאל...

— יא? שוין?

אליא האט גלייכגילטיג א קוק געטאן אויף אלעם אין צימער.

— צום ווידערזעהן... געהט... ער ווארט אויף אייך...

— איך געה, און צו וואס האט ער באדארפט די באמבע, ווייסט איהר ניט?

— ער האט געוואלט אויפרייסען די סטודענטען מיט'ן פראפע־סאר אין דער אודיטאריע...

מיראן האט א קוק געטאן אויף איהר מיט ברייט צועפענטע אויגען.

— פון וואנענט ווייסט איהר?

— ער האט אליין געזאגט... ער האט א בריף...

אליא האט זיך א רוק געטאן צום ארויסגאנג. מארוסיא האט איי־לענדיג, קיקענדיג אויף איהר מיט א טיפען באדויערען געעפענט פאר איהר די טיר. אליא איז אוועקגעגאנגען אהן א זיי געזונט.

— דאס איז יענער בחור, וועלכער איז אמאל געקומען מיט דא־ראן? — האט שטיל געפרעגט מארוסיא.

— יא... נו, איך געה אוועק...

מארוסיא האט איהם געהאלפען זיך אנטאן, זי האט שוויינענדיג איהם א שטארקען קוש געטאן און ארויסגעלאזען.

ווען מיראן איז צוגעקומען צו דעם הייזעל, אין וועלכען עס האָ־בען געוואוינט די שמשערבינס, האבען איהם אנגעיאגט אויף א פיהרל אליא און דארא מיט ווערא'ן. ביי דארא'ן זיינען געווען גרויסע אנ־געשטרענגטע אייגען, פארוואלקענטע ברעמען און א לייכטע פארב אין די באקען פון דער פראסטיגער לופט. ווערא איז געווען געל, נאך מעהר אויסגעמאטערט ווי אליא — א דערשראקענע און פארלארענע. זיי ביידע זיינען אויך געווען אין שאלכלאך.

מיט מיראנען האט מען זיך אזוי געגריסט, אט ווי עס וואלט צווישען זיי פריהער גארנים פארגעקומען. מען האט זיך אפילו אומ־געביטען מיט איינינע פראזען, וועלכע מען האט, גאט ווייסט פאר־וואס, ארויסגערעדט שטילינקערהייד.

אליא האט זיי אלעמען אריינגעפיהרט אין א ברעקעלע פאר־צימערל און פון דארטען אין צימער. זיי האט גלייך פארכאפט דער אטעם, פון דער שווערער צוזאמענגעפרעסטער לופט, פון די רפואות און פון נאך עפעס זויערס און שארפס.

צוערשט האט מען גאר ניט געזעהן. דער צימער איז געווען א נידעריגער און האלב פינסטערער. דער דיל אן ערדערנער. א לאנגער

טיש ביים פענסטער, און ביים טיש אן אומבאוועגליכער היבשער פרויען געשטאַלט.

אַלע האָבען זיך אומענטשלאָסען אָפּגעשטעלט ביים שוועל.

— אהער... נאָך מיר... — האָט שטיל געזאָגט אַליא, וועלכע האָט זיך געלאָזען געהן ווייטער.

אַלע האָבען זיך געלאָזען נאָך איהר. צוערשט ווערא, וועלכע מען האָט דורכגעלאָזען פאָראויס, נאָך איהר דאָרא, און הינטער אַלע־מען מיראָן. דער פרויען־געשטאַלט ביים טיש האָט זיך קיין ריהר ניט געטאָן.

הינטער'ן אויוועז, אויף א ברייטען געלעגער, איז געליגען עפּעס עהנליכעס צו א קערפּער איינגעוויקעלט אין א קאָלדרע, די קאָפּ איינ־געבונדען אין ווייסען. די גאַנצע רעכטע האָלבע טייל פון פּנים צו־זאַמען מיט'ן אָקסעל זיינען געווען פאַרבאַרגען אונטער'ן ווייסען בינד, געזעהן האָט זיך בלויז דאָס לינקע אויג, א שטיקעל נאָז און דער טרוקענער איינגעפאַלענער מויל; דאָס אויג איז געווען האַלב פאַרמאַכט, דער גאַנצער פּנים אומבאוועגליך און טויט־בלאַס מיט א בלויען בלייערנעם פּאַס אונטער'ן אויג.

אַליא האָט זיך פאָרזיכטיג אָנגעבויגען איבער טאַראַסען. אַלע זיינען געשטאַנען אַזוי ניט געוואָגט, ניט געבענדיג זיך קיין ריהר און אָנגעשטרענגט געקוקט אויף דעם ארומגעבונדענעם קאָפּ. דער קאָפּ איז געבליבען באוועגלאָז, בלויז דאָס אויג האָט זיך עטוואָס א צאַפּעל געטאָן. דאָס מויל האָט זיך א ריהר געטאָן, און אַזוי שטיל, אַז מען האָט קוים געקענט הערען, האָט זיך פון דעם הייזעריג ארויסגעריסען:

— געקומען... איך זעה... א דאַנק...

אַלע זיינען אַלע אַזוי געשטאַנען ערוואַרטענדיג עפּעס, און ניט וויסענדיג וואָס צו טאָן, געשטאַנען און געקוקט.

— נאָט האָט טאַקע געשיקט זיין שטראָף! — האָט זיך פּלוצלינג ניט הויך נאָר דערצאַרענט און שטיל דערהערט פון הינטען. אַלע האָבען זיך געשווינדט אויסגעקערעוועט.

אַליא האָט זיך בליץ שנעל איינגאַנצען אָנגעצונדען.

— מאַמאַ! — האָט זי געמאַכט א שפּאַן צום טיש, מיט אַן אויפגעפלאַמטען בליק — איצט לאָזט צורוה! איהר הערט? לאָזט

שטארבען... איך בלייב דאך נאך פאר אייך. שווייגט, אניט ווייס איך ניט וואס איך וועל טאן!

די מוטער איז אלץ אזוי באוועגלאז געשטאנען א גרויסע, מעב־טיגע און דערצארענטע. דער טאכטערס ווערטער, זעהט אויס, האַ־בען זי קוים דערגרייכט, זיי האבען ניט פארטשעפּעט איהרע אייגענע שווערע געדאנקען. נאר זי איז אנטשוויגען געווארען.

אליא האט זיך גלייך אפּגעקערעוועט און איז צוריק צוגעגאנגען צו טאראס צוקאַפּענס. ער האט שוואך אויפגעהויבען צו איהר דאס אויג און פרעגענד א קוק געטאן.

— וואס איז דארטען? — האט ער מיט גרויס אנשטרענגונג הייזעריג ארויסגערעדט.

— גארניט, טאַריק, גארניט... — האט שטיל ווי א טויב איהם בארוהיגענד געענטפערט אליא.

ער האט נאך א ווײלע געקוקט אויף איהר, דערנאך האט ער אראפּגעלאזען דאס לעדעל און ארויסגעמורמעלט:

— מיראן!

— מיראן!... מיראן!... — האבען זיך אלע אויסגעקערעוועט צו מיראנען, מאכענדיג פאר איהם א וועג.

מיראן איז שווער צוגעגאנגען צום סאמע געלעגער.

טאראס האט אנגעשטעלט אויף איהם דאס האלב פארמאכטע שטארע אויג.

— איך האב אייך... די גאנצע צייט... געוואלט... אוועקגעבען... מיין חוב... נאר... עס האט זיך מיר ניט איינגעגעבען... אליא וועט אפּגעבען...

מיראן האט א פּיהר געטאן מיט די אקסלען.

— נייז... זי וועט אפּגעבען... אויב איהר ווילט ניט פאר זיך... גיט דאס אוועק... אויף דער פּארטיי... פאר היפּנאז...

ער האט שוואך אויסגעקרימט זיין בלאס־בלויען מויל אין א שמייכעל. ער האט פארמאכט דאס אויג און איז געווארען ענליך צו א מת.

מיראן איז, מיט א זייט, לאנגזאם אפּגעטראטען, און האט זיך אנידערגעשטעלט הינטער ווראן. זי האט געציטערט מיט א דריב־

נעם ציטער און אוטאמאטיש געטריבען פון פנים די נערוועזע שטראַ־מעלאַך.

טאראס האט פלוצלינג אויפגעעפענט דאס אויג און האט גע־פונען ווערען. ער האט זיך איינגעקוקט אין איהר און האט ווידער א שמייכעל געטאן מיט זיין שרעקליכען שמייכעל.

— ס'אַרא מינע... דערשראַקענע... איהר זענט אַלע... — האט ער ארויסגעשעפטשעט מיט א שווערער אַנשטרענגונג. ער איז אנט־שוויגען געוואָרען, האט שמערצליך א פיהר געטאָן מיט דער ברעם און א קרעכץ געטאָן. ער איז שטיל געבליבען און ווידער געעפענט דאס אויג.

אַלע האבען געוואַרט.

— ווען... מיין נשמה... איז צובראָכען געוואָרען... האט איהר קיין מורא ניט געהאט... און זענט געווען רוהיג... נאָר אז דער קער־פּער... איז צובראָכען... האט א גרויל...

ער האט ווידער א שמייכעל געטאָן און האט פארמאכט דאס אויג, ניט אויפעפענענדיג דאס, האט ער ארויסגעמורמעלט:

— לייענט איבער.

אַליא האט באלד פּאַרזיכטיג ארויסגענומען פון אונטער'ן קישען עפּעס א פּאַפּיר און האט איהם דערלאַנגט מיראַנען.

— הויך... — האט הייזעריג אַרויסגעברומט טאראס.

— לייענט הויך, ער הערט ניט... — האט שטיל צוגעגעבען אַליא — ער האט אַט דעם בריף געטראגען מיט זיך, אום איהם אוועק־שיקען אין יענעם טאָג... לייענט.

מיראַן האט געהארכזאם גענומען דעם בויגען פּאַפּיר, איהם צו־וויקעלט, ער האט א הוסט געטאָן און גענומען לייענען:

„אין אוניווערזיטעט. דעם פּראָפעסאָרען ראטה און צו דער גאַנ־צער „געזעלשאפט“ — פון דעם וואס האט צוזאמען מיט זיך אויפ־געריסען די אודיטאָריע סטודענטען“...

— העכער... — האט ארויסגעסאָפּעט טאראס.

— העכער! — האט ווידערהאַלט אַליא.

מיראַן איז צוגעגאַנגען נעהענטער צום געלעגער און האט אויפ־געהויבען העכער זיין שטים:

„איך האב אויפגעריסען די אודיטאריע אום אויפצוטרייסלען אייך מיט גרויל און שרעק. גרויל און שרעק וועלען אייך צווינגען זיך צו פארטראכטען אויף דעם, וואס איהר וועט איבערלייענען. בלויז צו דעם טויט און צו בלוט הערט איהר זיך צו. רעד איך צו אייך מיט בלוט און טויט. טא הערט זיך איין!

פון יענער צייט זינט שרעק האט געבוירען געטער זענט איהר זייערע דינער. איהר אלע, בוד־מענשען, אלע דענקענדע, האט פאר־שקלאפט גייסטיג אונז ארבייטענדע.

און וואס מעהרער איהר און מיר אליין גלויבען אין אייער הער־שאפט איבער אונז, אלץ שטארקער איז די שקלאפעריי. איהר ערקלערט פאר'ן צוועק פון לעבען, נאכצוגעבען דער נשמה און בא־פרייען זיך פון גוף. מיט דער נשמה און גייסט היפנאטיזירט איהר יאהר־טויזענדע די מענשהייט און זיך אליין.

די וואס ציטערען און פאלגען די גייסטיגע ארימע לייט, ווערען בעלי־תשובות, נעהארכזאמע, די ווערען בארימט און געלויבט.

יענע וואס האבען א שייכות צו דעם פראגרעס און קולטור, וואס בארייכערען די אוצרות פון גייסט, ווערען אנגערופען זשעניען. זיי שטעלט מען אויף דענקמאהלען אויף די גאסען. מען באעהרט זייער אנדענקען. ווייל זיי דיענען דער נשמה, בארייכערענדיג די אוצרות פון גייסט, און העלפען דער מענשהייט צו באפרייען זיך פון דער מאכט פון גוף.

א, ס'ארא נאאיווער און שרעקליכער ליגען! אט דער ליגען איז נאך גרויליכער און שרעקליכער דערמיט, וואס ער ווערט אנגענומען אלס אן אמת, פון די ליידענדע גופא.

איינער פון אייערע האט געזאגט: „זייט עהרליך צו זיך,“ דאס מיינט, לייגט זיך אליין ניט. טראכט וואס איהר פיהלט און פיהלט וואס איהר טראכט. ווען איהר וואלט ניט לייגען זיך, ווען איהר זאלט נאר לייגען אונז אליין! דאן וואלט אייער ליגען ניט געווען אזוי מעכטיג און אזוי פאר'שיכור'ענד! א, ווען איהר זאלט ניט ליי־גען זיך, וואלט איהר דערזעהען, אז אייער דיענען דער נשמה איז בלויז דערפאר גוט, וואס פון אט דער דינסט אייערער איז גוט אייער קערפער.

איהר וואלט איינגעזעהען, אז אלע אייערע אוצרות פון גייסט זיי־נען ניט מעהר ווי א קאסטען מיט מיטלען פאר באפרידיגען דעם גוף. און אלע אייערע זשעניען זיינען ניט מעהר ווי זיינע לאקייען.

נאר איהר וועט דאס ניט טאן. צו וואס דארפט איהר דאס? גיט אייך דען ניט דאס דיענען דער נשמה און דער ציוויליזאציע קיין רו־היגע פאלאצען, שעהנע פרויען און פראכטפולע ווייגען, אויטאמאבי־לען, עראפלאנען? טרעפט דען אייך אמאל צו וואוינען אין קעמערלאך און בייסען די אייגענע פינגער פון הונגער? זענען דען אייערע לייבער ניט קיין אפגעגעסענע, ניט קיין ריינע? זענען דען אייערע ווייבער אויסגעטרוקענט און ערשעפט, ווי אויסגעליידיגטע זעק? האט דען אט דער פראפעסאר, וועלכער איז אויפגעריסען געווארען אין דער לופ־טען, אט דער לערער פון לעבען, אט דער דינער אין טעמפעל פון וויסענשאפט, זיך באנוגענט מיט דער גייסטיגער שפייז, און האט דען ניט געגעסען ביי מיטאג אזוי פיעל, וויפיעל עס וואלט געקלעקט מיין פאמיליע אויף א גאנצען חודש? און איז איהם, וועלכער דערצעהלט זיינע פויגעלאך וועגען דעם ווי מען פראדוצירט סחורות, דען ערגער דערפון, וואס האלט זיך העכער פון די, וועלכע פראדוצירען די סחורות?

און אט די פויגעלאך, וועלכע גרייטען זיך צו זיין היפנאטיזי־רער, אט די אנפיהרער פון דער וויסענשאפט און פון דער קולטור, איז זיי דען שלעכט דערפון, וואס פאר אט דעם אנפיהרען וועלען זיי האבען אוטאמאבילען, עראפלאנען און אלע וואוילטאגען פון דער גרוי־סער ציוויליזאציע? זיי וועלען אט די אלע זאכען ניט מאכען, — נייז, דאס וועלען טון אנדערע; נידעריגערע, גראבע נפשות, האלבע חיות, וועלכע לייענען ניט קיין ביכער, שרייבען זיי אויך ניט, זיי רויען זיך דארטען פון הינטען ווי בהמות.

און דערפאר וועלען אט די פויגעלאך, פון רחמנות און בארעמ־הערציגקייט, קומען צו די, וואס רויען זיך פון הינטען, וועלען זיי לער־נען און וועלען אויפקלערען זייערע פארפינסטערטע נשמות, וועלען זיי היפנאטיזירען מיט אלערליי הימעלישע און ערדישע וואוילטאגען. זיי וועלען צוזאגען, די אין חושך פארזונקענע באם סאציאליזם, אלעס, דאס, וואס אליין האבען זיי שוין איצט, און דערפאר וועלען זיי הייסען

די פארשטעהער פון די, וואס רויען זיך פון הינטען, און זיי ווע־לען אויפ־ריכטיג ניט באמערקען, אז מעהרסטענס האבען שוין זייערע לעהרער און פארשטעהער דאס, וואס זיי פארשפרעכען זיי ביי דער צוקונפ־טיגער סאציאליסטישער ארדנונג.

א, ניין, זיי ווע־לען אפילו אנערקענט ווערען אלס העלדען, און פאר זיי וועט מען אויפשטע־לען דענקמא־לען. זיי ווע־לען ניט דערזעהן זייער ליגען. א, ניין, ניין! דאס קוינט זיך אייך ניט, ווייל אייך איז ווארעם און באקוועם אונטער אייער היפנאז.

נאר, הערט זיך איין, עס זיינען דא אזוינע, וועמען עס ווערט צו אומבאקוועם! עס זיינען דא אזוינע, וועמען עס איז קאלט, וועמען עס איז אייננ אונטער אט די טויזענדער און טויזענדער יאהריגע צו־דעקען פון וואנזין. זייערע קערפערס זענען ניט קיין אפגעגעסענע, זייער הויט ליי־כט זיך ניט דורך, און זיי צוויי־פלען אי אין דער נשמה, אי אין אייער ציוויליזאציע; זיי באציהען זיך ניט מיט אכטונג צו אייערע אוצרות פון גייסט, און צו די טעמפלען פון וויסענשאפט. איהר הערט?

עס זענען דא אזוינע, וואס האבען אויפגעהויבען די קעפ, אפגע־טרייסע־לט פון זיך דעם היפנאז און זעהען די וועלט מיט נייגעבוי־רענע אויגען. עס זענען דא ערליכע צו זיך און זיי קענען זיך ניט לייגען. זיי איז אייננ און שטיקענד. אט די ערוואכטע איז שרעק־ליך — אומהיימליך צווישען אייך, ווי צווישען וואנזיניגע. אט די ערוואכטע זענען פו־ל מיט ווילדען כעס אויף די צוויי פנים׳דיגע. זיי פיהלען א שאנדע, אט ווי זיי וואלטען אריינגעפאלען צווישען צופרידענע מיט זיך. זיי זענען צו דער זעלבער צייט דורכגע־דרינגען מיט א הייסען רחמנות־געפיהל, אט אזוי ווי זיי וואלטען זיך געפינען צווישען האפנונגסלאזע קראנקע.

היט זיך! ווען זיי ווע־לען דערזעהן דעם גאנצען ליגען, און דער נייגעבוירענער געדאנק זייערע וועט זיך אנצינדען מיט׳ן פלאם פון געפיהל, ווע־לען זיי זיך ניט באניגענען מיט קיין ליעדער וועגען דער גרויסער קולטור און סאציאליזם. זיי ווע־לען ארויסגעהן אין די גאסען און ווע־לען זיך שלאגען מיט די קעפ אין וואנט, זיי ווע־לען יאמערען אין ווילדען כעס, זיי ווע־לען כאפען דעם ערשטען, וואס וועט זיך זיי

באגעגענען און וועלען איהם שניידען דעם גארגעל. זיי וועלען פאר־ניכטען אייערע טעמפלען פון ציוויליזאציע, און ווי אייזלען וועלען זיי אייך איינשפאנען אין דער ארבייט. זייט די פארטרעטערשאפט, אפגעגאסענע דיקע! זייט פארשטעהער, איהר דורכגעדרונגענע מיט ברידערליכער ליעבע און מיט רחמים!

א, יענע ניי־געבוירענע, וועלען זיך ניט לייגען. זיי וועט זיך דאס ניט לויענען, און אינטערקויפען זיי וועט איהר אויך ניט קע־נען, ווייל האט נאר קוים אימיצער דערפיהלט דעם גאנצען גרויל פון ליגען אין זיך, וועט שוין קיינמאל ניט געהן אין די רייען פון די ליי־גענרע. גיכער אין טויט, ווי איך! איך געה צום טויט, ווייל איך קען זיך מעהר ניט ליגען, ווי איך קען מעהר ניט אריבערטראגען אייער ליגען.

אבער איך געה פול מיט האס, פול מיט פאראכטונג און פראַ־טעסט. דער טויט פון א צוויי־דריי הונדערט אייערע פארהיפנאטי־זירטע, וואס גרייטען זיך פאר לעהרער פון היפנאז זאלען באגלייטען מיין פראטעסט.

זאלען שרעק און גרויל געהן מיט מיר!

גרויל און ליידען האבען געבוירען געטער און היפנאז, זאלען גרויל און ליידען זיי פארניכטען.

אן ארבייטער, טאראס שטשערבין."

אלע זענען געשטאנען בלאסע. טאראס האט ברייט צועפענט זיין אויג און עפעס פיבערהאפטעס, זודיג־ווילדעס איז געווען אין דעם.

— יא! — נאר אזוי, האט ער ארויסגעכריפעט.

מיראן האט אומגעקערט דעם בריף אליאן. זיין האנט האט לייכט געציטערט.

— נאר אזוי!... — האט ווידערהאלט טאראס, דרעהענדיג מיט'ן אויג פון איינעם צום צווייטען אין ערווארטונג און גרויס אויפרעגונג.

דארא האט פארשענד געקוקט אויף איהם מיט פארוואלקענטע ברעמען. ווערא האט אלץ געטריבען די נערוועזע שטראמעלאך און האט, דאכט זיך, גאר ניט געהערט. אליא האט זיך איינגעבויגען צו טאראסען, האט איהם פארריכט דעם בינד און מיט אנגסט געזאגט:

— טאריק, דו טארסט זיך ניט אויפרעגען...

טאראס האט א פיהר געטאן מיט דער ברעם, אט ווי ער וואלט פארטרייבען א פליג.

— בין איך דען ניט גערעכט? זאגט! — האט ער זיך געווענ־דעט צו מיראנען.

— איהר זענט גערעכט... — האט שטיל געזאגט מיראן.

— וואס? — האט טאראס אפילו עטוואס אויפגעהויבען דעם קאפ און גלייך א קרעכץ געטאן.

— איהר זענט גערעכט, — האט אין איילעניש הויך ווידער־האלט מיראן.

טאראס האט א שמייכעל געטאן.

— יא?... און איהר?

— און איך בין אויך גערעכט.

— אויך?

— יא.

טאראס האט ווידער אויסגעקרומט אין א שפאטישען שמייכעל זיין בלויגעווארענעם מויל.

— טאריק! טייערער, דו טארסט דאך ניט רעדען!

— געהט אוועק! — האט זיך אליא מיט געבעט געווענדעט צו די געסט.

טאראס האט אומגעדולדיג פארקנייטשט דעם נאז.

— שטער ניט, אליא... איך וועל אלץ איינס שטארבען... מיט א שטונדע פריהער... אדער מיט א שטונדע...

ער האט אנגעהויבען קרעכטצען, פארמאכט דאס אויג, און איז געלעגען אייניגע רעגעם אומבאוועגליך, ווי א טויטער. עס האט זיך געדוכט, אז ער איז שוין געשטארבען.

אלע האבען זיך באאומרוהיגט א רודער געטאן. נאר טאראס האט געעפענט דאס אויג און שטיל, אזוי אז מען האט קוים געקענט הערען, געפרעגט:

— איהר דענקט... אז איהר זענט גערעכט... און לעבט?

מיראן האט אפגעשוויגען.

— יא?

— רעדט העכער, האט בייז אנגעזאגט אליא.

— יא, טאראס. איך קען לעבען. איהר זענט אויך ערליך צו זיך און דער פאר טאקע קענט איהר ניט לעבען.

טאראס איז געלעגען אהן באוועגונג. עס האט זיך גערוכט, אז ער האט גאר ניט געהערט. נאר פלוצלינג האט ער א ריהר געטאן מיט'ן אויג און ארויסגעסאפעט:

— איך... האב... דורכגעטראכט... ביז'ן סוף... און איז שטיל געבליבען. קיינער האט זיך ניט גערידהרט.

— געהט אוועק מיינע הערען! געהט אוועק! — האט מיט גע־בעט גענומען שעפטשען אליא. — זענענט זיך אפילו ניט... גענוג... דאס איז שעדליך פאר איהם... איך בעט אייך...

מיראן האט צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ און זיך גענומען רוקען אויף צוריק. דארא האט זיך אויך אפגערוקט מיטשלעפענדיג מיט זיך ווערען. ווערא האט זיך מיט פארוואונדערונג אומגעקוקט אויף איהר.

— מיר געהן אוועק... — האט איהר שטיל ארייגעראמט דארא.

— שוין?... יא, יא... נאר איך וויל זיך זעגענען... מען מעג דאס? יא?

טאראס האט פלוצלינג אויפגעעפענט דאס אויג און א זוך גע־טאן מיט'ן בליק.

— איהר געהט אוועק?... האט ער ארויסגעבריפעט, שוין טויב־ליך. — זייט געזונט... צום שלעכטען... דערמאנט ניט... איך אויך... ווערא, פארבלייבט... אויף א מינוט...

ווערא, האט מיט א פראגע אין די אויגען דערשראקען א קוק געטאן אויף אלעמען...

זי האט זיך געצאפעלט, עס האט זי איננאנצען געשווידערט.

— פארבלייבט אויף א מינוט, — האט אומצופרידען און בייז איהר ערקלערט אליא. — נאר געהט באלד אוועק.

מיראן און דארא האבען שטילינקערהייד אפגעטראטען צו דער טיר און זענען ארויסגעגאנגען. ווערא איז געבליבען.

דער פרויען געשטאלט ביים טיש האט זיך די גאנצע צייט קיין ריהר ניט געטאן. זי איז שוין מעהר ניט געשטאנען נאר געזעסען, גלייך אויסגעצויגען, זיך אנשפארענדיג אין וואנט. עס האט זיך גע־

דוכט, אַז זי איז אויך צושלאָגען, ווי איהר זון, און יעדער באַוועגונג פאַרשאַפט איהר אַן אומערטרעגליך שאַרפען וועהטאָג. איבער איהר האָבען בייז און פאַרוואָלקענט געדונקעלט די פּיעל־צאָהליגע פּנימ׳ער פון די הייליגע.

אין גאָס האָט זיך ערשט דערפיהלט ווי שווער און געדיכט די לופט איז אין צימער.

געגאַנגען איז מען שווייגענדיג. מיראָן האָט פאַרויכערט אַ פּאַ־פּיראָס, ער האָט אריינגעלייגט די הענט אין די קעשענים און האָט כמורנע געקוקט פאַר זיך. דאַראַ איז געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָ־זענעם קאָפּ און האַרט צוזאַמענגעדריקטע ברעמען.

— איהר האָט שוין לאַנג געזעהן אייער שוועסטער? — האָט פּלוצלינג ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ געפרעגט דאַראַ.

— זי איז שוין אין דער היים, — האָט באַמערקט מיראָן.

דאַראַ האָט אַ קוק געטאָן אויף איהם.

— זי איז אליין געקומען?

— יאָ.



# XVI.

מעהר האט מען קיין ווארט ניט גערעדט ביז מען איז צוגעקומען צו מיראנ'ס וואוינונג.

פאר'ן אריינגאנג האט מיראן זיך אפגעשטעלט און ניט קוקענדיג אויף דאראן, טרוקען געזאגט:

— אפשר וועט איהר אריינגעהן צו אונז? מארוסיא וויל זיך מיט אייך זעהן.

דארא האט אויפמערקזאם א קוק געטאן אויף איהם, זיך אפגעקערעוועט און שווייגענדיג מיט א מאדנער פארטראכטקייט געקוקט ערגעץ־וואו.

מיראן האט פון דער זייט געקוקט אויף איהר. קיין סמן פון פארב איז שוין ניט געווען אין איהר פנים. די פרישע, צארטע הויט פון די ליפען האבען זיך באדעקט מיט א בלאסקייט, די ברעמען שטארק צוזאמענגערוקט צום אויבערשטען טייל פון דער נאז, אט ווי זיי וואלטען זיך צוגעקלעפט. און אויפ'ן ריינעם שטערען איבער די ברעמען זענען געווארען צוויי קנייטשען מיט שאטענס.

— קומט... — האט זי פלוצלינג געזאגט שטיל און אונענטשלאסען און איז די ערשטע אריין אין טיר.

נאר מארוסיא איז אין דער היים ניט געווען. מיראן איז אומרוהיג צוגעגאנגען צום טיש און האט געפינען א צעטעלע:

„איך וועל באלד קומען. באאומרוהיג זיך ניט. אן אומעט איז אויף מיר אנגעפאלען. כ'וועל זיך דורכגעהן. מארוסיא".

— זי וועט באלד קומען... — האט געזאגט מיראן. — ווארט צו... און אייב איהר ווילט טוט זיך אויס... איהר האט נאך דאכט זיך, קיינמאל ניט אויסגעטאן ביי מיר...

דאַרא האָט ווידער אַ מאָדנעם קוק געטאָן אויף איהם און האָט שווייגענדיג זיך גענומען אויסטאָן.

— זי וויל שוין ניט אוועקגעהן... פון אייך? — האָט זי געפרעגט זיך אוועקזעצענדיג אויפ'ן דיוואַן.

— כ'ווייס ניט... דאַכט זיך, אַז ניין... און, איבריגענס, עס קען נאָך אַלץ זיין... מען דאַרף אוועקפאָהרען אין אַן אַנדער שטאָדט...

— איהר פאָהרט אוועק איניגיכען?

— יאָ... מיר דענקען די טעג...

עס האָט געפאָלגט אַ שווייגען.

מיראָן האָט זיך געזעצט ביים טיש און גענומען קוקען אין פענ־סטער. דאַרא האָט פאַרוואָרפען דעם קאָפּ אויפ'ן ווענטעל פון דיוואַן. זי האָט פאַרמאַכט די אויגען און איז געזעסען ווי אין חלשות.

זי האָט אָפּגעזיפצט. מיראָן, ניט געבענדיג זיך קיין ריהר, האָט פון דער זייט אַ קוק געטאָן אויף איהר. ער האָט אָפּגעפיהרט די אוי־גען און האָט ווידער אַ קוק געטאָן, און שוין געקוקט זיך ניט אָפּרייסענ־דיג.

דאַרא האָט זיך קיין ריהר ניט געטאָן.

מיראָן האָט פּלוצלינג אַ פּיהר געטאָן מיט'ן קאָפּ, אַט ווי ער וואָלט זיך אויספּלאָנטערען פון עטוואָס, ער האָט זיך האַסטיג אויפ־געהויבען און גענומען אומגעהן איבער'ן צימער.

דאַרא האָט אויף אַן אויגענבליק אויפגעעפענט די אויגען און זיי ווידער פאַרמאַכט, טיעף אָפּזיפצענדיג מיט דער גאַנצער ברוסט. איהר זיפץ איז געווען אַ לאַנגער, אַן אָפּגעריסענער, אַט ווי זי וואָלט גע־שטאַנען אויפ'ן שוועל פון געוויין.

מיראָן האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט גלייך גענומען אומגעהן. דאַן האָט ער זיך ווידער געזעצט צום טיש, ער האָט אַראָפּגעלאָזען די קאָפּ אויף די הענט און איז פאַרשטאַרבען.

עס איז געוואָרען שטיל־שטיל. פון ערגעץ־וואו, ווייט־ווייט האָ־בען זיך דורכגעריסען קלאַנגען פון אַ פּיאַנאָ, אָהער האָבען דערגרייכט בלויז די הויכע טענער, די נידעריגע זענען, זעהט אויס, אָפּגעשטאָר־בען אין וועג.

דאַראַ האָט אָפּגעריסען דעם קאָפּ פון ווענטעל פון דיוואַן, זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיראָנען און האָט שטיל געזאָגט:

— מיראָן!...

— וואָס? — האָט ער ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ טויב גע־ענטפערט.

דאַראַ האָט צוגעלייגט די שפּיץ פינגער צו די שלייפען, זיי גע־האַלטען אַזוי אַ ווײַלע, און דערנאָך איז זי פּלוצלינג אויפגעשטאַנען און איז צוגעגאַנגען צו איהם. זי האָט ניט געוואַגט זיך צוגעריהרט מיט'ן האַנט צו זיין קאָפּ.

— מיראָן...

ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט אויסגעקערעוועט צו איהר דעם פּנים, קוקענדיג אַרויף, אַט ווי ער וואָלט תפילה געטאָן צו איהר און שווייגענדיג געוואַרט.

— איהר... דענקט וועגען מיר... זעהר שלעכט?

זי האָט גערעדט זעהר שטיל, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט געלייענט צווישען די ווערטער, דערביי האָט זי ניט אָפּגעריסען פון איהם די אויגען, אַנקוקענדיג זיך אין זיין פּנים!

— איך?!

ער איז מיט אַמאָל אויפגעשטאַנען און האָט אַ מאָדנעם שמייכעל געטאָן און אויפראַסניי גענומען אומגעהן איבער'ן צימער. און אין אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַלץ מיט דעם זעלבען שמייכעל זיך געזעצט אויף'ן דיוואַן.

דאַראַ האָט זיך לאַנגזאַם אויסגעקערעוועט און איז לאַנגזאַם צו־געגאַנגען צו איהם, געשטאַנען אַביסעל און זיך אַוועקגעזעצט נעבען איהם, ניט אומיסטען אַנריהרענדיג מיט'ן האַנט זיין האַנט. ער האָט אינגאַנצען אויפגעציטערט און געשווינד אָפּגערוקט די האַנט.

— זעצט זיך ווייטער... — האָט ער בייז אַ ברום געטאָן.

דאַראַ האָט זיך שווייגענדיג צוגערוקט נעהענטער, האָט איהם אַריינגעקוקט אין די אויגען און פּלוצלינג אַרומגעכאַפּט זיין קאָפּ און ליידענשאַפטליך, קרעפטיג זי אויסגעקערעוועט צו זיך און מיט פּיין, שיר ניט מיט כעס אַנגעהויבען:

— וואָס־זשע שווייגסטו?! וואָס? ליעבסטו? וואָס־זשע

שוויינסטו? דו האסט דאך מיך אויסגעמאטערט ביז גאר!... איך קען ניט מעהר... איך קען ניט! האסטו ניט ליעב, זאג גלייך! רעד!

זי האט אראפגעלאזען די הענט און מיט פיין פון ערווארטונג גע־קוקט אויף איהם. די באקען האבען איהר געפלאמט, די ברוסט האט זיך אפט און שטורמיש געהויבען.

מיראן איז בלאס געווארען.

— דארא... — האט ער הייזעריג, מיט פחד ארויסגעמורמעלט.

— ניין? — האט זי א געשרעה געטאן.

— גאטוניו!! — האט ער פלוצלינג זיך אנגעכאפט פאר'ן קאפ. דערנאך האט ער מיט משוגע ווילדער פרייד צוגענומען די הענט, און האט א קוק געטאן אויף דארא'ן, זי צוגעדריקט צו זיך, אפגערוקט, און ווידער געקוקט אויף איהר און געדריקט זי צו זיך. זי איז מיט אמאל אפגעשוואכט געווארען, א ווילענלאזע, האט זי שמערצליך געשמייכעלט, זיך אונטערגעבענדיג זיין יעדער באוועגונג. פלוצלינג האט ער זי בליץ־שנעל אפגערוקט פון זיך, זי געשווינד באטראכט פון קאפ ביז די פיס און פארדעקט מיט די הענט דעם פנים.

— וואס איז מיט דיר? — האט זי אומרוהיג, נאר מיט שיינענ־דע אויגען איהם אנגעכאפט פאר די הענט, מיהענדיג זיך זיי אפ־רייסען.

— גארניש, גארנישט... ווארט צו... עס טוט מיר וועה... דער קאפ דרעהט זיך... ביי מיר איז דאס צופיעל... אזוי אונערווארטעט... דו, ווארט... און מיין פנים מוז זיין א נארישער... איך דארף... דו קוק ניט אויף מיר...

ער איז אויפגעשטאנען און איז געשווינד אוועק אין א ווינקעל. ער האט עפעס אנגערירט אויפ'ן געזיכט און האט זיך אומגעקערט. דארא האט אינגאנצען א ליכטיגע, אן אויפגעפלאמטע, מיט האלב פארמאכטע אויגען און א פארווארפענעם קאפ געווארט אויף איהם.

ער האט זיך געזעצט נעבען איהר. פארגעטערענדיג, מיט אנגסט פון ליעבע, האט ער גענומען איהר האנט און געקוקט אויף איהר.

זי האט אין אונמאכט פארמאכט די אויגען.

— מיין דארא... — האט ער לאנגזאם, שטיל מיט פארוואונדע־

רונג ארויסגערעדט, אזוי ווי ער וואלט זיך אליין איינגעהערט און ארייג־
געזאפט אין זיך די מוזיק פון אט די ווערטער.

דארא, האט ניט אויפעפענדיג די אויגן, א שמייכל געטאן.

— מיין דארא... — האט ער נאך שטילער ארויסגערעדט.

די הויכע טענער פון דער פיאנא האבן זיך דערטראגן פון ווייי־
טען ווי זיסע ערינערונגען.

— אומגעהייער אייגענע... ביז וועהטאג געליעבטע מיינע!...
ער איז אנטשוויגען געווארען.

— רעד... — האט אזוי שטיל, אז מען האט קוים געקענט הערען,
ארויסגעמורמעלט דארא.

נאר ער האט שווייגענדיג צוגעטראגען איהר האנט צו די ליפען
און האט זיך שטיל צוגעדריקט צו איהר. דארא האט געעפענט די
אויגען, מיעדע און שיינענדע, געהארכזאמע און שמערצליך גליקליכע.
עס האט זיך געדוכט, אז זיי האבן געבעטען וועגען עפעס.

— איך קען ניט רעדען... וואס איך זאל ניט זאגען, וועט דאס
אלץ זיין ניט דאס...

— שווייג.

ער האט זיך ווידער איינגעגעסען אין איהר האנט. די האנט האט
זיך געצאפעלט, ווי פון עלעקטרישע טאקען, א געהארכזאמע, ווילענ־
לאזע און צארטע.

— דארא...

זי האט זיך נידעריגער איינגעבויגען. אויגען האבן זיך ניט אפ־
געריסען פון אויגען. און אין אן אויגענבליק האט זי זיך אינגאנצען
אנגעצינדען, אויפגעפלאמט, איהם היים ארומגעכאפט און זיך איינ־
געגעסען מיט א קרעכצענדען פייעריגען קוש אין די ליפען און איז
פארשטארבען.

זי האט אפגעריסען זיין קאפ, זיך אפגערוקט, און האט אויך גע־
קוקט מיט פארוואונדערונג, צערטליכקייט און גליקליכער אומפאר־
שטענדניס.

— מיראן? יא?... מיינער? ווי מאדנע... גאטוניו, ווי דו
זעהסט אויס... אזוינעם האב איך דיך נאך קיינמאל ניט געזעהן... דו
קענסט זיין אזא צארטער?

ער איז רויט געווארען און דורכגעפיהרט מיט דער האנט איבער'ן פנים.

— א נארישער פנים... איך פיהל דאס אליין... אבער דאס איז געקומען אזוי אומערווארטעט... און...

— איז דאס טאקע אזוי אומערווארטעט?

— דארא! ווי זשע האב איך געקענט דענקען... נאך... דעם אלעמען?... איך האב געדענקט — א סוף...

— און אזוי וואלסטו אוועקגעפאהרען, וועט ניט הייגט?...

— כ'ווייס ניט... איך וואלט זיך געמאטערט...

— און איך האב געטראכט, אז דו וועסט דאך קומען... — איך האב געווארט... אך, ווי געווארט! גאנצענע טעג פלעג איך ווארטען! א קלינג און איך פארשטארב אינגאנצען. ניטא קיין כוחות זיך אויפ־צוהויבען, מיט'ן גאנצען קערפער הער איך זיך איין צו איז דאס ניט דיין שטים... ניין. שוין עטליכע מאל צוגעגאנגען צו דיין הויז און זיך אומגעקערט... „ניין, דענק איך, כ'וועל ניט געהן. אויב ער ליעבט, וועט ער קומען אדער אנשרייבען"...

— איך האב געשריבען... — האט שולדיג ארייגגעשטעלט מיראן.

— איך האב גארניט באקומען, — האט דארא געזאגט מיט שרעק.

— דערפאר וואס איך האב ניט געשיקט...

— ווי הייסט? וואר־זשע זענען די בריעף?

— אט... — האט ער אנגעוויזען אויף די שטיקלאך, וואס זענען געלעגען אויפ'ן טיש.

— זי איז אויפגעשטאנען און ניט ארויסלאזענדיג זיין האנט, א זוך געטאן מיט די אויגען.

— וואו? איך זעה ניט.

— שטיקלאך... איך האב זיי געריסען...

דארא האט שווייגענדיג א קוק געטאן אויף איהם.

— באלד צוזאמענקלעפען זיי! ער האט געריסען!

— שטיקלאך בלויז פון איינעם...

— פון איינעם? גוט. איך וועל דיר ברייגגען מיינע און דער־פאר וועסטו זיי אויך צוזאמענקליפען. ער האט זיי געריסען!

זי האט זיך געזעצט און פארמאכענדיג די האנט, געדראהט:

— ווארט, ביי מיר האט זיך א היבש ביסעל אנגעקליבען! עס וועט דיר אויסקומען זיך צו צוצאהלען. דו דענקסט, אז איך האב דער־פון ניט געטראכט? אהא! דורך אט די אלע נעכט האב איך דאס געטראכט. אך, מיראן, וויפיעל איך האב וועגען דיר ניט איבערגע־טראכט! ווי שטארק כ'האב דיר ניט געגלויבט! ווי שטארק צומאל געהאסט! דיין קראפט ניט געגלויבט... און צו מאל... א נאהענטער ביזטו מיר... איין אייגענער, אהן א סוף, אהן א ברעג אן אייגענער, אט ווי מיר וואלטען אין איין פאמיליע אויסגעוואקסען... ניט איינ־מאל... ביינאכט... שטעל איך זיך פאר: דו ביזט מיינער, אט זיצטו, און איך געה צו צו דיר און אט אזוי...

זי האט צערטליך־צערטליך דורכגעפיהרט מיט'ן האנט איבער'ן שטערען און איבער די באקען.

— ...כ'גלעט... און דו...

מיראן האט זי פלוצלינג שטארק ארומגענומען און באהאלטען דעם פנים ביי איהר אויפ'ן ברוסט.

— וואס איז מיט דיר, ליעבער?

— גארניט, דו רעד... און איך וועל אזוי... דער פנים איי ביי מיר א נארישער... איך וויל ניט...

— טשודאק! —האט זי צוגעדריקט זיין קאפ.

— מיראן האט זיך לעבעדיג אויפגעהויבען.

— ניין, דו מוזט פארשטעהן: איך שפיר ווי אין מיינע אויגען, פארשטעהסט, אין די אויגען, אט דא... שטעהט ליעבע... אזא הייסע... קיין שום ענליכעס דערצו האב איך נאך קיינמאל ניט איבערגעלעבט... עס איז מיר אפילו אומאנגענעהם, א שאנדע... דאס הייסט איך פיהל זיך ווי עפעס אן אינגעל... פשוט וואונדערליך... איך האב קיינמאל ניט געדענקט... עס ווילט זיך פלוצלונג אזוי נאריש־נאריש זיך צולא־כען, אדער א געשרעה טאן, מיט עפעס א חיה'שען, רעוועגדיגען גע־שרעה. נו, גיב נאר א טראכט!

דארא האט זיך פריידיג און גליקליך צולאכט, געכאפט זיין קאפ און ווידער צוגעדריקט צו איהר הארצען.

— נארישער! מיין נארישער! נארישער געליעבטער און גרוי־

זאמער. יאָ, יאָ, גרויזאַמער. וויפיעל האָסטו מיך געמאַטערט, באַ־לײדיגט... וואָס קוקסטו? ניט אמת, אפשר?

מיראַן האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און געקוקט אויף איהר.

— און נאָך דער עקספּראָפּריאַציע? וואָס האָסטו מיר געזאָגט? „אַן עבירה דער טויזענדער?“ אַך, ווי דאָס האָט מיר וועה געטאָן. דאָס האָט מיר מעהר פון אַלעס וועה געטאָן און באַליידיגט... נאָר גאָר ניט, דו האָסט דאָס אפילו גוט... נאָר גרויזאַם, זעהר גרויזאַם אַרויס־געזאָגט. האָסטו דען געגלויבט, אַז עס טוט מיר באַנג? האָסטו גע־גלויבט? יאָ?

מיראַן האָט אַ קוק געטאָן אין רוים.

— זעהסטו, — האָט ער לאַנגזאַם און אביסעל שולדיג אַרויס־געערעדט, — ווי זאָל איך דיר זאָגען?...

— אפּט פלעגט זיך מיר אויסווייזען, אַז דו ביזט ניט אַזוינע ווי זיי, ביזט זיי אַ פרעמדע און דיר איז שווער און דערווידער זייער לעבען... און צומאָל... וואָס־זשע, טראַכט איך, איהר איז גוט. מען האָט זי ליעב, זי ליעבט און באַרוהיגט זיך דערמיט וואָס זי אַרבייט אין דער פּאַרטיי“... נו, און...

— און דאַן, ווען דו האָסט גערעדט, האָסטו געגלויבט?

— יאָ, דאַן האָב איך געגלויבט. איך האָב דאַן געטראַגען האָס אויף דיר. „זעהסט, דענק איך, זי ווייסט, אַז זי געפעלט מיר, און דערמיט וויל זי זיך באַנוצען און אויסנאַרען... פּאַרטיידיגט איהר גוטס...“

— און וואָס איז דאָס פאַר מיינס?! — האָט זי מיט עקעל אויסגעשריען.

— כ'וויים, דאַרום, — האָט אַ לאַך געטאָן מיראַן, — נאָר דאַן האָב איך אַזוי געדענקט... ד. ה. ניט לאַנג, אַזוי... אביסעלע. דער־נאָך... האָב איך זיך געשעמט...

— אָבער דו האָסט דאָס געטאָן? יאָ?

— איך.

— און דאָס געלט האָסטו אָפּגעגעבען טאַראַסען?

— פון וואַנענט ווייסטו?

— אַך, ווי דאָס איז שווער צו וויסען! עס איז גענוג זיך צו־

צוקוקען צו אט דעם טאראסען... נו, זיכער, האב איך דיר דאן געגלויבט. נאר דערפאר נאך דעם... האב איך קלאר דערזעהן, אז... איך בין געווען... אומגערעכט צו דיר... און פונדעסטוועגען האב איך ניט געוואוסט צי האב איך דיך ליעב אינגאנצען... אדער אפשר בלויז אלס א מאן... ד. ה. פשוט א באדערפעניש... מוזט וויסען, אז איך... בין א מורא׳דיג אומבאשיידענע, ראניא...

— איך וויים דאס...

דארא האט זיך שטארק פארויטעלט און פארלוירען.

— פון וואנענט? — האט זי שטיל ארויסגעמורמעלט.

— אזוי... באאבאכטונגען... — האט ער א שמייכעל געטאן.

— נו, נארישקייטען. פע, נארישער! טראג זיך אפ. „באאבאכטונגען זענען ביי דיר ניטא. ער לאכט. נו, גוט,ווארט נאר!

— ווארט אויך דו... האט שטיל מיט א פארשטיקטען געמורמעל ארויסגערעדט מיראן, קוקענדיג איהר גלייך אין די אויגען.

דארא איז פלוצלינג געווארען אזוי ערענסט, שיר ניט דערשראקען; זי איז בלאס געווארען.

— רוק זיך אפ... — האט זי איהם לייכט אנגעריהרט ביים האנט און האט פארמאכט די אויגען.

— וואס איז מיט דיר? דארום? טייבעלע מיינע!..

— נארניט... דער קאפ האט זיך מיר פארדרעהט... טשעפע מיך ניט... טשעפע ניט!...

מיראן איז אויך בלאס געווארען. ער האט זיך אויפגעהויבען און אן אויפגערעגטער גענומען אומגעהן איבער׳ן צימער.

דארא האט זיך אפגעווארפען אויפ׳ן ווענטעל פון דיוואן, זי האט פארמאכט די אויגען און געפיהרט מיט׳ן האנט איבער׳ן פנים. איהר הויכע ברוסט האט זיך געהויבען שווער, מיט מיה.

— ראניא! — האט זי שטיל א רוף געטאן. מיראן איז גלייך צוגעגאנגען און האט זיך געזעצט נעבען איהר. זי האט איהם ארומגענומען פאר׳ן האלז, זיך צוגעדריקט צו איהם און ארויפגעלייגט זיין קאפ צו זיך אויפ׳ן ברוסט.

— זיץ אזוי... שווייג... עס איז מיר גוט אזוי...

פלוצלינג האט זי אויפגעהויבען זיין פנים, ארייגעקוקט אין איהם און היים געגומען קושען די אויגען, דעם שטערען, די נאז, די וואנצען.

— משוגע וואוילער !... ביז משוגעת געליעבטער !... — ביז וואנ־זין געגארטער !... ריינער, שטארקער, שעהנער מיינער... ניין, ניין, מען דארף ניט... זיי... זיין אזוי...

— דו וועסט אוועקגעהן פון מיר... היינט ? — האט פארשטיקט געפרעגט מיראן.

— ניין, ניין... איך וועל אין ערגעץ ניט אוועקגעהן... איך האב ניט מעהר וואוהין צו געהן, ניטא וואוהין, ליעבער, ניטא וואוהין טרייער מיינער !... מיט דיר... לאמיר בלויז אוועקפאהרען... יא ? פאה־רען מיר, ראניא ?

— יא, יא...

מיראן האט זיך אפגערוקט שווער אטעמענדיג.

— ראניא, מען דארף ניט אזוי... — האט דארא מיט געבעט אהן אן אטעם ארויסגעמורמעלט, אויך איגגאנצען א בלאסע.

— איך קען ניט... עס איז ניט מיין שולד... עס וועט באלד אי־בערגעהן...

און ער האט אזוי שטארק צוזאמענגעדריקט זיינע הענט, אז עס האט זיך אפילו דערהערט א לייכטער קנאק.

— ס׳ארא ווילדער... גאטוניו, ס׳ארא ווילדער ! ניין ! זי איז גלייך אויפגעשטאנען, און איז צוגעגאנגען צום טיש. דא איז זי גע־שטאנען א ווייילע און שטרענג געזאגט :

— נו, מיראן ! גלייך זאלסטו מיר אויפשטעהן און אנעמען אן אנשטענדיגען אויסזעהן ! נשקשה !

ער האט א קוק געטאן אויף איהר און האט שוואך א שמייכעל געטאן.

— נו, נו, נשקשה ! ווייז מיר דיין בילד... שטעה אויף. אליין, איז זי ביט צוגעגאנגען צו איהם און איז נאך געווען בלאס.

— דאס בילד.

ער האט זיך ווי אויפגעכאפט פון שלאף. ער האט דורכגעפיהרט מיט׳ן האנט איבער׳ן שטערען און שטארק אפגעזיפצט.

— יא. איך וויל עס, אם ענדע זעהן.

מיראן האט א קוק געטאן אויף איהר מיט געבעט.

— אז אנדערש מאל, דארום... שפעטער... דערנאך... ביי אן אנ־דער שטימונג... עפעס אזוי... עס טויג אויף צרות... אויף מיין ווארט! אבער איצט, ווילט זיך ניט צופטר'ן... נו, אין א שעה ארום, אדער צוויי...

— וואס איז דאס, אלענפאלס, פאר א טעמא?

— טעמא?... וועסט שוין אליין זעהן... נו, אויב דו ווילסט, איז דאס, דאס לעבען, געבורט פון א מת... נאר, עס לוינט זיך ניט... דער־נאך...

דארא האט זיך צולאכט. זי איז צוגעגאנגען צו איהם און האט איהם צארט און ליעבליך א גלעט געטאן איבער'ן קאפ.

— ס'ארא לעבערליכער... דו ביזט... אזוינעם קען איך דיך נאך ניט... נו, זאל גאט זיין מיט דיר... און פלוצלינג האט זי אראפגענומען איהר האנט פון זיין קאפ, אפגעגאנגען אין א זייט און אנגעכמורעטע זיך אפגעשטעלט ביים טיש מיט'ן פנים צום פענסטער.

מיראן האט מיט פארוואונדערונג א קוק געטאן אויף איהר.

— וואס איז מיט דיר, דארא?

זי האט זיך לאנגזאם אויסגעקערעוועט צו איהם.

— און מאראם? האט זי שטיל געזאגט.

מיראן האט זיך אויך אנגעכמורעט, און צוליעב עפעס צוגעגלעט די האר.

— איך האב דאך אינגאנצען פארגעסען... אזוי ווי עס וואלט גארנישט ניט געוועזן...

— יא־א...

עס האבען זיך שוואך דערטראגען אהער די קלאנגען פון גאס. ביי די שכנים האט אימיצער געלייענט אין דער הויך.

— נו, וואס קען מען טאן? — האט שטארק אפגעזיפצט דארא

— קיין טויטע קען מען ניט העלפען. גיב מיר פאפיר מיט א קאנ־ווערט. וועל איך אנשרייבען סערגעי'ען א בריף.

דער אויסדרוק פון איהר פנים איז געוועזן א גרוויזאמער, א האר־טער.

מיראַן האָט זיך אויפגעהויבען און האָט געוואָלט א זוך טאָן פּאַפּיר, ווי עס האָט זיך דערהערט א קלונג.

— עס מוז זיין מארוסיא... — האָט ער א זאָג געטאָן און איז געגאַנגען עפענען.

און ער האָט זיך ווירקליך אומגעקערט מיט מארוסיא'ן. זי איז געווען אין א גרויסער וואַרימער שאַל. דערזעהענדיג דראַ'ן, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, פלינק אָפּגעוויקעלט די שאַל און באַפרייענדיג דעם פּנים וואָס האָט אויפגעשיינט פון פרייד זיך געלאָזען איהר אַנט־קעגען.

— גוט העלף...

— גוט העלף...

זיי האָבען זיך געדריקט די הענט און ביידע האָבען זיך פאַרלאָרען. דערנאָך האָט דראַ אַרומגענומען מארוסיא'ן און זי א שטאַרקען קוש געטאָן.

— כ'האָב אייך לאַנג ניט געזעהן, — האָט נאָך מעהרער פאַר־לאָרען, געזאָגט מארוסיא.

— איצט וועט איהר מיך שטענדיג זעהן... — האָט א שמייכעל געטאָן דראַ און זיך עטוואָס פאַרוויטעלט.

— זעהר אַנגענעם... דאָס איז גוט... — האָט ליעבליך געענט־פערט מארוסיא.

— אפילו יעדען טאָג... — האָט אַלץ מיט דעם זעלבען שמייכעל צוגעגעבען דראַ.

מארוסיא האָט זיך אויפמערקזאַמער צוגעקוקט, צוערשט צו דראַ־ראַ'ן און דערנאָך צו מיראַנען.

— עס קען ניט זיין?! — האָט זי פּלוצלינג א פּאַטש געטאָן מיט די הענט. — אַט דאָס... טאַקע אויף אן אמת? אוי, איך האָב מורא, אז איך האָב ניט אַזוי פאַרשטאַנען... איך בלייב אינגאַנצען ביי אייך... — האָט איהר אַרויסגעהאָלפען דראַ.

מארוסיא איז מיט אַמאָל געוואָרען שרעקליך ערענסט. ענט־שלאָסען, ניט רעדענדיג קיין וואָרט, איז זי צוגעגאַנגען צו מיראַנען, איהם אַרום גענומען און זיך שטאַרק צוקושט מיט איהם, דערנאָך,

איז זי מיט דעם זעלבען געהויבענעם אויסדרוק פון געזיכט זיך א לאז געטאן צו דארא׳ן און זיך אויך מיט איהר צוקושט.

— אט דאס פארשטעה איך! — האט זי א שאקעל געטאן מיט׳ן קאפ. אט אזוי וואלט מען שוין באדארפט פון לאנג, א ניט...

— אימיצער האט שטיל און ניט געוואגט אנגעקלונגען.

מארוסיא איז אנטשוויגען געווארען, און מיראן איז ארויס עפע־נען.

פאר׳ן טיר איז געשטאנען ווערא. געשטאנען איז זי עפעס אזוי עטוואס אויסגעבויגען פאראויס, אט ווי זי וואלט זיך איינגעקוקט אין עפעס פאר זיך. די אויגען ברייט צועפענט, שרעקליך פינקלענדיגע. וואהנזיניגע. די הענט איהרע זענען געווען אראפגעלאזען איבער׳ן קערפער.

מיראן האט אפילו אפגעטראטען א שפאן צוריק.

זי, ניט רעדענדיג א ווארט, איז לאנגזאם, ניט בייטענדיג די פאזע, אריבערגעגאנגען אין פארצימער און פון דארטען צו מיראנען אין צימער.

זי האט ניט באמערקט ניט דארא׳ן ניט מארוסיא׳ן. זי איז צו־געגאנגען צו א ביינקעל ביים טיש, זיך אנידערגעזעצט און איז פאר־גליווערט געווארען. איהר פנים איז איינגעשרומפען געווארען און די נערוועזע שטראמעלאך זענען ארויסגעטראטען בולטער. נאר זי האט זיי ניט אראפגעטריבען.

דארא און מארוסיא האבען שווייגענדיג, מיט דערשראקענע פרע־גענדיגע אויגען זיך געווענדעט צו דעם ארייגעקומענעם מיראנען. ער האט א דריק געטאן מיט די פלייצעס און איז צוגעגאנגען צו ווערא׳ן.

— נו וואס, ווערא? — וואס מאכט טאראס? ער איז בעסער?

— האט ער הויך געזאגט.

ווערא האט א קוק געטאן אויף מיראנען. זי האט א טראכט געטאן.

— ער איז געשטארבען... — האט זי שטיל געזאגט און איז גלייך אויפגעשטאנען. זי איז צוגעגאנגען צום וואנט און האט זיך אויפמערקזאם צוגעקוקט צו עפעס א צייכנונג.

— דאס איז אן אריגענאל, אדער... א קאפיע? — האט זי זיך פלוצלינג אויסגעדרעהט צו מיראנען.

אלע האבען זיך איבערגעקוקט.

— אן אריגינאל...

— איהר פארמאגט א טאלאנט...

זי איז צוגעגאנגען צו א צווייטער צייכנונג און, נים א קוק טוענ־דיג, זיך אפגעקערעוועט און זיך געלאזען צום ארויסגאנג. אויפ'ן שוועל האט זי זיך אפגעשטעלט און געזאגט:

— דאס, מיינע הערען, איז אפילו לעכערליך צו דענקען, אז דאס האט ער דורך מיר... נאר ווי איהר ווילט... דו געהסט דארא?

דארא האט פלינק א קוק געטאן אויף מיראנען און מארוסיא'ן.

— ניין, איך... וועל נים געהן.

ווערא האט כלומרשט באוואוסטזיניגער א קוק געטאן אויף אלע־מען.

— א־א... — האט זי, אויפהויבענדיג די ברעמען, אט ווי זי וואלט זיך אנשטויסען, אדער נאר וואס באמערקען עפעס, אויסגע־צויגען.

— נו, דאן... — און מאדנע זיך צולאכט. זי איז געשווינד ארויס־געגאנגען.

— פון זינען געריהרט. — האט מיט א דערשראקענעם געמורמעל אויסגעשריען מארוסיא, ווי נאר עס האט זיך פארהאקט הינטער איהר די טיר.

דארא איז געשטאנען מיט דראהענד פארוואלקענטע ברעמען.

מיראן האט זיך אויף שנעל גענומען אנטאן.

— איך וועל איהר נאכגעהן, און וועל זעהן וואוהין זי וועט געהן. מען טאר נים אזוי... זי איז שרעקליך צורודערט. פאפיר איז אויפ'ן טיש, דארא.

און ער איז איילענדיג ארויסגעגאנגען.

דארא האט זיך א פארטראכטע אוועקגעזעצט ביים טיש און איז לאנג געזעסען, נים געבענדיג זיך קיין ריהר. מארוסיא האט זיך מיט עפעס גע'עסק'ט אין קיך.

מיראן האט זיך אומגעקערט.

— זי איז געגאנגען א היים. איך האב זי באגלייט ביז'ן הויז.

דאס האט זי צורודערט. שטעל דעם סאמאוואר, מארוסיא. מען דארף אנצינדען דעם לאמפ. עס איז שוין פינסטער. דו האסט געשריבען?

דארא האט זיך ווי אויפגעכאפט. זי האט טיעף אפגעזיפצט.

— ניין... כ'וועל נאך אנשרייבען. פאסקודנע, שלעכט איז דאס אלעס... נו, וואס... גיב אהער פאפיר.

מיראן האט אנגעצונדען דעם לאמפ, האט איהר געגעבען פאפיר און איז אריין אין קיך צו מארוסיא'ן. דערנאך האט ער זיך אנגעטאן און איז ערגעץ ארויסגעגאנגען. ער האט זיך שנעל אומגעקערט מיט פעקלעך אין די הענט.

דארא איז נאך אלץ געזעסען פאר'ן בריף.

— איך קען ניט שרייבען, — האט זי זיך אויסגעקערעוועט צו מיראנען.

— נו, וואס זאל איך איהם זאגען? אז איך האב דיך ליעב?

— אבער, דאס ווייסט ער... און צוליעב וואס פאר א טייפעל, לאזען וויסען? איך געה אוועק און שוין. ער ווייסט שוין אליין, פאר וואס. און זי האט ענטשלאסען צוריסען דאס אנגעשריבענע. זי האט גענומען א ריינעם בייגעלע פאפיר און אנגעשריבען:

„סערגעי! זיי געזונט! איך געה אוועק. פארוואס ווייסטו אליין. קיין האס, אדער פיינדשאפט צו דיר האב איך ניט. איך וועל דיך אימער דערמאנען מיט א ווארעמער צערטליכקייט פאר א סך גוטעס וואס דו באזיצסט, פאר דעם שלעכטען אין דיר ביזטו ניט שולדיג, באטש... נו, אלענפאלס ביזטו ניט אימשטאנד דאס ענדערען.

זיי געזונט. איך בעט גאר ניט. וועסטו מיך דערמאנען צים שלעכטען; — וועסטו אבער דערמאנען צום גוטען, וועט דיר גופא זיין בעסער. זעהען זיך דארף מען ניט. נאך מיינע זאכען וועל איך צושיקען קאסטיאן. זיי געזונט! דארא.

— מיינע הערען, טעה איז פארטיג, האט פון פארצימער אויסגעשריען מארוסיא.

— באלד! איין צוויי, דריי מי...

מיראן האט ניט באוויזען צו ענדיגען, ווי עס האט זיך ווידער דערהערט א קלונג, נאר אזא שארפער און ווילדער, אז מיראן האט זיך פשוט א יאג געטאן פון צימער. נאך מארוסיא, האט איהם איבער-

געיאגט. אויפעפענענדיג די טיר, איז זי גלייך אפגעטראטען אין א זייט. פאר דעם בלאסען קאליאן. דער מאנטעל אויפגעקנעפעלט, די היטעל פארוקט אויף דער פאטילניצע, אהן און אטעם.

מיראן האט מיט פארוואונדערונג א קוק געטאן אויף איהם.

— דארא... איז... ביי... אייך? — האט ער גראב מיט מיה ארויסגעאטעמט פון זיך, זוכענדיג עפעס מיט די אויגען.

זיין אויסזעהן איז געווען אן אויסערגעוועהנליכער.

— איך בין דא, קאליא... וואס איז דען? — האט זיך אפגערו־פען דארא פון דער שוועל פון מיראן'ס צימער.

— קאליא איז געשווינד צוגעגאנגען צו איהר.

— געהט... צו אונז... סערגעי... רופט... ווערא... האט זיך גע־שאסען...

די ווערטער האבען זיך שטיקלאכווייז ארויסגעריסען פון זיין גארגעל. אויפ'ן שטערן, וועלכער האט געפינקעלט פון טוי, ווי פון שוויים, איז ביי איהם געווען א רויטער פאס פון דער היטעל.

אלע האבען זיך מיט אמאל א בייג געטאן פאראויס.

— וואס רעדט איהר? !—האט דערשראקען אויסגעשריען דארא.

— גאטוניו, האט זיך ארויסגעריסען ביי מארוסיא'ן.

— נאר... וואס... זי איז געקומען און גלייך... זי האט געלאזען א צעטעלע... סערגעי... וויל... איך ווייס... ניט...

צי פון גיכען גאנג, צי פון עפעס אנדערש האט ער ניט געקענט רעדען ער האט זיך געשטיקט, און געפלאנטערט. און פלוצלינג, אויס־קערעווענדיג זיך מיט'ן גאנצען קערפער צו מיראנען האט ער מיט אן אומערווארטעטען האס אויסגעשריען:

— אלץ איבער... אייך, פארפלוכטער! עס זאל אייך זיין... איך האס אייך!... איהר געהט, דארא?

— איך געה. געהט! איך געה שוין.

קאליא האט זיך הארט אויסגעקערעוועט און איז ארויסגעגאנגען, שטארק א קלאפטוענדיג מיט דער טיר.

דארא האט זיך א ווארף געטאן צוריק אין צימער, זי האט זיך אין איילעניש אנגעטאן, און איז געשווינד צוגעגאנגען צו מיראנען.

וועלכער האט שווייגענדיג פארטגעזעצט צו שטעהן, זי האט איהם שטארק ארומגענומען.

— דו וועסט קומען? — האט ער שטיל געפרעגט.

— זיכער! — האט זי הויך און פעסט געענטפערט.

— צום ווידערזעהן מארוסיא...

זי האט געוואלט געהן, נאר, דערמאנענדיג זיך אין עפעס האט זי זיך אומגעקערט, גענומען דעם בריף פון טיש און געזאגט:

— דאס וועט זיין אויפ'ן פלאץ פון א געשפרעך. איך וועל גיך קומען.

מיראן און מארוסיא זענען געבליבען אליין...

מיראן האט זיך שווייגענדיג אוועקגעלייגט אויפ'ן דיוואן און איז געלעגען שטיל אהן באוועגונג. מארוסיא האט זיך אויך אוועקגעזעצט ביים טיש און האט זיך במורנע פארטראכט. א פאר מאל האט זי זי זיך אויפגעהויבען און איז נאך עפעס געגאנגען אין קיך און צו זיך אין צימער, דאן זיך אומגעקערט און זיך ווידער געזעצט.

און פלוצלינג האט זי אומערווארטעט באמערקט:

— זי האט דיך ליעב געהאט?

— מיראן האט זיך א דרעה געטאן און הייזעריג געפרעגט:

— וואס האסטו געזאגט?

— זי האט דיך ליעב געהאט?

— ווער?

— ווערא...

— יא... איך ווייס ניט... ניין.

עס איז פאריבער א שטונדע און א האלב. מיראן איז ניט אויפגעשטאנען. ער האט א פאר מאל פארווירצערט, נאר ער האט קיין ווארט ניט גערעדט. מארוסיא, האט איינגעשפארט געקוקט אויפ'ן לאמפ.

עס האבען זיך געהערט די ווייכע קלעפ פון ווינט אין פענסטער, אט ווי א גרויסע פויגעל מיט זיין ברוסט פון פוד וואלט צוגעפליגען און אפגעפליגען אלע ווייל פון שויב.

— אפשר וועט אויך דארא ניט קומען? — האט פלוצלינג ארויסגערעדט מארוסיא.

מיראַן האָט ניט גלייך געענטפערט.

— זי וועט קומען, — האָט ער קורץ א זאָג געטאָן, אזוי ווי ער וואלט אַניאַגען מאַרוסיא׳ס פראַגע, און אריינגעקוקט דער פראַגע אין פּנים און זי דערקענט.

דאַרא איז אלץ ניט געקומען.

דער ווינט האָט צומאָל געקוויטשעט, ווי א דורכגעפראַרענער הונט הינטער דער טיר. דער לאָמפּ האָט צייטענווייז אונטערגעקנאַקט. אין די ווינקלען, האָבען זיך באַוועגלאַן געדריקט די שאָטענס. דער טרויער פון טויט האָט זיך איינגעהילט אין זיי.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט א קלונג.

אי מיראַן, אי מאַרוסיא זענען מיט אמאָל אויפגעשפרונגען און האָבען זיך א וואַרף געטאָן אין פאַרצימער. דאַרא.

זי איז געשווינד אריין אין צימער. פון איהר האָט זיך געטראָגען א עטוואָס פראָסטיגע לופט, א פרישע מיט פאַרוואָלקענטע ברעמען און וויגענדיגע נאָז־פליגעל, האָט זי אנגעהויבען:

ווערא האָט זיך געשאָסען... — האָט זי קורץ אריינגעוואָרפען אראָפּנעמענדיג די הוט.

— זי איז געשטאָרבען? — האָט טויב געפרעגט מיראַן, צונעמענדיג ביי איהר די הוט פון האַנט.

— אין שלייף.

דאַרא האָט אראָפּגעשלעפּט דעם מאַנטעל און האָט איהם אוועקגעוואָרפען אויפ׳ן דיוואַן.

— זי האָט איבערגעלאָזען א צעטעלע. אומגעפעהר אזוי:

„איך האָב צורוקט די צודעקען און דערזעהן זיך. מיין אייגענע נישטיגקייט, העסליכקייט און אומנוּיטיגקייט. מעהר קען איך זיך ניט ליגען. מיר איז דערווידער צו לעבען, שטאַרב איך“...

עפּעס וועגען ערליכקייט צו זיך, וועגען דיר. נאָר איך האָב פאַרגעסען. כ׳האָב אומיסטען געוואָלט איינגאַנצען אָט דעם פּלאַץ געדענקען, און דאָך פאַרגעסען. דעם גאַנצען וועג זיך ערינערט און...

— מען קלאָגט שטאַרק? — האָט שטיל געפרעגט מאַרוסיא.

— יאָ... דאָס הייסט אלע זענען ערשטוינט. סעמיאָן וואַסילעוויטש׳ן האָט מען געבראַכט צופיהרען א שכר׳ן, נאָר ער האָט זיך גלייך

אויסגעניכטערט. קאטערינא אנדרעיעוונא, איז פון זינען געריהרט און לייגט אויף דיר די תוכחה, מיראן. זי דראהט מיט א מסירה, עפּעס אויפדעקען דראהט זי... עס איז שווער. סערגעי איז געפאלען חלשות... אהן מיר... פע, איך בין מיעד!

זי האט זיך געזעצט און האט פאריכט די האר.

— אויף מיר האבען זיך אלע אנגעווארפען, אויסער סערגעי'ען. נאר דער געשפּרעך איז געווען א קורצער. עס טוט מיר באנג ווערא. נאר אויב דאס איז געווען דער איינציגער אויסוועג... האט זי גוט געטאן. איבריגענס, כ'רעד נארישקייטען... איהר האט זיך קוים דער־ווארט?

— יא־א, — האט טיף אפּגעזיפצט מיראן, ווי ער וואלט זיך נאר וואס אויפכאפּען, און גענומען שווער אומגעהן איבער'ן צימער.

— איך האב גלייך ווי זי איז אריינגעגאנגען, באמערקט אין איהר אט דאס, — האט ארויסגערעדט מארוסיא. אדער זי איז פון זינען געריהרט, אדער זי האט באשלאסען אן ענדע צו מאכען צו איהר לעבען... אין אזא מינוט ווייסט מען אליין ניט וואס מען רעדט צו דיר, וואס דו טוסט... מעגליך, אז זי האט ווירקליך גוט געטאן... זי האט כאטש געקענט, א דאנק אויך דערפאר... איהר וועט טרינקען טעה? — האט זי פארענדיגט הארט און בייז.

— איך וויים ניט... — האט מיעד אהן אויפמערקזאמקייט געענט־פערט דארא.

— פונדעסטוועגען וועל איך דערווארימען דעם סאמאוואר... מארוסיא איז ארויסגעגאנגען.

מיראן איז צוגעגאנגען צו דארא'ן און האט זי שטיל ארומגע־נומען.

— פון טויטע ווערט אונזער לעבען געבוירען, — האט ער ניט הויך געזאגט, און א שמייכעל פון שפּאט געמישט מיט אומעט און טרויער האט זיך באוויזען אין די ווינקלען פון זיינע אויגען און ליפען.

דארא האט א קוק געטאן אויף איהם, זי האט זיך אריינגעטראכט אין זיינע ווערטער און אויך אזוי שטיל און עטוואס פארטראכט געענטפערט:

— ניט מיר האבען זיי צום טויט געבראכט...

און גלייך האט זי זיך א צאפּעל געטאן, זיך אויפגעהויבען, א טרייסעל געטאן מיט'ן קאפּ.

— און אויב, אפילו, מיר... איז וואס?

דאס שטארקע לעבען, און דאס שוואכע געהט אונטער. קיין טויטע קען מען צום לעבען ניט אויפוועקען. ספּעציעל אזוינע מתים טאר מען און מען דארף צום לעבען ניט וועקען... וואס איז דארטען צו רעדען!... אט האב איך געקוקט אויף זיי... און אפילו דער צארן זייערער איז אויך עפּעס א מין... צוקוואטשעטער... מען קען אפילו, קיין ערענסטען מיטלייד ניט האבען מיט זיי, ערענסט... גארניט דאס, וואס ביי טאראס'ן... דארטען איז צרות... און דא... פרעמדע זענען זיי זיך אליין. סערגעי בלויז טוט מיר זעהר באנג... אדער אויך גאר אויף אן אנדער אופן... אך געוואג! מתים זענען מתים! קומט דאס לע־בען ארויס פון מתים?... אלץ איינס — זאל עס קומען פון וואנען עס וויל, אבי זאל עס קומען לעבען! איך וויל לעבען. לעבען, מיראן, אר־בייטען, שאפען און צושטערען. אמת? גענוג. קיין מתים וועלען מיר ניט אויפלעבען. לאמיר העלפען די לעבעדיגע. קוש! קוש אויף צו להכעיס די מתים! קוש שטארק, קוש פייערדיג!

מיראן האט א קוק געטאן אויף איהר און האט זיך אינגאנצען אנגעצונדען מיט פרייד און האט זי שטארק און לייִדענשאפטליך ארומגענומען.

— אבער מיר פאהרען אוועק פון דאנענט וואס גיכער. א? ווי נאר מעגליך גיכער, — האט זי זיך אביסעל אנגעבויגען. — נייע ערטער, נייע מענשען, אלץ נייס. צום טייפעל דאס אלטע! גענוג. ארבייטען און לעבען! און איצט קוש מיך מיין ליבטיגער, קוש ווילד, קוש שטארקער אויף צו להכעיס אלע מתים, אלע טויטע, אויף צו להכעית דעם שימעל, דעם ליגען און דער אלטקייט. קוש!

ע נ ד ע.